אהרן שענקער

# וואָרט און טאַט

ארויסגעגעבן דורך דעם צענטראַל־קאָמיטעט
פון איקוף אין בראַזיל — ריאָ, 1959

די הוצאות פארן ארויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך
זיינען געמאכט געוואָרן פון דער אלמנה חנה
שענקער, קינדער און מחותן זכריה קויפמאן.

# במקום הקדמה

דאָס דאָזיקע בוך זאָל זיין אַ צייכן צו געדענקען און אַ מצבה צו דערמאָנען — לדור דורות — איינעם פון די סאַמע קעמפערישע בויער פון יידישן יישוב אין בראַזיל, איינער פון די סאַמע אומדער־מידלעכסטע שעפער פון יידישן קולטור־לעבן און אויך איינער פון די בעסטע און קאָנסעקווענטסטע־פּאַרטיידיקער פון די פּאָסטולאַטן אויפצוהאלטן און אנטוויקלען די פּראָגרעסיווע יידישע קולטור ביי אונדז אין לאַנד.

דאָס איז אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע ארבעטן — אגב ניט אַלע — וואָס מיר האָבן זיך באַמיט צענויפצוקלויבן און זיי איינאָרדענען לויט זייער כראָנאָלאָגישן סדר און אויף וויפל עס איז מעגלעך גע־ווען, לויט זייער אינהאַלט, וואָס איז שייך דער זשאַנער אין וועלכען די אָדער יענע ארבעט האָט זיך געלאָזט אריינפּאַסן.

פאַרשידנאַרטיק איז געווען דער אופן פון ארויסברענגען גע־דאַנקען ביי א. שענקער; דאָס איז פאַרשטענדלעך צוליב זיין פאַר־צווייגטער ארבעט אין די פאַרשידענע געביטן פון אונדזער געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

אָט איז ער דאָ דער לעקטאָר, דאָרט אַ שליח־ציבור, דאָרט אַ רעדנער און ערגעץ אנדערש־ווו אַ בעל־יועץ.

אַלס מיטארבעטער אין אַ צייטונג דערשיינט ער אַמאָל אַלס קאָרעספּאָנדענט, רעפּאָרטער, זשורנאַליסט, עסייאיסט, פעליעטאָ־ניסט און אַמאָל אויך אַלס בעלעטריסט...

אין אַלע פאַלן איז ער געווען דער אַמאַטאָר, דער איבערגעגע־בענער ליבהאָבער, דערפאַר איז אָבער זיין ערנסטע באַציונג צו אַלע פּראָבלעמען, אַ נאַרמע פון אחריות פון דעם באַוווסטזיניקן פּאָלקס־מענטש, וואָס האָט געוואָלט און געטרוימט צו שאַפן אַ בע־סערע וועלט — דורך קולטור־ארבעט און קאַמף פאַר די קומענדיקע דורות.

דאָס פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע ארבעטן וועט נוצן דעם לייענער, וואָס וועט הורך דעם בוך זיך נענטער באַקענען מיט דעם אקטיוויסט און קעמפער, וועמען אפילו די קעגנער האָבן רעספעקטירט, — סיי צוליב זיין לאָיאלער באַציונג אין קאמף, סיי צוליב זיין ערנסטער און רעספעקטפולער האַלטונג אין אלע זיינע געזעלשאפטלעכע באַציונגען.

די געזאמלטע ארבעטן — וועלן אויך נוצן, אין א געוויסער מאָס, יענע, וואָס וועלן זיך וועלן באַקענען מיט איניקע אספעקטן פון יידישן קולטור-מצב אין בראַזיל פון די לעצטע פערציק-פופציק יאָר.

אין תוך גענומען זיינען א. שענקערס רעדעס (א סך מאָל אימפּראָוויזירטע), צייטונגס-ארטיקלען, פעריעטאָנען, רעפּאָרטאזשן א.ד.ג., ארבעטן וואָס זיינען כמעט א ספּאָנטאנע רעאקציע אויף טאָגטעגלעכע געשעענישן און וואָס גיט זיי דעם כאראקטער פון כראָניק, זיינען זיי דאָך ארבעטן פון א ניט קלענערער ליטעראַרישער ווערט, באזונדערס אין זיינע באהאנדלונגען פון פארשידענע געזעלשאפטלעכע פּראָבלעמען. ווי ער צייכנט זיך אויס אלס פּאָלעמיסט... ווי למשל אין „סאנקציעס“, „מ׳שטיינט געזאָגט. פרייע פרעסע“, „טאקע, אראָפּ מיט דער מאסקע!“... א. אנד.

דער צענטראַל־קאָמיטעט „איקוף“ פון בראַזיל האָט געפונען פאַר נייטיק אריינצונעמען אין דעם דאָזיקן בוך אויך א טייל פון א. שענקערס רעפעראטן, כדי צו באַקענען דעם לייענער אויך מיט דער פאַצעט פון זיין טעמפּעראמענט און כאראקטער.

אין אלגעמיין איז אונדזער ציל מיטן ארויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך א דאָפּלטער:

ראשית: פאַר דעם וואָס וועט וועלן פאָרשן און זיך באַקענען מיטן בראשית פון יידישן ישוב אין ריאָ און אזוי ארום קאָנען געהעריק אָפּשאַצן דעם היינט און וואַרפן א בריק צו דער צוקונפט, — וועט עס זיין א מאטעריאַל פון א געוויסן היסטאָרישן ווערט; שנית: אויפשטעלן א דענקמאָל פאַר אונדזער ווירדיקן בויער פון יידישן קולטור-לעבן אין בראַזיל.

פאַר דערמעגלעכן די אויסגאבע, זאמלונג פון ארבעטן און די הוצאות, ברענגען מיר דעם שענסטן דאנק דער פרוי אנא (הנה) שענקער, קינדער און דעם פריינט און געזעלשאפטלעכן טוער זכריה קויפמאַן.

די רעד. קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון איקוף.

„. . מיר האָבן געשאפן און געבויט. דאָס
איז אונדזער שטאָלץ".

אהרן שענקער



אהרן שענקער — געבוירן אין יעקאטערינאָסלאַוו, רוסלאַנד, אין
1896, געשטאָרבן אין ריאָ דע זשאַניירא, בראַזיל, פעברואַר, 1958.

The Day
THE NATIONAL JEWISH DAILY
Jewish Journal

183 EAST BROADWAY, NEW YORK 2
TELEPHONE ORCHARD 4-3300

B.Z. GOLDBERG
375 Riverside DRIVE
NEW YORK 25, U.S.A.

7 באוו. 1958

ליבער י. לאנדע:

א דאנק פאר דער איינלאדונג זיך צו באטייליקן אין "ווארט און טאט" צום אנדענק פון אהרן שענקער.

"ווארט און טאט" איז זייער אפאסיקער נאמען פאר א זכרון בוך פאר שענקער'ן. ווארים ווערליך איך געדענק אים פון מיין באזוך אין בראזיל, האבן די צוויי ביי אים זיך תמיד געבונדן. ער איז געווען ניט נאר אן אקטיוויסט אין דער קולטור באוועגונג נאר אויך אן אקטיוויסט אין דענקן וועגן דעם זין און אינהאלט פון דער קולטור. איך דערמאן זיך א גאנצן אווענט ווי ער איז אפגעזעסן ביי מיר אין צימער אין האטעל און אויסגעלייגט פאר מיר זיינע געדאנקן וועגן דעם באטייט פון מענדעלי מוכר ספרים ניט נאר פאר דער געשיכטע פון דער אידישער ליטעראטור נאר אויך פאר דעם היינטיקן אידישן לייענער – זיינע באגריפן וועגן די אייביקע ווערטן אין מענדעלי'ס שאפן. איך האב אים געראטן צונויפצונעמען אט די באטראכטונגען אין א רייע ארטיקלען. צי ער האט מיין עצה געפאלגט, ווייס איך ניט.

אין מיין זכרון, פארבלייבט אהרן שענקער ווי איינער פון דער קליינער צאל קולטור טוער וואס מיין פרוי און איך האבן באגעגנט אויף אונדזער רייזע איבער לאטיין אמעריקע, וועלכע האבן געזוכט א וועג צו דער טיפעניש פון אידישן שאפן, צו די ווארצלען פון אונדזער קולטור. איך גלויב אז היינט נאך מער ווי פריער האבן מיר באדארפט אייגזען אז וואס טיפער די ווארצלען פון בוים אלץ גרינער זיינען די בלעטער זייטע און אלץ זאפטיקער זיין פרוכט.

דערלויבט מיר, ביי אט דער געלעגנהייט, אויך אויסצודריקן מיין מיטגעפיל צו דער פרוי און טאכטער פון אהרן שענקער, וואס זיינען תמיד געגאנגען מיט אים, און אים בייגעשטאנען אויף זיין וועג אין לעבן, וואס איז ניט געווען צו גרינג.

מיט די בעסטע גרוסן, אייער

[signature]

פאקסימילע פון דעם בריוו וואָס ב. צ. גאָלדבערג האָט צוגעשיקט דער רעד.-קאָמיסיע ביים איקוף פאר דער אויסגאבע „וואָרט און טאַט" (אונדערע זיינען אָנגעקומען מיט גרויסער פארשפעטיקונג און, ליידער, נישט געקאָנט אריין אין בוך).

# דער פריינט און חבר

**פון אסטראָזשילדאָ פערייראַ — ריאָ.**

עס איז שטענדיק ווייטיקלעך צו שרייבן וועגן אַן אלטן חבר וואָס האָט אונדז, פלוצלינג, פארלאָזט, מיטנעמענדיק מיט זיך אין קבר אריין א טייל פון אונדזער אייגן לעבן, מיטנעמענדיק דאָס וואָס האָט אונדז געבונדן דורך דער זעלבער ארבעט און דורך די זעלבע אספּיראציעס, געבונדן דורך פאראכטונג און איבערגעבנקייט, דורך פריידן און ליידן, איבערגעלעבטע און דורכגעלעבטע איניינעם.

פון דער אנדערע זייט, אָבער, געפינען מיר די טרייסט אין די דערינערונגען וואָס ברענגען אונדז ארויס די סאמע ריינסטע און דערהויבנסטע געפילן, די דערינערונגען פון לאנגע יאָר פון גוטער פריינטשאפט.

באהערשט פון די געפילן פרווו איך ארויסצוברענגען שריפטלעך דעם זכר פון מיין חבר וואָס מיר האבן פארלוירן, בילדער און זייער אָפּשפּיגלונג אויף א צוזאמענלעבן, וואָס דער טויט האָט איבערגעריסן, אבער בשום אופן ניט פארלאָשן אין מיין זכרון.

באקאנט האָב איך זיך מיט שענקערן אין 1917 און באלד האָט אונדז פארבונדן דער זעלבער ליידנשאפטלעכער אינטערעס מיט וועלכן מיר האָבן באגלייט דעם גאנג און די אנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

דער ניי אָנגעקומענער און דער הי־געבוירענער האָבן זיך דערנענטערט, איינפאר־שטאנען און זיך סאָלידאריזירט באגייסטערטע פון די זעלבע אידעאלן פון פרייהייט און א בעסער לעבן פאר אלע מענטשן פון גאָרער וועלט.

מיר פלעגן זוכן און קלויבן אין דער פרעסע די טעלעגראפישע ידיעות, לייענענדיק אין און צווישן די שורות. מיר פלעגן ארויסנעמען פון דעם טעלעגראפישן פלאָנטער די בולטע פּאָזיטיווע סימנים פון וווקס און פּאָרשריט פון דער באוועגונג. און ס'איז נישט איבעריק שווער געווען פאָרויסצוזען, אז די רעוואָלוציע איז געקומען צו צעטרייסלען די וועלט, צעברעכן די יסודות אויף וועלכע עס האלט זיך די סטרוקטור פון דער ביז דאן הערשנדיקער געזעלשאפט.

און דאן האט אין אונדז אָפּגעקלונגען דער 7־טער נאָוועמבער מיט אלע זיינע טענער פון אַ היסטאָרישן און אלוועלטלעכן נצחון.



אהרן שענקער אין יאָר 1926 — דיאָ דע זשאַנייראָ.

אין יענע טעג פון נאָוועמבער און דעצעמבער האָב איך געהאט די געלעגנהייט אָנצושרייבן א סעריע קליינע ארטיקלען פאר דער „מאקסימאליסטישע רעוואָלוציע" (אזוי האָט מען דאן גערופן די געשעעניש) און זיי צוגעשיקט צום דרוקן אין דער פאָרמע פון בריוו, צו די סאמע אָנגעזעענסטע צייטונגען פון ריאָ.

איינע פון די דאָזיקע צייטונגען, „זשאָרנאל דאָ בראזיל", האָט פארעפנטלעכט אלע בריוו וואָס זיינען געווען אונטערגעשריבן מיטן פסעוודאָנים אלעקס פאוועל.

אראָן, וואָס האָט מיך באווירקט איך זאָל די ארטיקלען אָנשרייבן, האָט שפּעטער מיך באאיינפלוסט און דערמוטיקט זיי ארויסגעבן אין א בראָשור, און טאַקע אדאנק זיין ווערטפולער הילף איז די בראָשור דערשינען אין פעברואר 1918, אונטערן טיטל „די רוסישע רעוואָלוציע און די פּרעסע".

שפּעטער מיט עטלעכע יאָר, האָב איך זיך געפונען אין א שווערער סיטואציע, צוליב פּאָליטישע טעמים, און כ'האָב זיך געמוזט אויסבאהאלטן אויף א זיכער פּלאץ. כ'האָב זיך געווענדעט צו אראָנען.

דער חבר און פריינט האָט מיך נישט פארלאָזט: מיך אוועקגעפירט צו זיך אהיים, ניט ווייט פון דער געגנט „ראָשא".

ער איז נאָך געווען א בחור און האָט געוווינט אליין. איך בין דאָרט ביי אים, פארבליבן די נויטיקע צייט און דאָרט געהאט די געלעגנהייט זיך נענטער צו באקענען מיט זיינע מעלות, זיין פיינעם כאראקטער, זיין נאטירלעכע גוטסקייט, זיין שטענדיקע גוטמוטיקייט.

איך דערמאָן די דאָזיקע פאקטן (פון פערזענלעכן כאראקטער) אלס א צוגאָב צו די פארשידנארטיקע שטריכן פון אהרן שענקערס פערזענלעכקייט, מיין ברודערלעכער חבר במשך פון גאנצע פערציק יאָר.

איך מוז צוגעבן אז איך האָב נאָכגעפאָלגט — זייט יאָרן — זיין טעטיקייט וואָס איז נוגע די קולטור־אָרגאניזאציע פון די יידן וואָס האָבן זיך צווישן אונדז באזעצט און שפּעטער פון זייערע קינדער, הי־געבוירענע.

דאָס איז געווען זיין גרויסע ארבעט, דאָס גרעסטע ווערק זיינס. פאר דער דאָזיקער ארבעט האָט שענקער אוועקגעגעבן זיין גאנץ לעבן, זיך מקריב געווען און הויפּט־זעכלעך געזוכט צו פארשענערן און פארבעסערן די קולטור און די פרייהייט פון זיין פאָלק. ענטוזיאזם, איבערגעבנקייט, אָרנטלעכקייט, באשיידנקייט און זיין אומדערמידלעכע קעמפערישקייט — דאָס בעסטע וואָס ער האָט אין זיך פארמאָגט, — האָט ער אָפּגעגעבן פאר דער געזעלשאפט. פון דעם, נאטירלעך, האָט געשטאַמט זיין פירערישע פּאָזיציע און דערפאר האָבן אים אלע ליב געהאט און געאכטעט.

אבער דער ייִדישער ישוב האָט בײַ אים גײַסט אויסגעשעפּט זײַנע מעגלעכקייטן פֿון קעמפֿעריש־קײַט און קאָאָפּעראַציע. זײַענדיק אין בראַזיל פֿון די סאַמע יונגסטע יאָרן אָן, האָט ער זיך דאָ אויף שטענדיק באַזעצט, זיך אײַנגעלעבט און געשאַפֿן זײַן פֿאַמיליע, — בלײַבנדיק שטענדיק אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די בראַזיליאַנער לעבנס־פּראָבלעמען.

דער מענטש פֿון זײַן צײַט, א פּראָגרעסיווער גײַסט, און א דורכגעדרונגענער מיט די סאָציאַלע פּראָבלעמען, איז אהרן שענקער געווען דער מיטאַרבעטער און קעמפֿער פֿאַר די געמיינזאַמע שטרעבונגען פֿון אונדזער פֿאָלק און מיר קאָנען מיט רעכט זאָגן, אַז ער איז געווען א בראַזיליאַנער פּאַטריאָט און איינער פֿון די בעסטע.

# אהרן שענקער

שמעון ראָדעל

נישטאָ שוין מער דער חבר אהרן שענקער . . . נישטאָ שוין מער דער, וואָס איז שטענדיק געווען, ווען מיר זיינען געווען; — וואָס איז געווען אומעטום, ווו מיר זיינען געווען. מיר וועלן שוין מער ניט זען זיין סימפאַטישע פיגור אויף אונדזערע זיצונגען, מיר וועלן שוין נישט הערן מער זיין אָנגענעמע שטים אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען און פייערונגען. ניטאָ שוין מער אהרן שענקער און אונדזער ווייטיק איז גרויס. אונדזער ווייטיק איז גרויס. אונדזער ווייטיק איז גרויס און קומט פון הארצן, ווייל מיט שענקערן איז אַוועק א טייל פון יעדן איינעם פון אונדז, א טייל פון אונדז אַלעמען... טויזנטער און טויזנטער פאַרבראַכטע שעהן און טעג ביי פּאָלקס־אַרבעט, וואָס מיר האָבן אַלע באַטראַכט פאַר הייליק, ווייל זי איז און בלייבט הייליק; הונדערטער וואָכן און חדשים פאַר צילן, וואָס מיר האָבן געזען ווי ענדצילן, ווייל זיי זיינען און בלייבן ענדצילן; צענדליקער יאָרן ביי שווערער, אָנגעשטרענגטער און קרבנות־ פאָדערנדיקער אַרבעט — קרבנות פון געזונט, פון פּרנסה, פון קאַמפאָרט — און פאַר א סך — וואָס זיינען שוין מיט אונדז ניטאָ— קרבנות פון אייגענעם לעבן. אין די אַלע קאַמפן פאַר אונדזערע יוגנט־אידעאַלן, אין די אַלע דערגרייכונגען שוין פון רייפן עלטער, אין דעם פּיאָנערישן צעאַקערן דעם באָדן פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין בראַזיל, אין דעם קלייבן שטרוי, אינעם קנעטן ליים, אינעם טראָגן ציגל צו אַ ציגל, אין אַלע עבודה־פּרך, וואָס עס האָט געפאָדערט דאָס אויפשטעלן א נייעם יידישן פונקט אויף דער יידישער וועלט מאַפּע, איז אהרן שענקער שטענדיק און אומעטום געווען מיט אונדז. ס'האָט געקענט פעלן דער, ס'האָט געקענט צייטווייליק, אָדער ענדגילטיק פעלן א צווייטער, ס'האָט געקענט אַוועקפאָרן, אַוועקפאַלן אָן אַנדערער — דער חבר אהרן שענקער איז שטענדיק געבליבן צוגעשמידט צו זיין אָרט. ער איז געווען אונדזער אדרעס, ווי אַ הויז ווערט עס, און מיר האָבן אים געמאַכט פאַר א טאַטן פונעם הויז. ער איז שטענדיק געווען און געבליבן מיט אונדז. אַצינד, האָבן מיר אים פאַרלוירן און אונדזער טרויער איז גרויס.

אין דעם איבערגאַנג פון לעבן צום טויט, אין אָט דעם רעטזעלהאַפטן פּראָצעס, וו... אַזוי פיל ווערט מיט איין מאָל צעשטערט און הערט אויף צו זיין, אין דער זעלבער צייט וואָס דאָס זיין זעצט פאָר אין דער ווירקלעכקייט — אין אָט דעם איבערגאַנג פון לעבן צום טויט פון א יחיד, אנטשטייען אָפט, און ווערן געבוירן נייע ווערטן.

געוויינלעך, מיטן טויט פון אַ יחיד, הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען א פּראָצעס פון פאַרגעסן. . . די פּערזאָן גייט איבער צו דער קאַטעגאָריע פון אַן עפּיזאָד. דער עפּיזאָד

ווערט וואָס אמאָל בלאסער, ווערט אלץ מער פאַרזונקען און דערטרונקען אין דעם ים פון עפּיזאָדן, פריערדיקע און שפּעטערדיקע, וואָס דאָס לעבן שטעלט צו... דאָס פאַרגעסן האָט זיינע זייער הארטע געזעצן און זייער ווייכע מיטלען אויף זיי דורכצופירן . . .

פאַראַן, אָבער, יחידים — זעלטענער טרעפט מען זיי —ווועמענס גאַנץ־לעבן, אלע זייערע מעשים, שטעלן זיך צו און זיינען אָנוועזנדיק אין דעם וויטיקלעכן איבערגאַנג פון לעבן צום טויט און קאָנצענטרירן זיך אין אַ שאַפונגס־פּראָצעס פון נייע, נויטווענדיקע ווערטן, וואָס באַרייכערן דאָס זיין פון די לעבן־געבליבענע, אַזוי גרויס איז די פאַרבינ־דונג פון די דאָזיקע יחידים מיטן כלל.

אהרן שענקער געהערט צו די דאָזיקע יחידים.

**זיין אָנדענק**

אהרן שענקער לאָזט אונדז איבער דעם ווערט פון זיין אָנדענק. דער אָנדענק פון דעם חבר אהרן שענקער וועט ניט פאַרשווינדן און ניט פאַרגעסן ווערן.

כדי עס זאָל פאַרשווינדן און מען זאָל פאַרגעסן דעם אָנדענק פון דעם חבר אהרן שענקער, וועט מען אַ סך זאַכן דאַרפן צוערשט אויסמעקן און פאַרגעסן.

מען ווערט צוערשט, דאַרפן אויסמעקן פון דער געשיכטע פון דעם יידישן ישוב אין בראַזיל דעם מערקווירדיקן דור פון די יונגע מענער און פרויען, וואָס האָבן איינמאָל זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער, פאַרלאָזן זייערע אלטע היימען אויף די ברעגן פון דער ווייסל און פון דניעסטער, פון דער ווילִיע און פון דעם ניעמאַן, פון דעם בוג פון צפון און דעם בוג פון דרום, דורכגעמאַכט אַ לאַנגן וואַנדערוועג, זיך דערשלאָגן צו די בראַזי־ליאַנער ברעגן און דאָ אויפגעשטעלט זייערע געצעלטן.

געטריבן פון רשעות און פון אומרעכט, האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך דעם פלאַמיקן אידעאַל פון יושר און אויסלייזונג פאַרן מענטשלעכן מין און פאַרן יידישן פאָלק.

דאָס איז געווען אַן אויסגעפּרוּווטע, הערלעכע יוגנט, אַן עליטע פון דער יידישער אָרעמ־קייט און קעמפעריישקייט פון יידישער עקשנות און גלויבן. דער פלאַם פון זייער אידעאַל איז אריין מיט מזל־ברכה אין זייערע הענט און זיי האָבן, ניט זשאַלעוועדיק מי און קרבנות, אויפגעבויט אונדזער ישוב און אים באַהויכט מיט געדאַנק און מיט לעבן. און אַזוי גרויס איז געווען דער פלאַם פון זייער מענטשלעכן אידעאַל, אַז, כאָטש אַ דאַנק ספּעצ־ציפישע עקאָנאָמישע קאָניוקטורן פונעם לאַנד, זיינען זיי שוין ווייט אַוועק פון זייער עקאָ־נאָמישער אָרעמקייט — האָבן זיי זיך ניט אָפּגעזאָגט און זאָגן זיך ניט אָפּ פון זייער אידעאַל. ווייל אָט די שיינע, אויסגעפּרוּווטע יוגנט — איך זע זי טיילווייז דאָ אין זאַל שוין מיט זילבער אויף די שלייפן, מיט שניי־ווייסקייט אויף די קעפּ, מיט עטוואָס גע־ענדערטע שטריכן אויף זייערע געזיכטער — ווייל אָט די יידישע מענער און פרויען האָבן געפילט, און פילן נאָך היינט, ווי פריער, אַז אָפּזאָגן זיך פון זייער אידעאַל, הייסט זיך אָפּזאָגן פון מענטשלעכער ווירדע און אָנשטענדיקייט, און מענטשלעכע אָנשטענדיקייט, ביים היינטיקן טאָג — דאָס איז סאָציאַליזם.

50־טער אניווערסאר פון א. שענקער,
געפייערט אין לאָקאל פון שלום־
עליכם ביבליאָטעק — ריאָ.

ביי דער געלעגנהייט זינגט א ליד דער
חבר י. לעדערמאן לכבוד דעם בעל־שמחה



אהרן שענקער האָט געהערט צו דער דאָזיקער יוגנט. ער איז אַהער געקומען צוזאַמען מיט איר, זיך צונויפגעמישט מיט איר מאַסע, געוואַקסן מיט איר, געטראַכט אירע טראַכ־טונגען, געפילט אירע געפילן מער ווי ווער עס איז, זיך פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט אירע מעשים און אויפטוען ביז זיין לעצטן אָטעמצוג. זיין אָנדענק און זיין ביישפּיל וועט דינען אויף ווייטער דער זעלבער יידישער מאַסע צו דער פאַרזעצונג פון איר אַרבעט, ווייל אָט דער דור פון יידישע וואַנדערער, צו וועלכן אהרן שענקער האָט געהערט — וואָס איז אַהער אַראָפּגעקומען און דאָ אויפגעבויט א פּראָגרעסיוו יידיש לעבן, האָט נאָך זיין אַר־בעט נישט פאַרענדיקט . . .

**אייניקייט**

דער חבר אהרן שענקער האָט געוווּסט, אז בויען איז מעגלעך, נאָר ווען מען איז געאייניקט. ער האָט, דעריבער, די אייניקייט אין אונדזערע רייען געהיט, ווי דאָס שוואַרצ־אַפּל אין אויג.

פאַר דער אייניקייט האָט ער אָפּגעגעבן זיין גאַנצע ענערגיע. ער האָט פאַרשטאַנען, אז אין דער געגענדערטער לאגע פאַר דעם יידישן פאָלקס־מענטש אין בראַזיל, ווו א נייע טאָג־טעגלעכקייט פאָדערט נייע באַדינגונגען, איז נישט שכלדיק צונעמען צווייטראַנגיקע פּרינציפּן אויפן שפּיץ־מעסער און זיי עמיצן ארויפצווינגען. די פּרינציפּן גליטשן זיך געוויינלעך אַרונטער פון דעם שפּיץ־מעסער, פאַלן אראָפּ און ווערן שעדלעכע, צעשטע־רערישע דאָגמעס. און דאָס מעסער אליין ווערט מסוגל צו שניידן און פּערטלען דעם עצם גוף. אהרן שענקער איז ניט געווען קיין דאָגמאַטיקער. ער האָט געפילט, אז דער פּולס פון אונדזער באַוועגונג קלאַפּט פאַר אייניקייט. און ווען אונטערן דרוק פון אויפטריים־לענדיקע געשעענישן און פון א שלעכט־אויסגעטייטשטן נאַציאָנאַלן געפיל, האָט ווער, דאָ אָדער דאָרט, געפּרוווט חלומען וועגן מאַכן שבת באַזונדער, האָט דער חבר אהרן שענקער אָנגעוווענדעט זיין גאַנצן טאַקט, כדי דאָס זאָל ניט געשען, אָן אייניקייט איז ניטאָ קיין. שבת. דער חבר אהרן שענקער, איבער וועמענס האַרץ אַזויפיל ווייטיק און עגמת־נפשן זיינען דורכגעפלאָסן, האָט געהאַט די זכיה ניט מיטצונעמען מיט זיך דער צער און טרויער, וואָס דאָס בילד פון א שפּאַלטונג אין אונדזער קאָלעקטיוו וואָלט אים פאַרשאַפט. אהרן שענקערס זאָרג און טאַקט פאַר אייניקייט ווערט פאַר אונדז א ירושה־זאַך, וואָס מיר וועלן וויסן ווי אָפּצוהיטן און אָנווענדן.

**זיין גלויבן**

א סך פרייד האָט דער חבר אהרן שענקער דערלעבט — ער האָט געזען, ווי מען האָט געבראָכן און צעבראָכן דעם פּאַשיזם. ער האָט זוכה געווען צו זען דאָס אויפשטיין פון דער יידישער מלוכה און די ערשטע צען יאָר פון איר עקזיסטענץ. ער האָט אויך געזען ווי די געזעלשאַפטלעכע מי פון צענדליקער יאָרן פון א קאָלעקטיוו גיט פּרוכטן: אייגענע שולן, צענטערס, קולטור־הייזער, ביבליאָטעקן, קינדער־קאָלאָניע, כאָרן, דראַמקרייזן איבערן גאַנצן ישוב אין בראַזיל.

אבער פיל לײדן און יסורים זײנען אים צוגעפאַלן. הױפּטזאַכלעך, אין די לעצטע יאָרן. די איבערדערקינגען אין ראַטנפאַרבאַנד און דאָס אָפּגעטױענע צו דער יידישער־קולטור, אידע שאַפער און טרעגער — האָבן אונדז אַלעמען שװער געטראָפן. מיר האָבן עס געפילט, װי אַן ערד־ציטערניש אונטער די פיס.

געװען אײניקע, װאָס האָבן די ערד־ציטערניש ניט באַמערקט און ניט געפילט. אפּנדאַי זײנען זײ בעת מעשה געװען מיט די פיס אויף דעם הימל. אָבער די אַלע, װאָס זײנען, װי דער חבר אַהרן שענקער, געשטאַנען מיט די פיס אויף דער ערד, האָבן גוט געפילט װי זי ציטערט.

אַהרן שענקער האָט ניט באַהאַלטן זײן װײ און זײן פּײן. ער האָט זײ מערערע מאָל, און עפנטלעך אויסגעשריען. אָבער דעם גלױבן אין דער זאַך פון דער מענטשהײט האָט ער ניט פאַרלױרן. ניט װײל די ערד האָט געציטערט, הערט זי אויף צו זײן די ערד, די איבערגעשטאַלטונג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט צו אַ העכערער מדרגה קומט פאָר. צי עמעצן געפעלט עס אָדער ניט, מיט דער אומאָפּרופלעכער קראַפט פון אַ נאַטורגעזעץ. קײנע שטרױכלונגען, קײנע עװלות, קײנע שעדיקונגען, פון װאַנען זײ זאָלן נישט קומען, קאָנען זי ניט אָפּשטעלן. דער חבר אַהרן שענקער האָט געװוסט, אַז די געשיכטע האָט אויסגעקליבן דעם אַרבעטער־אַװאַנגאַרד דורכצופירן די דאָזיקע איבערגעשטאַלטונג. ער האָט קײן שפּור אין דעם ברונעם, פון װעלכן מיר האָבן אַלע געטרונקען, ניט געװאָרפן און ער האָט נישט געװאָרפן קײן שטײנער אינעם ברונעם. ער האָט געװוסט, װאָס עס קאָסט אַרויסנעמען אַ שטײן פון אַ ברונעם.

דער חבר אַהרן שענקער איז געבליבן געטרײ דעם אידעאַל פון זײן לעבן, דער פילאָזאָפיע פון דער מענטשלעכער אַנטװיקלונג און די מאָראַלישע װערטן, װאָס קומען טיף פון אונדזער נשמה, און קריגן אַנשפּאַר אין אָט דעם אידעאַל, אין אָט דער פילאָזאָפיע...

## יידישע קולטור

דער חבר אַהרן שענקער האָט געהאַט זײן אָנהײב אין דער רוסיש־יידישער אינטעליגענץ.

טיפע שטראָמען האָבן געטראָגן די יידישע אינטעליגענץ פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, אין דער ריכטונג פון דער רוסישער קולטור. פון אײן זײט די אָרעמקײט און פּערספּעקטיװלאָזיקײט פון דער יידישער סביבה. פון דער צװײטער זײט די מעכטיקע צוציונגס־קראַפט פון די גײסטער פון דער רוסישער קולטור און רעװאָלוציע. אָבער ערגעץ־װי אין די טיפעניש האָבן זיך אָט די שטראָמען אָן עפּעס־װאָס אָנגעשלאָגן, זיך פאַרקערעװעט אויף צוריק און געבראַכט צוריק צום יידישן מקור דעם יידישן אינטעליגענט אפשר האָט עס דער קאָמפּאַראַטיװער מעטאָד, װאָס זײ האָבן זיך אויסגעלערנט, אין קאָנטאַקט מיט דער רוסישער קולטור, זײ געצװוּנגען צו דערזען אין אַ נײעם שײן די װערטן פון דער יידישער קולטור, אפשר האָבן זײ גערופן צוריק די יידישע מאַסן, עלנטע און

פארוואָרלאָזטע. דער יידישער אינטעליגענט איז געקומען צוריק און מיר האָבן די וווג־דערבארע ביישפילן פון וולאדימיר מעדעם, פון שמעון פרוג, פון דוד עדעלשטאט און הונדערטער אנדערע באקאנטע און אומבאקאנטע, פון דעם אינזשעניער משה שרייבער, — איך דערמאָן דאָ מיט פיעטעט און בענקשאפט דעם נאָמען פון מיין לערער און דירעק־טאָר — אָט דעם געוועזענעם אָפיצער פון דער צארישער ארמיי, וואָס האָט זיך מיט ליבע און אייפער אויסגעלערנט א ריינעם יידיש, געוואָרן דירעקטאָר פון דעם יידישן טעכני־קום אין ווילנע, דערצויגן דורות פון יידישע טעכניקער און אינזשעניערן און איז פאר־ברענט געוואָרן על קידוש השם, אויף די שייטערהויפנס פון קלאָאָגע.

אהרן שענקער האָט, אין א געוויסער מאָס, זיך געטראָגן אויף די דאָזיקע שטראָמען, זיך דערנענטערט צו דער יידישער קולטור, זי ליב באַקומען פונעם גאַנצן הארצן, אירע קלאַסיקער, דעם יידישן פאָלקלאָר, די יידישע פאָלקס־חכמה. ער האָט געוווּסט, אז פיל עוולות זיינען אָפגעטאָן געוואָרן צו דער יידישער קולטור, אָבער, די גרעסטע עוולה איז, ווען מיר זיצן מיט פארלייגטע הענט און טוען ניט פאר איר. ער האָט געגלויבט אין דער רעהאביליטאציע פון דער יידישער קולטור, אין א נייעם אויפבלי פאר איר. אָבער רעהאַ־ביליטאַציע הייסט, קודם כל, אז מיר זאָלן דאָ אויפן אָרט זי רעהאַביליטירן און טאָן פאר איר דאָס, וואָס איר קומט מיר זאָלן טאָן.

דער חבר אהרן שענקער האָט געחלומט מיט ווּקס פון דער יידישער קולטור אין בראזיל. אין דער רעאַליזירונג פון אָט דעם ווּנטש וועט לעבן דער אָנדענק פון אונדזער חבר, אהרן שענקער.

# חבר אהרן שענקער

**שייע אייזענבערג**

עס איז זייער שווער שלום צו מאכן מיטן געדאנק, אז דער ליבער, הארציקער חבר און גוטער פריינט, דער פאַרדינסטפולער קולטור־געזעלשאַפטלעכער טוער אהרן שענקער, געפינט זיך מער נישט צווישן די לעבעדיקע. ס'ציטערן ממש די הענט ביים ארויסברענגען אָט די דאזיקע שרעקלעכע ווערטער, בפרט נאָך, ווען עס האנדלט זיך וועגן א מענטש, מיט וועלכן מ'איז געווען אזוי נאָענט פערזענלעך פארבונדן און געשפאַנט צוזאמען איבער צוויי צענדליק יאָרן איבער די זעלבע געזעלשאַפטלעכע וועגן. אָבער צו אונדזער גרויסן באדויערן איז עס דער טרויעריקער אמת, ווי ווייטיקלעך דאָס זאָל נישט זיין פאר זיין משפחה און פאר די פילצאָליקע חברים און פריינט. נישטאָ מער אהרן שענקער.

אהרן שענקער שטאמט פון יעקאַטערינאָסלאַוו אין אוקראַינע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1896 ביי נישט קיין פארמעגלעכע עלטערן. ער האָט באקומען א גוטע יידישע דערציונג און גלייכצייטיק געלערנט אין דער רוסישער פאָלקס־שול און גימנאַזיע. נאכן פארענדיקן די גימנאַזיע ווערט ער אן אָנגעשטעלטער אין א צוקער־זאַוואָד. אין דער צייט האָט ער א סך געלייענט, זיך באקענט מיט דער רוסישער ליטע־ראַטור און זייער גוט באהערשט די רוסישע שפּראַך. נאָך זייענדיק גאָר יונג ווערט ער שוין א מיטאַרבעטער אין דער רוסישער פרעסע און אין פאַרשידענע פּעריאָדישע אויס־גאבן פון יענער צייט. ער האָט גלייכצייטיק זיך פאַרטיפט אין יידישן וויסן און זיך באקענט מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. פארן אויסברוך פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1913, וואַנדערט ער אויס קיין אַרגענטינע, ווו ער איז געווען באשעפטיקט ביי פאַרשידענע שווערע אַרבעטן, איינשליסלעך אויף די פעלדער אין די יידישע קאָלאָניעס. אין יאָר 1916 קומט אהרן שענקער קיין בראַזיל און הייבט דאָ אָן א נייַ לעבן. שוין האָבנדיק א געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג, ווערט ער איינער פון די בויער פון יידישן ישוב אין בראַזיל. ער איז דאָ דער גרינדער און אקטיווער מיטבויער פון צענדליקער יידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס. ווי א קינד פון די אָרעמע שיכטן פון יידישן פאָלק, האָט עס אים געצויגן צו די יידישע פאָלקס־מאסן, און וועמענס רשות ער האָט געשטעלט זיין גאַנץ וויסן און ענערגיע, און מיט אלע זיינע כוחות געדינט ביזן לעצטן אָטעם־צוג פון זיין לעבן.

מיט זיין נאָמען איז פארבונדן אלץ, וואָס האָט צו טון מיטן וווקס און אנטוויק־לונג פון אונדזער פאָלקס־ישוב אין בראַזיל. עס איז נישטאָ קיין איין יידישע פאָלקס־אינסטיטוציע איבערן לאַנד, צו וועלכער אהרן שענקער זאָל נישט האָבן צוגעלייגט זיין מי, שוויים און ארבעט, און ווי אן אויסדרוק פון ליבשאפט און אָנערקענונג האָבן איינִיקע אינסטיטוציעס אים צוגעטיילט דעם טיטל פון ערן־מיטגליד.

זיין באזוך אין א שטאָט איז שטענדיק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א יום־טוב. ער האָט מיט זיין וואָגיק אויפמונטערנדיק וואָרט אומעטום פיל מיטגעהאָלפן צו פארשטאַרקן די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

באזונדערס אין ריאָ, האָט ער מיט זיין איניציאַטיוו און ענערגיע פיל מיטגעווירקט אויף צו קויפן די נייע געביידעס פאַר די פּראָגרעסיווע יידישע אינסטיטוציעס. ווען מ׳וועט בלעטערן די געשיכטע פון דער „שלום־עליכם״־ביבליאָטעק, שול ־ און גימנאַזיע „שלום־עליכם״, פאָלקס־אינסטיטוט פאַר קולטור און דערציונג און אנדערע קולטור־געזעלשאַפ־לעכע אינסטיטוציעס פון ריאָ, וועט מען זיכער טרעפן דעם נאָמען פון אהרן שענקער אין סאמע אויבנאָן. מיט זיין אָרנטלעכקייט אין איבערגעגעבנקייט פאַר געזעלשאַפט. האָט ער זיך דערוואָרבן א רעספּעקטפולע פּאזיציע אין ישוב; נישט בלויז פריינט, נאָר אפילו קעגנער האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט רעספּעקט און אכטונג.

אהרן שענקער איז אין משך פון צענדליקער יאָרן געווען דער העכסטער אויס־דרוק פון דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־געזעלשאַפטלעכקייט איבערן לאַנד. אָנער־קענט פון אלעמען, האָט ער מיט זיין גרויסער לאַנגיעריקער דערפאַרונג, גוטע מענטשלעכע אייגנשאפטן, קלוגשאפט און שנעלער אָריענטאציע שטענדיק, אפילו אין די שווערסטע צייטן, געפונען די וועגן און מיטלען ווי אזוי אָנצופירן מיט דער איקוף־אַרבעט,וועמענס פּאָרזיצער ער איז געווען פון דעם ערשטן טאָג פון זיין גרינדונג. ווי א גוטער און טאלאנט־פולער רעדנער האָט ער שטענדיק מיט זיין אינהאלטסרייכן וואָרט באגייסטערט די יידישע מאסן. זיינע רעפעראטן האָבן שטענדיק געצויגן א גרויסן עולם און אריינגעבראַכט פיל יום־טובדיקייט, דערהויבנקייט און ענטוזיאזם.

אהרן שענקער האָט טיף ליב געהאט דאָס יידישע פאָלק, זיין שפּראַך און קולטור, און דערפאַר ערנסט שטודירט אלע יידישע קולטור־פּראָבלעמען. ער האָט זיך געפרייט מיט אלע יידישע קולטור־דערגרייכונגען און שטארק ווייטיקלעך איבערגעלעבט די לעצטע געשעענישן מיט דער יידישער קולטור אין ראטנפארבאנד. בכלל איז אהרן שענקער געווען א זעלטענע פערזענלעכקייט, וואָס האָט פארמאָגט אן איידעלן מענטשלעכן כאַ־ראקטער, און וועמענס גוטע באציונג צו חברים האָבן אים דערהויבן אין די אויגן פון אלע זיינע פריינט און אים באַליבט געמאכט ווי א קולטור־מענטש פון א העכערער מדרגה. זיין פּריוואַטע וווינונג איז שטענדיק געווען א קולטור־אדרעס. ערב א צו־זאמענפאָר פון איקוף, איז דער ערשטער צוזאמענטרעף פאָרגעקומען ביי שענקערן

אין שטאָב. אין זיין גאַסטפריינטלעכער וווינונג זיינען חבריש אויפגענומען געוואָרן די אָנגעזעענע קולטור־טוערס: ב. צ. גאָלדבערג און פרוי, דיכטער ש. וואסערמאַן, פסח נאָוויק, הרב אברהם ביק, און אנדערע. אין זיין שטוב זיינען פייערלעך, אויף אַ געזעלשאַפט־לעכן אופן, אפגעמערקט געוואָרן די אניווערסאר־דאַטעס פון זיינע נאָענטע און טרייע חברים און פריינט, ווי חיים טישלער, יעקב לעדערמאַן, מאקס פרייבלאט, אייזיק יעפּיצקי, זאקאריאַזש קויפמאַן א. א. די אַלע אויפנאַמעס און פייערונגען זיינען שטענ־דיק פארוואַנדלט געוואָרן אין הערלעכע קולטור־אַקטן.

אהרן שענקער האָט נישט געלעבט בלויז מיט זיך, נאָר מיט זיינע חברים, מיט דער געזעלשאַפט און מיט זיין פאַמיליע. מיט זיין טויט איז אַוועק פון דער וועלט אַ גייסטרייכע, פּילזייטיקע, קאָלירפולע, קולטור־שעפערישע פערזענלעכקייט, אַ גוטער מאַן און פאָטער, אַ האַרציקער מענטש און אַן איבערגעגעבענער חבר און פריינט, וואָס האָט זיך געווידמעט מיט אַלע זיינע כוחות דער געזעלשאַפט. עס איז באמת זייער שווער שלום צו מאַכן מיט געדאַנק, אַז דער גייסטיק יונגער מענטש, וואָס איז מיט זיין אַקטיוויטעט געווען אַ ביישפּיל און אַ סטימול פאַר אַנדערע חברים, איז אַזוי פּריצייטיק אַרויס־געריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען און געפינט זיך מער נישט צווישן די לעבעדיקע. גם איז אָבער דער טרויעריקער אמת. אונדזער איינציקע טרייסט איז: ווייטער אָנגיין און פאַרזעצן די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, פאַר וועלכער דער חבר שענקער האָט געווידמעט איבער פערציק יאָר פון זיין אַקטיוו־שעפערישן לעבן.

# די הערלעכע פּערזענלעכקייט אין אונדזער ישוב - אהרן שענקער

ל. פאַרבער

פֿאַר מיר, וואָס כ׳בין געווען אין כסדרדיקן חבֿרישן קאָנטאַקט מיט אהרן שענקער, איז זייער שווער צוצוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דערדאָזיקער חבֿר איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, אַז מיר וועלן מער נישט הערן זיין באַלערנדיק וואָרט, זיין קלוגן געדאַנק און זיינע אויסגעצייכנטע עצות אין די שווערע מאָמענטן פֿון אונדזער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט.

אָבער ניט בלויז איך בין אין דער וויטיקלעכער לאַגע. צענדליקער און הונדערטער יידישע פֿאָלקס־מענטשן אין בראַזיל וועלן שווערלעך פֿאַרגעסן דעם פּלאַמיקן און איבער־צייגנדיקן לעקטאָר אהרן שענקער.

דעם דריטן טאָג פֿון מיין זיין אין בראַזיל האָט מען מיר שוין מיט ענטוזיאַזם גע־רעדט וועגן דעם טרייען און איבערגעגעבענעם געזעלשאַפֿטלעכן טוער אהרן שענקער.

געווען איז דאָס דער אימפּעטפֿולער און ליידנשאַפֿטלעכער חבֿר וואָפּקע. מיר האָבן זיך געטראָפֿן אין א רעסטאָראַציע אויף וויסקאָנדע דע איטאַונא. איך האָב אים דער־ציילט פֿון אונדזערע געמיינזאַמע באַקאַנטע אין וואַרשע, און ער האָט מיר אָנגעהויבן צו שילדערן די געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט אין ריאָ. די ערשטע פּערזאָן, וועלכע ער האָט אַרויסגערוקט אין אויבנאָן, איז געווען אונדזער אומפֿאַרגעסלעכער חבֿר שענקער.

מיט יאָרן שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן איניקע יידישע ישובֿים אויף דער בראַזיליאַנער פּראָווינץ. ווו איך בין געקומען: אין סאַן פּאולאָ, בעלאָ האָריזאָנטע, סאַנטאָס, פּאָרטאָ אַלעגרע, רעסיפֿע און באַהיאַ, האָב איך געטראָפֿן פֿאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן גערעדט מיט התלהבֿות וועגן חבֿר שענקער. ביי פֿיל פֿון זיי איז ער געווען ממש א לעגענדאַרע פּערזענלעכקייט. מענטשן אין די ישובֿים געדענקען זיינע פֿייערדיקע רעדעס אין 1928 לטובֿת די יידישע איבערוואַנדערער קיין ביראָ־בידזשאַן, ווו עס האָט זיך געשאַפֿן א יידישע אויטאָנאָמע געגנט מיט דער אויסזיכט צו שאַפֿן דאָרט א יידישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק. עס ליגן זיי נאָך אין טעם זיינע פּרעכטיקע רעפֿעראַטן איבער

די יידישע קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם, ווי איבער די אָנפאנגער פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור: עדעלשטאט, ווינטשעווסקי, באָווישאָווער, ראָזענפעלד, און איבער די שפּעטערדיקע יידישע שרייבער: בערגעלסאָן, אש א. אנד.

די לעצטע 10 יאָר האָט אהרן שענקער געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע דער בויונג פון „איקוף" און דער אַנטוויקלונג פון די אין אים אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס. ביי דער אַרבעט האָט ער באַזוכט פיל שטעט, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט זיינע פאַרערער, מיט מענטשן וואָס האָבן אים כמעט ווי פאַרגעטערט. דער באַוווסטזיין פון דער גרויסער ליבע, מיט וועלכער פּשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן רינגלען אים ארום, האָט אים געגעבן כוח איבערצוטראָגן ניט איין ביטערע שעה, וואָס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פאַרשאַפט ניט איין מאָל דעם טרייען און אויפריכטיקן טוער. באַזונדערס האָבן אזעלכע שעהן ניט געפעלט אין די לעצטע יאָרן, ווען צוזאַמען מיט די גרויסע דערגרייכונגען, האָבן זיך אין יידישן פאָלקס־לעבן אָנגעזאמלט ניט ווייניק שוועריקייטן און געפאַרן.

40 יאָר האָט אהרן שענקער מסירת־נפשדיק געאַרבעט לטובת דעם אויפשטייג און דער העכערונג פונעם קולטור־ניוואָ פון אונדזער ישוב. פיל אינסטיטוציעס האָבן צו פאַרדאנקען זייער אַנטשטייונג און זייער עקזיסטענץ זיין אויפמונטערדיקן וואָרט, זיין ווייטן בליק, זיין שאַרפער אָריענטאַציע. עס איז דעריבער ניט קיין וווּנדער, וואָס די ליבע און דרך־ארץ, וואָס אהרן שענקער האָט זיך פאַרשאַפט אין די ערשטע יאָרן פון זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, איז אין לויף פון דער צייט ניט פאַרמינערט געוואָרן נאָר געוואַקסן. אהרן שענקער פאַרבלייבט אין אונדזער ישוב די ליכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס וועט לאַנגע יאָרן לייכטן אין שיינען, וועקן און רופן יידישע פאָלקס־מענטשן, זיינע פאַרערער, צום קאַמף פאַר אַ שענער און בעסער לעבן, פאַר א רייכערער יידישער קולטור און פאַר א וועלט פון יושר און דערהויבענער מענטשלעכקייט.

זאָל דאָס זיין א טרייסט פאַר זיין פאַריתומטער פאמיליע.

זאָל דאָס זיין אַ מעכטיקער רוף צו פאַרשטאַרקטער אַרבעט פאַר אונדז אַלע, איקופער, וועמענס אומפאַרגעסלעכער פאָרזיצער ער איז געווען פונעם ערשטן טאָג פון דער אנטשטייונג פון „איקוף" ביז דעם לעצטן אָטעם־צוג פון זיין לעבן.



אויפן קוראָרט קאמבוקירא, אין מערץ, 1950

# צו די שלושים

**רעדע פון מאיר גלאזמאן אויף דער אזכרה צו די שלושים פון א. שענקער אין סאַלאָן פון א. בע. אי. דעם 10־טן מערץ 1958**

מיט א פאָר מאָנאטן צוריק, בייזייענדיק דעם טרויער־אָוונט נאָך שמעון ווייזשבא ע״ה, אָפּגעבנדיק אים זיין לעצטן כבוד, האָט דאָן אהרן שענקער מיט א געבראָכענער שטים געזאָגט: „א דעמב איז אויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען. א זעלטענעם פאָלקס־מענטש האָט מען פארלוירן״.

צוזאמען מיט א. שענקער האָבן מיר באוויינט די אבידה. און אומגעריכט האָט דער אכזריותדיקער טויט אויך שענקערן אוועקגענומען פון אונדז. עס האָט זיך אויסגעלאָשן דער פלאַם, וואָס האָט אָנגעצונדן הערצער.

דער פלאקער, וואָס האָט געוואַרעמט און געמוטיקט אין גוטע צייטן און אין שלעכטע צייטן איז ניטאָ מער.

ניטאָ שוין מער צווישן אונדז דער חבר, דער פריינט און איבערגעגעבענער געזעל־שאַפטלעכער קולטור־טוער. א. שענקער ז״ל. עס גייט אוועק א דור, וואָס האָט מיט זיך פאַר־קערפּערט יידישע טראדיציע אין פּראָגרעסיוון גייסט.

א. שענקער איז דאָך געווען פון די ערשטע אין יידיש־בראזיליאנער ישוב, וואָס האָבן גערופן, געפאָדערט, געקעמפט פאַר אלץ, וואָס איז שיין, פאַר אלץ וואָס איז ריין.

גרעסער ווערט ארום אונדז די ליידיקייט מיט שרעקנדיקע שאָטנס. מיטן טויט פון א. שענקער, איז פאריתומט געוואָרן די איקוף־משפחה אין בראַזיל.

נאָך איינער פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן אקטיוו מיטגעהאָלפן געשטאַלטיקן דעם ניי־אויפגעקומענעם ישוב אין בראַזיל, איז אוועק אין דער אייביקייט.

נאָך א פּריש בערגל ערד האָט זיך אויפגעהויבן דאָרט אויפן יידישן בית־הקברות פון ווילא ־ ראַזאַלי. ניטאָ שוין צווישן אונדז דער פּיאָנער און לאַנגיעריקער בויער פון דעם פּראָגרעסיוון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין בראַזיל. עס פעלט דער חבר און פריינט, וואָס מיט זיין איבערגעגעבנקייט פאַר דער געזעלשאַפט, האָט ער זיך דערוואָרבן א בכבודיקן נאָמען אין ישוב.

אריבער 4 צענדליק יאָר האָט דער פאַרשטאָרבענער א.שענקער ע"ה. געלעבט אין בראזיל, געווידמעט זיין פרייע צייט דער פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־געזעלשאפט, ניט בלויז אין ריאָ, נאָר איבערן גאנצן לאנד. ער איז געווען אקטיוו אין כמעט אלע אונדזערע אינסטיטוציעס, ביז עס איז געקומען דער אכזריותדיקער קלאַפּ, די דערשיטערנדיקע ידיעה, אז א. שענקער איז טויט.

א גרויסע און שווערע אבידה איז פאַר דער יידישער געזעלשאפט, פאַר אלע זיינע פריינט, חברים און משפחה דער אומגעריכטער טויט פון א. שענקער ע"ה. אזוי לעשט זיך אויס ביי אונדז דער דור, וואָס האָט געוואָלט זען א וועלט פון כולו טוב און כולו שבת און מיר קענען ניט — ביי אונדזער בעסטן ווילן, — עפּעס העלפן. מיר קאָנען ניט: ניט אָפּשרייען, ניט אָפּבעטן. ווען דער אומבּרחמנותדיקער מלאך המות קומט און נעמט צו א נאָענטן און ליבן חבר און פריינט, בויגן מיר די קעפּ, און מיט א פארמאכט מויל מוזן מיר אויפנעמען דאָס, וואָס דער שיקזאַל טראָגט אונדז אונטער.

אַט געבטן דוכט זיך איז ער, א. שענקער, געווען צווישן אונדז, דיסקוטירט פאַר־שידענע פּראָבלעמען, דיסקוטירט ווי אזוי אויפצונעמען די לעצטע געשעענישן אין איינ־קלאַנג מיט די פּראָגרעסיווע טראַכטונגען און אידייען פארן נוצן און וווילזיין פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, ווען א. שענקער האָט געשעצט און געליבט. ביי אָט דער היינ־טיקער גרויסער פאַרזאמלונג איז ניטאָ אונדזער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט „איקוף", מיר האָבן זיך בלויז צונויפגעזאמלט אלע פריינט זיינע, נאָענסטע חברים און משפחה, בכדי אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד.

30 טעג, שלושים, און ווי עס איז דער שטייגער און טראַדיציע ביי יידן זיינען מיר אַלע געקומען אָפּגעבן כבוד דעם נפטר, וואָס האָט שוין אויף תמיד פאַרלאָזט אונדזער וועלט, מיט אַלע זיינע פּירעניותן, דאגות און חשבונות, וואָס פאַרשידענע רשעותדיקע כוחות ווארפן עס צו.

30 טעג פון אבילות.

אויף היינטיקן אזכרה־אַקט, צו די שלושים פון א. שענקער ע"ה. האָבן מיינע חברים און פריינט פון שטאָט־קאָמיטעט „איקוף" און אלע אין אים אָנגעשלאָסענע אינסטיטו־ציעס מיך באפולמעכטיקט ארויסצוברענגען אין זייער נאָמען דעם ווייטאָק, דעם טרויער און פאַרדרוס צוליבן טויט פון איינעם, וואָס איז געווען פון די ערשטע און פון די אקטי־טיווסטע, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צום אויפבוי פון יידישן אָרגאַניזירטן יישוב אין בראזיל.

א שווערע לאַסט האָבן מיינע פריינט אויף מיר ארויפגעלייגט. וועל איך זיין ביכולת צו אנאַליזירן א. שענקערס טעטיקייט? וועל איך האָבן די פאסיקע ווערטער צו באווינען די גרויסע אבידה פון דער איקוף ־ משפחה? וועל איך קענען געפינען דאָס טרייסט־וואָרט פאַר אלע זיינע חברים, פריינט און משפחה? !

א דעמב, א ריז איז אויסגעריסן געוואָרן פון אונדזערע רייען. דער ווייטאָק איז גרויס. די וווּנד איז נאָך פריש. ווער וועט פארטרעטן זיין אייגנארטיקן פּלאַץ?!

איז ער דאָך געווען דער, וואָס האָט אלע אונדזערע שמחות און צוזאמענקונפטן באשיינט מיט זיין אָנוועזנהייט און וואָרט. א. שענקער ע"ה. איז דאָך געווען פון יענע טרוימער, וואָס האָבן באמת געגלויבט, אז עס וועט קומען די צייט, ווען די פאָלקס־בוחות פון אלע פעלקער און לענדער וועלן באגרייפן זייער מאכט און אויסשרייען: מיר ווילן שלום, מיר ווילן ארבעט, מיר ווילן א וועלט פון יושר און פרייהייט!

מיר, זיינע חברים און פריינט, פארשטייען און ווייסן אָפּצושאצן זיין טעטיקייט, זיין גלויבן, זיין האָפענונג און זיין דראנג בארג־ארויף צו העכערע מדרגות פון א בעסערן מאָרגן, צו סאָציאלן יושר.

דער נפטר האָט 4 צענדליק יאָר געדינט די פאָלקס־מאסן אין בראַזיל, קיינמאָל ניט אין משך פון די אלע יאָרן געפעלשט זיין שליחות, ביי יעדער געלעגנהייט רעפרעזענטירט דעם שפרודלדיקן, לעבעדיקן, קולטורעלן, פּראָגרעסיוון טייל פון ריאָר ישוב. ער איז תמיד געווען דער ריכטיקער שליח־ציבור אונדזערער, און ווייל ער האָט אמתדיק און אויפריכטיק אויסגעפירט זיין שליחות, האָבן די פּראָגרעסיווע אידייען, ארויסגעזאָגט דורך זיין מויל, באקומען דעם געהעריקן תיקון.

א. שענקער איז באזונדערס אומפארגעסלעך פאַר דער איקוף־משפחה, ווייל, ווי א פּראָגרעסיווער ייד, האָט ער געהאט דעם פולן גלויבן אין די שעפערישע פאָלקס־כוחות, וואָס האָבן נאָך דורות־לאנגער פארשמאכטקייט און דערנידעריקטקייט צעריסן די קייטן פון פארשקלאפונג, מארשירנדיק צו א זוניקער וועלט, וואָס זאָל זיין העל און ליכטיק אויך פאַרן יידישן פאָלק.

א. שענקער, דער פאָרזיצער פון צענטראל־קאָמיטעט „איקוף", האָט די לעצטע 10 יאָר פון זיין לעבן געווידמעט דעם אויפבוי פון בראַזיליאַנער „איקוף".

ביי דעם אזכרה־אקט צו די שלושים פון א. שענקער לאָמיר אויפהויבן דעם פאָר־האנג פון זיין לעבן, בכדי צו קענען ארייןקוקן אין דעם גייסטיקן געשטאלט פון נפטר. לאָמיר צו זיין כבוד דערמאָנען, אז אין די לעצטע יאָרן, ניט געקוקט אויף די פארשידענע יאוש־שטימונגען, צערודערונג און זיין שוואכן געזונט־צושטאנד, האָט ער זיך באמיט צו טאָן אלץ, וואָס איז ביי זיינע שוואכע כוחות אים מעגלעך געווען, אז דער „איקוף" זאָל ניט ארייןפאלן אין א פארגליווערטן צושטאנד. עס האָט זיך געפאָדערט אויסגעהאל־טנקייט, פרינציפּן, געטריישאפט, מוט און גלויבן. און א. שענקער האָט געגלויבט ביי די שווערסטע מאָמענטן, אז די נאכט וועט אוועק, דער חושך וועט פארשווינדן; אז דער קאמף פאַר שענערס און בעסערס דארף אָנגיין.

מיר קאָנען ניט און ווילן ניט זיך אָפּזאָגן פון די גרויסע גייסטיקע פארמעגנס, וואָס מיר האָבן אין משך פון טויזנטער יאָרן, פון דורי־דורות זיך דערוואָרבן אין דער לאנגער

יידישער קולטור־געשיכטע, פון די נביאים ביז דעם מאָדערנעם יידישן רענעסאַנס, פון פּרץ, שלום עליכם, מענדעלע, — ביז פּרץ מאַרקיש, דער נסתּר, מ. אלגין און ז. וויינפּער.

און ווי וויינט אויס ז. וויינפּער:

אוי, האָט דאָס א וואקכאנאליעדיקע הוליאנקע
די רשעות זיך געמאכט פון אונדזער בלוט,
גערארפּט וואָלט זיך אין א בייטשנדיקער רוט
פארוואנדלען איצט מיין ליד.
נאָר מיד בין איך,
אזוי מיד,
ווי עס איז איצט יעדער צעבראָכענער ייד. . .

אהרן שענקער איז דאָך לעצטענס ווי מיר אלע געווען מיד און אָנגעוויטיקטער ייד: און דאָך... ווייטער פאַרגעזעצט דעם קאמף פאַר יידישע און מענטשלעכע אידעאלן.

עס האָט א. שענקער אין זיין ליבשאַפט צום יידישן פאָלק ניט ארויסגעלאָזט פון אויג די פּראָקלאמירונג פון דער יידישער מדינה. פון יענעם מאָמענט אָן, ווען די יונגע מדינת ישראל האָט געפירט אירע ערשטע ראַנגלענישן פאַר איר קיום ביזן 10־טן יאָרטאָג פון איר אויפקום, האָט ער מיטגעהאָלפן אויפקלערן דעם יידישן פאָלקס־מענטש אין בראזיל מיט וואָרט און שריפט, אז די יונגע יידישע מדינת ישראל דאַרף שלום און גערופן די יידישע מאסן, זיי זאָלן קעמפן דערפאַר, אז די גרויסע וועלט־מאכטן זאָלן גאַראַנטירן דעם שלום פאַר ישראל.

דאָס איז דער סך־הכל פון די 40 יאָר מסירת־נפשדיקער איבערגעגעבענער טעטיקייט פון נפטר לטובת דעם אויפשטייג פון געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן אין בראזיל, און באזונדערס פאַר דעם אויפבוי פון אונדזערע פאָרצווייגטע פּראָגרעסיווע קולטור־אינסטיטוציעס.

30 טעג פון טרייער זיינען אריבער. מיר האָבן זיך צונויפגעזאמלט אין כבוד פון א. שענקער. ניט קיין תפילה, ניט קדיש, אויך קיין בלומען ניט געבראַכט!
נאָר געבראַכט האָב איך און נאָכזאָגן וועל איך יענעם נעגער־מאָטיוו:

„ניט קיין בלומען, מענטשן פון מיין ערדה, זאָלט איר לייגן אויף מיין ארון.
בלויז איינס וועל איך אייך בעטן און נאָר איינס וועל איך פון אייך
פארלאנגען.
ווען איך וועל שטעלן מיינע טריט צו דער אייביקייט אויף יענעם סודותדיקן
שטעג,
ארייַנלייגן אין ארון מיינעם זאָלט איר דאָס בוך מיט מיינע מעשים טובים,
וואָס האָט מיר געדינט אלע טעג.
ניט בלומען גיט מיר מענטשן פון מיין ערדה. ,

דערלאַנגט — זשע מיין בוך מיט מעשים טובים, מיט וועלכע איך האָב זיך
באגעגנט אלע טאָג: אין שטוב, אין די גאסן, אין די קעלטן, אין די רעגנס
און אין דער בייזער היץ.

ער, „דער בוך" איז מיר געווען א הארציקער און טרייער פריינט יעדן טאָג.

ניט בלומען גיט מיר מענטשן פון מיין עדה, ווען איך גיי אין מיין לעצטן־
וועג — געגרייט.

מיטן בוך פון די מעשים טובים זאָל איך אין מיין לעצטן וועג זיין באגלייט
און ווען עס וועט דער מלאך פרעגן:
זאָג מיר וואָס דיר קומט און איך וועל געבן,
דו, טרייער זשאָן, וואָס קיין שום פאַלשקייט און פעלער איז ניטאָ אין דיר.
—מלאך!

ענטפערן וועל איך ־ גאָרנישט דארפסטו געבן מיר,
דו לאָז מיר נאָר ארויף דאָרט אויף די גאַסן פון הימל,
איך וועל עפּעס דאָרט פארריכטן, עפּעס טויג נישט, עפּעס פעלט דאָרט.

ניט בלומען גיט מיר מענטשן פון מיין עדה,
ווען איך גיי געגרייט צו גאָט.
אָט דאָס, מלאך, בעט איך זאָל זיין פאַר מיר דער איינציקער געדאַנק".

ניט קיין בלומען האָבן מיר, דער „איקוף" פון ריאָ, געבראַכט היינט צו די שלושים
פון א. שענקער ע"ה.

מיר האָבן זיך צונויפגעזאמלט אָפּצוגעבן כבוד די ריינע און פיינע מעשים־טובים
פון נפטר, ווי אויך צו נעמען זיך אין געדאנק, אז מיר דארפן אָפּהיטן אָט די פילזייטיקע
ירושה, וואָס א. שענקער האָט געלאָזט אין יידישן בראזיליאַנער ישוב.

מיר דאַרפן האלטן הויך די פאָן פון יידישער פּראָגרעסיווער קולטור־טעטיקייט.

מיט א ברכה אויף די ליפּן, מיט דרך־ארץ און יראת הכבוד דערמאָנען מיר דעם
נאָבעלן נאָמען פון אהרן שענקער, וואָס האָט מקריב געווען אלע זיינע יאָרן פאַר די שיינע
אידעאלן פון מענטשלעכקייט, יושר און שלום.

# אין אָנדענק פון אהרן שענקער

פון י. לעדערמאַן — ריאָ

מיט דריי חדשים צוריק האָט אהרן שענקער געפּייערט זיין זילבערנע חתונה. ער איז געווען גליקלעך און געשיינט פאַר פרייד אין דער מיט פון זיינע געטרייע: פרוי, טאָכטער, איידעם און אייניקלעך, און אַלע זיינע חברים און פריינט.

און שוין נעמען מיר אַריין זיין נאָמען אין אַ שוואַרצן ראַם — געשטאָרבן אהרן שענקער.

עס ווילט זיך פּשוט גאָר ניט גלויבן. ערשט מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט ער אַרויסגעוויזן אויף דער לעצטער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט „איקוף" אַזויפיל אינטערעס, ענערגיע און פאַראינטערעסירונג אין די אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט איקוף־פּראָבלעמען, ווי שיקן אַ בכבודיקע דעלעגאַציע צום איקוף־צוזאַמענפאָר אין מאָנטעווידעאָ און קיין פּוילן צום 15־טן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, און שאַפן אייניקייט אין ישוב צו די פייערונגען פון 19־טן אַפּריל און 10 יאָר מדינת ישראל. און איצט שוין... מען דאַרף שרייבן אַ נעקראָלאָג נאָך אהרן שענקער.

ווער איז געווען אהרן שענקער? און וואָס האָט ער געשאַפן פאַרן ייִדישן ישוב אין ריאָ און אויך פאַר אַלע ייִדישע ישובים פון בראַזיל?

מער ווי 40 יאָר איז אַ. שענקער ניט נאָר געשטאַנען ביים רודער פון די פּראָגרעסיווע ייִדישע קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, נאָר ער איז אויך געווען פון די ערשטע בויער און שאַפער פון אַלגעמיינע ייִדישע אינסטיטוציעס אין ריאָ.

ער איז געווען פון די ערשטע ייִדן, וואָס האָבן אויפגעהויבן אַ קאַמף קעגן די „טמאים" וואָס האָבן דאַן פאַרפּעסטיקט דעם ישוב און געהאָלפן שאַפן אַ ריינעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן ישוב, וועלכער האָט שוין אַריינגעשריבן אַ שיין קאַפּיטל פון ייִדיש לעבן אין בראַזיל.

ווי יעדער ערלעכער פּראָגרעסיווער מענטש, האָט אהרן שענקער געהאַט יאָרן פון זייער אַ שווער לעבן, אַ צייט פון ביטערן קאַמף מיט נויט און הונגער, ווי זיינע ערשטע יאָרן אין אַרגענטינע און דערנאָך אין בראַזיל. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל אין דעם קאַמף ניט אונטערגעגעבן. און אפילו נאָך זיין טיפער אינערלעכער פאַרביטערטקייט, ווען זיין



די משפחה שענקער מיט זייערע קינדער און דער מחותן זכריה קויפמאן, באקאנטער געזעלשאפטלעכער טוער אין ריאָ. דאָס בילד איז אראָפּגענומען געוואָרן אויפן באנקעט פון דער זילבערנער חתונה פון אהרן און אנא שענקער אין דעצעמבער 1957.

ערשטע פרוי איז אים געשטאָרבן. . . און ער איז געבליבן עלנד אליין. . . איז ער נישט צוזאמענגעבראָכן און ער האָט געזוכט א טרייסט אין זיין איבערגעגעבענער געזעלשאַפט־לעכער אַקטיוויטעט.

אהרן שענקער האָט מיט זיך פארקערפערט די טראדיציעס פון דער רוסיש־יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ פון די לעצטע 50 יאָר. מיט די אידייען פון דער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג איז אהרן שענקער געקומען קיין בראזיל נאָך פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה און די אידייען איז ער בלב ונפש איבערגעגעבן געווען אלע זיינע יאָרן.

אהרן שענקער האָט פארמאָגט די מעלה פון שעפערישן אָפּטימיזם און דעם אַלגעמיינלעכן בטחון. און דערפאר איז ער שטענדיק געשטאַנען אין די ערשטע רייען פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט. ער איז אָבער געווען ניט נאָר אַן אָפּטימיסט, נאָר אויך א רעאַליסט, וואָס האָט פארשטאַנען זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין פארפּלאָנטערטער ווירקלעכקייט און מאַכן פון איר פראַקטישע אויספירן.

אהרן שענקער איז געווען נישט נאָר דער אומדערמידלעכער געזעלשאַפטלעכער טוער נאָר אויך דער אמתער, איבערגעגעבענער חבר! דאָס זעלבע האָט ער אויך פאר־לאַנגט פון אנדערע. ער איז געווען האַרציק, געטריי און איבערגעגעבן.

ער איז אלע זיינע יאָרן געשטאַנען פעסט אויף זיין פּאָסטן, מיט זיין ריינעם יידישן בעל־פה און בכתב. טאָג־טעגלעך האָט ער אקטיוו געאַרבעט און נאָכגעפאָלגט אלע וויכטי־קע דערשיינונגען און אויפטועך פון אונדזער יונגן ישוב. ער איז שטענדיק געווען וואַך צו אלע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע, קולטור — און געזעלשאַפטלעכע פראגן פון דער צייט.

אפילו זיינע קעגנער האָבן אים פיל מאָל באַוואונדערט. און מיר האָבן אליין באמת געשטוינט, א מענטש, וועמען עס איז שווער געווען צו רעדן צוליב זיין אַסטמאַ־קרענק, האָט אומדערמידלעך געפירט דיסקוסיעס מיט זיינע קעגנער וועגן קיום־האומה, איקוף־פּראָבלעמען און קיום וועלט, שטענדיק מיט זיין אָפּטימיסטישן טאָן אלס א בעל בטחון אין א בעסערער, יושרדיקער וועלט, וואָס וועט אויך פארזיכערן דעם המשך און קיום פון יידישן פאָלק.

ער איז אויך געווען א מענטש, וואָס האָט געהאלטן פון ניט לאָזן זיך שוועבן צו הויך, אָבער אויך ניט אראָפּלאָזן די פליגל. „מיר האָבן זיך גאָר ניט וואָס צו שעמען פאר די, וואָס ווילן אונדז פארשרייען אלס פושעים —האָט ער געטענהט. מיר האָבן געשאַפן און געבויט. דאָס איז אונדזער שטאָלץ”. זיינע פאָרווורפן בנוגע אונדזער ארבעט האָבן מיר אָנגענומען מיט ליבשאַפט, ווייל מיר האָבן געוווסט, אז זיי שטאַמען פון טיפער אויפריכטיקייט און טרייער איבערגעגעבנקייט צו דער זאַך.

אהרן שענקער איז געשטאַנען בראש פון אונדזער איקוף־ארבעט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער האָט קיינמאָל ניט פארלאָזט זיין פּאָזיציע און קיינמאָל זיך ניט געבויגן פאר זיינע קעגנער. ער איז קיינמאָל ניט געגאַנגען אויף פשרות, ווען ער האָט געזען א געפאר באדראָט אונדזערע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס, אָדער דעם „איקוף”.

אהרן שענקער איז געווען פון אונדזערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טוער, ביי וועלכע די יידישע קולטור־אַרבעט איז אַ באַדערפעניש פון זייער אייגענער נשמה. ער איז געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט אין דעם יידישן לעבן. און יעדע ניי־צוגעקומענע קולטור־אינסטיטוציע ביים איקוף האָט אים פאַרשאַפט פרייד. דערפאַר איז ער שטענדיק געווען גרייט צו פאָרן אויף דער פּראָווינץ צו העלפן מיט זיין וואָרט און ראַט שאַפן יידישע קולטור־אינסטיטוציעס. זיין שוואַכער געזונט־צושטאַנד האָט אים קיינמאָל ניט אָפּגעהאַלטן פון דער אַרבעט לטובת אונדזער פּראָגרעסיוו־יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן. זיין באַציונג און ליבע צו דער יידישער קולטור און אירע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס זיינען געווען פאַרבונדן מיט זיין לעבנס־אידייע.

אין דער לעצטער צייט, ווען אין די רייען פון דער יידישער פּראָגרעסיווער באַוועגונג האָבן זיך איינגעכאַפּט שטימונגען פון צערודערונג, האָט אהרן שענקער, אַלס פּאָרזיצער פון איקוף, אַליין געטאָן און ניט דערלאָזט קיין שפּאַלטונג אין די איקוף־רייען. מיר ווייסן, אַז ער אַליין האָט שטאַרק איבערגעלעבט דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד. „אָבער אָוועקגיין — האָט ער געטענהט צו זיינע חברים פון איקוף — דאָס נישט! מיר האָבן געבויט דאָס יידישע פּראָגרעסיווע קולטור־לעבן, דאָס דאַרפן מיר אָפּהיטן און נאָך מער פאַרשטאַרקן. אויף דעם לעצטן פּלענום פון איקוף האָט אהרן שענקער אַלס פאָרזיצער פון צענטראַל קאָמיטעט אַקטואירט מיט זיין גאַנצער ענערגיע. אַ סך האָבן מיר אים צו פאַרדאַנקען, וואָס דער איקוף איז נאָך מער געשטאַרקט געוואָרן. ער איז געבליבן די פעסטע זייל פון איקוף און זיינע אינסטיטוציעס.

אהרן שענקער האָט געלעבט מיט גלויבן און בטחון אין דער מענטשהייט און די כוחות פון יידישן פאָלק. מיט דער בטחון זיינער וועט פאַרבלייבן אין זכרון פון זיינע חברים און נאָענטע פריינט, וואָס האָבן מיט אים דורכגעמאַכט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן אין זייער לעבנס־וועג.

אהרן שענקער איז פון אונדז אַוועק. אונדזער קולטור־באַוועגונג אין ריאָ איז געבליבן פאַריתומט. אָבער אויף זיין אָרט מוזן קומען אַנדערע, וואָס זאָלן אים קענען פאַרבייטן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס מיר דאַרפן טאָן אויף צו פאַראייביקן זיין אָנדענק.

כבוד זיין אָנדענק!



צווישן פריינט:

אויבן: ה. טישלערס 50 יעריקער
יובליי דעם 1־טן מאי 1950, ביי
אהרן שענקער אין הויז — ריאָ.
אונטן: חיים טישלער, אהרן שענ־
קער און זשוליאַ קריגער.







צווישן פריינט:

אויבן: מיט א גרופע קולטור־טוער

אונטן: מיט חברים אויף א קוראָרט.

# לאַנגע יאָרן צוזאַמען

חיים טישלער

ווען מיין טייערער חבר, און פריינט אהרן שענקער איז געשטאָרבן, האָב איך אין קיין פאַל ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ער איז נישטאָ מיט אונדז. ס'האָט געדאַרפט נעמען חדשים, ביז איך האָב זיך צוביסלעך, צוגעוויינט צום געדאַנק, אַז דאָס איז דער טרויעריקער אמת: אהרן שענקער איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

פאַר מיינע עטלעכע און דרייסיק יאָר אין בראַזיל (אַלע אין ריאָ), ווו איך האָב צוזאַמען מיט אהרן שענקער זיך פאַרנומען מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איז זעלטן דורך אַ טאָג, אין וועלכן מיר זאָלן ניט האָבן צוזאַמען דיסקוטירט אונדזערע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אין די זונטיקן און יום־טובים פלעגט אהרן שענקערס געשעפט זיך פאַרוואַנדלען אין די פּרימאַרגן־שעהן אין אַ „קולטור־צענטער", ווו פּראָ־גרעסיווע טוער זיינען זיך צונויפגעקומען און געשמועסט וועגן לויפנדיקע אָדער דרינגג־דיקע געזעלשאַפטלעכע ענינים. בעת די שמועסן, זיינען אָפט אָנגעוואָרפן געוואָרן פּלענער פאַר וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

ביים חבר שענקער איז די פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געווען אַ טייל פון זיין לעבן. ער איז דער אַרבעט געווען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה און ער האָט איר געווידמעט אַ זייער גרויסן טייל פון זיין צייט און ענערגיע. דאָס האָט אים אָבער ניט געשטערט צו זיין אַ געטרייער חבר און פריינט פאַר זיין פרוי, אַ האַרציק איבערגעגעבענער פאָטער פאַר זיין קינד און אַ ליבער זיידע פאַר זיינע אייניקלעך.

חבר שענקער איז ניט בלויז פאַרבליבן טיף אין האַרץ און אין זכרון פון זיין פאַמי־ליע און זיינע נאָענטסטע. ברייטע יידישע מאַסן וועלן נאָך לאַנגע יאָרן ניט פאַרגעסן דעם טריבון, זיינע קלאָרע און לאָגישע אַרגומענטן, זיין האַרציקע באַציונג צו אַלע מענטשלעכע און יידישע לעבנס־פּראָבלעמען.

כמעט אַ יאָר נאָך דעם חבר שענקערס טויט. מ'פילט זיין אָפּוועזנהייט אויף טריט און שריט, ביי אַלע אונזערע אונטערנעמונגען, ווו מען איז געוויינט געווען צו הערן זיין וואַרעם וואָרט, וואָס האָט געמוטיקט און געוועקט, און ווען נויטיק אויך, געוואָרנט אָן געמוסרט.

שענקער איז ניט געווען באליבט בלויז ביי דעם פּראָגרעסיוון טייל פון ישוב. ברייטע שיכטן האָבן געהאט פאר אים רעספּעקט און זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט. זיין טויט איז דעריבער א שווערער פארלוסט פארן גאנצן יידישן ישוב אין בראזיל. וואָס מער צייט עס גייט פארביי, אלץ מער פילט מען דעם פארלוסט. ווייניק מענטשן קאָנען פארנעמען דעם פּלאַץ פון אזא דערפארענעם און מסירת־נפשדיקן טוער, ווי דאָס איז געווען אונדזער אומפארגעסלעכער חבר.

אויף דעם 25־יאָריקן חתונה־יובילײ פון חבר שענקער, וואָס איז פּאָרגעקומען א קליינע צייט פאר זיין טויט און וואָס איז פארוואנדלט געוואָרן אין א הערלעכער קולטור־מאניפעסטאציע, האָבן אלע רעדנער אונטערגעשטראָכן זיינע גרויסע פארדינסטן פאר דער יידישער פּראָגרעסיווער באוועגונג ווי פארן גאנצן יידישן געזעלשאפטלעכן לעבן אין בראזיל; קיינעם פון אונדז איז אָבער דעמלט ניט איינגעפאלן, אז דאָס איז א געזעגענונגס־יום־טוב פאר דעם טייערן חבר...

ער האָט נאָך דערוואַרט — ווי מיר האָבן עס אים האַרציק געווונטשן — אסך יאָרן פון פרייד און גליק אין זיין פאמיליע־לעבן און ער איז נאָך געווען פול מיט גלויבן, געהאט אסך פּלענער פאר אונדזער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט. דער ביטערער גורל האָט אים פרי, צו פרי, אוועקגעריסן פון זיין געליבטער פאמיליע און פון אונדז, זיינע פערזענלעכע און געזעלשאפטלעכע חברים און פריינט. חבר שענקער וועט אָבער אויף אייביק פארבלייבן צו לויב אין דער געשיכטע פון אונדזער בראזיליאנער יידישן ישוב. די געשיכטע וועט אויך ניט פארגעסן די נאָענטע פאמיליע פון חבר שענקער, זיין טייערע פרוי און קינדער, וואָס האָבן אין זיין היים געשאפן א גינסטיקע אטמאָספערע פאר זיין פרוכטבארער געזעלשאפטלעכער ארבעט. ער האָט דאָס געוווסט אָפּצושאצן און ער האָט דאָס דערמאָנט אויף זיין חתונה־יובילײ...

חבר שענקער וועט פארבלייבן א סימבאל פון גרענעצלאָזער איבערגעבנקייט צו זיין פאמיליע, צו זיינע חברים און צו זיין פּראָגרעסיוון אידעאל. זיין נאָמען וועט אייביק דערמאָנט ווערן מיט כבוד.

ערע זיין אָנדענק.

# די צוואה פון אהרן שענקער

פון י. ווענגראָווער — פּאָרטאָ אלעגרע

„אהרן שענקער איז טויט... נישטאָ שוין מער אהרן שענקער"... די שרעקלעכע ווערטער גייען מיר נישט ארויס פון זינען און באהערשן מיך אינגאנצן.

דעם 3־טן מערץ איז צו מיר אָנגעקומען א נומער „אונדזער שטימע" מיט דער דערשיטערנדיקער נייעס. ס'האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן . . . ס'קאָן נישט זיין . . . עס דאַרף זיין אַ טעות פון דער צייטונג.

ערשט נעכטן האָט ער געפייערט זיין זילבערנע חתונה. כ'האָב נאָך נישט געהאַט קיין צייט אים צו באַגריסן אויף זיין איינלאדונג. און דאָ... ס'איז נישט מעגלעך! גלייך ווי אן עלעקטרישער שטראָם האָט מיך דערציטערט דער בריוו, וועלכן כ'האָב דערהאַלטן דעם 8־טן מערץ, פון זיין מחותן ז. קאופמאן (אים צו לאַנגע יאָרן) באַשטעטיקנדיק די שרעקלעכע ידיעה.

אהרן שענקער . . . ווער האָט אים נישט געקענט? אויב נישט אים פּערזענלעך, איז זיין קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אומעטום איז געווען אריינגעלייגט אַ חלק פון זיין אַקטואַציע. איינער, וואָס זאָל נישט האָבן געהערט דעם נאָמען אהרן שענקער, קאָן נישט זאָגן: „איך קען די געשיכטע פונעם אויפבוי פון דעם יידישע קולטור געזעלשאפטלעכן לעבן אין בראַזיל". ווו איז אהרן שענקער נישט געווען? און אין וועלכער קולטור־געזעלשאפטלעכן איניציאטיוו האָט ער נישט אָנטיילגענומען?

דאָס יידישע לעבן אין ריאָ דע זשאַניירא וואָלט אָן אהרן שענקער געהאַט אן אנדער אויסזען.

און אומעטום האָט מען אים געשעצט און געאַכטעט. ווייל געערדט האָט אהרן שענקער פון האַרצן. צוערשט האָט ער געפילט און מיטגעפילט און דערנאָך געערדט. און אויך אין זיינע מעשים האָט ער דאָס ערשטע אריינגעלייגט האַרץ און דערנאָך דעם קאָפּ. ער האָט קיינעם ניט אפּגענאַרט, נישט זיך אַליין און נישט אַנדערע. זיין וועג — אויפריכטיקייט — האָט אים געפירט צו די מאַסן, צום פאָלק, פון וועמען ער האָט קיינמאָל, ביז זיין לעצטער מינוט זיך נישט אָפּגעטיילט.

ווי אַן אויפריכטיקער און אויפגעקלערטער מענטש האָט ער זיין האנט שטענדיק צו שלום אויסגעשטרעקט. און ווי א הארציקער ייד האָט ער געוואָלט, אַז זיין יידיש פאָלק זאָל קיינמאָל נישט אונטערגיין. האָט ער זיך טאקע אין דער שווערער קולטור־געזעלשאפט־לעכער ארבעט אריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן. געהאָלפן בויען שולן, שאפן ביב־ליאָטעקן און יידישע כּאָרן.

אהרן שענקער האָט נישט נאָר געהאָלפן בויען. פון פארשידענע אינסטיטוציעס איז ער געווען דער גייסטיקער איניציאטאָר און פירער. און איצט איז אהרן שענקער מער נישטאָ.

ערשט נעכטן האָט ער געשריבן אַן אַרטיקל אין זשורנאַל „דער פּוילישער ייד", צום 40־טן יאָרצייט נאָך שלום עליכמען. דאָס אַרטיקל האָט ער פארענדיקט מיט שלום עליכמס צוואה:

„רעליגיעזע איבערצייגונגען קענען מיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן וואָסערע זיי ווילן, נאָר זייער יידישע אפשטאמונג בעט איך זיי זאָלן היטן. די יעניקע פון מיינע קינדער, וואָס וועלן זיך אָפּוואַרפן פון זייער שטאם און וועלן אריבער צו אַן אנדערן גלויבן, האָבן זיי זיך שוין אליין דערמיט אָפּגעוואָרפן פון זייער פאָלק און פון זייער פאמיליע און אליין אויסגעמעקט זיך פון מיין צוואה. אין להם חלק ונחלה בתוך אחיהם".

דאָס איז געווען שלום עליכם צוואה.

עס קאָן זיין אויך אהרן שענקערס צוואה.

# מענדעלע מוכר ספרים

א. דרוקער, א סאָוועטיש־יידישער שרייבער, ברענגט אן עפּיזאָד, וואָס קען דינען אלס אילוסטראציע ווי טיף עס האָבן אריינגעדרונגען אונדזערע קלאסיקער אין דער ליטעראטור פון אנדערע פעלקער און ווי געאכט און געשעצט זיי ווערן, פאר זייער קינסטלערישער פאָרעם און סאָציאלן אינהאלט פון זייערע ווערק.

אין אָדעס, אויפן יידישן בית־עולם, איז געשטאנען די מצבה פון מענדעלע מוכר ספרים. א קינסטלערישער מאָנומענט, אזוי ווי דער זיידע האָט דאָס פאַרדינט. די דייטשע פאשיסטן, ביים פארנעמען אָדעס, האָבן אלץ צעשטערט און דעם זיידנס מאָנומענט האָבן זיי אויך ניט געשאנעוועט. ווען אָדעס איז באַפרייט געוואָרן פון די נאצים, איז ער, א. דרוקער, אוועק זען וואָס איז געוואָרן מיט מענדעלעס קבר. דער יידישער בית־עולם איז געווען פארלייגט מיט שטיינער און ציגל. אלע מצבות האָבן די דייטשע וואנדאלן צעשטערט. און אויך מענדעלעס קבר האָבן זיי פארשוועכט. שטיקער שטיין און מארמאָר האָבן זיך ארומגעוואלגערט, אלס זכר פון דעם מאָנומענט, וואָס האָט באשיינט דעם קבר פון דעם גרויסן געניע פון דער יידישער ליטעראטור.

ביי מענדעלעס קבר האָט אהרן דרוקער געטראָפן דריי אָפיצירן, וועלכע זיינען געקומען אָפּגעבן כבוד דעם גרויסן שרייבער, וואָס האָט פאר זיי אנטפּלעקט דאָס לעבן פון אן אנדער פאָלק. איינער איז געווען א רוס, דער צווייטער — אן אוקראאינער און דער דריטער אָפיציר — א גרוזין. דער ערשטער האָט געזאָגט: „איך בין גליקלעך וואָס אויף מיר איז אויסגעפאלן דער כבוד און דאָס גליק צו באפרייען פון די נאצישע בעסטיעס די שטאָט, וווּ דער זיידע איז געבוירן געוואָרן". דער גרוזין האָט דערציילט, אז כאָטש א פארוואונדעטער, איז ער דאָך געווען פון די ערשטע, וואָס זיינען אריין אין אָדעס, „אין דער שטאָט, וווּ דער זיידע האָט געלעבט, געשאפן און געווירקט...", דערביי־האָט ער זיך טיף פארנויגט פאר דעם זיידנס קבר. דער אוקראאינישער אָפיציר האָט געזאָגט: „ איך בין געקומען אָפּגעבן כבוד דעם „דידו", דעם גרויסן יידישן קינסטלער, וואָס האָט דורך זיינע ווערק געהאָלפן דערציען אזוינע גרויסע יידישע העלדן פון זייערע נאציאָנאלע רעכט, פון מענטשלעכער חשיבות און פאר באפרייונג פון אונדזער סאָציאליסטישן פאָטערלאנד".

פאַר אונדז ייִדן באַדאַרף דאָס זיין מער ווי אַן אילוסטראַציע. פאַר אונדז דאַרף דאָס זיין אַן אָנזאָג: לייענען און שטודירן אונדזערע קלאַסיקער, שאַצן און אַכטן אונדזערע שרייבער און דיכטער, פאַרשפּרייטן זייערע שריפטן, ווייל זיי האָבן אונדזער פאָלק גרויס און רייך געמאַכט. און ניט נאָר מיר, נאָר אויך אונדזערע קינדער דאַרפן מיר אויסלערנען זיי זאָלן די ייִדישע ליטעראַטור באַטראַכטן אַלס זייער אייגענע און זאָלן מיט איר שטאָלצירן.

וועגן איינעם פון די גרינדער, שאַפער און בויער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, ווילן מיר היינט ריידן, און זאָל אָט די קליינע אָפּשאַצונג דינען, ווי אַ בייטראָג פון ליבע, אַכטונג און יראת־הכבוד צו אונדזער זיידן מענדעלע מוכר ספרים.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט אין די טיפעניש פון דער נשמה פון זיין פאָלק, האָט מיט זיין קינסטלערישן אויג דורכגענישטערט די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון מה אין הארץ און האָט זיי, דורכן וואָרט, אַנטפּלעקט פאַר דעם זעלבן פאָלק. אָפטמאָל טרעפט, אַז עס נעמט אַ שטיק צייט ביז דאָס פאָלק דערקענט זיך אַליין אויף דער קאַנווע, וואָס ער האָט פאַר אים געוועבט זיין פאָלקס־שרייבער, ווייל געדאַנקען, שטרעבונגען, נייגונגען, ניט געקוקט וואָס זיי זיינען פון פאָלק, זיינען זיי אָפט אַזוי מטושטש, אַז ערשט נאָך דעם ווי דער שרייבער גיט אין זיי אַריין דעם געשליפענעם פונק פון רעאַליזם, פון לעבן, ווערן זיי לייכטער און טיפער פאַרשטאַנען.

מיט איין וואָרט — אַ פאָלקס־שרייבער איז דער שרייבער, וואָס לעבט צוזאַמען מיטן פאָלק, פרייט זיך און ליידט מיט דעם זעלבן פאָלק, גייט מיט אים און שאַפט פון אים און פאַר אים. ער פאַרבינדט די פאַרגאַנגענהייט מיט דער קעגנוואַרט און שמידט פאַרן פאָלק זיין צוקונפט דורך דענקען, אַקציע, קאַמף, יאוש, אַפּאַטיע; דורך שטייגונג און דעגראַדאַציע, דורך ליבע, קינאה, שינאה, דורך קאַמפן, זיגן און פאַרלירן. דאָס פאָלק דערפילט די בלוטפאַרוואַנדשאַפט, וואָס בינדט אים מיט דעם שרייבער, ער ווערט אים אייגן און ער ווערט איינגעגלידערט אין דעם פאָלקס־אייגנטום, אין דעם אוצר, וואָס הייסט פאָלקס־קולטור.

מיר, ייִדן, פאַרמאָגן אַ גרויסע פּלעיאַדע פון פאָלקס־שרייבער און דיכטער. זיי זיינען שוין פון לאַנג אריינגענומען געוואָרן אין אונדזער אוצר, אין אונדזער פאָלקס־קולטור. די ייִדישע מאַסן זיינען אַזוי באַהעפט מיט זייערע נעמען און שריפטן, אַז מען קען זיך קיים פאָרשטעלן אַ ייד, וואָס זאָל ניט פילן ליבע און דאַנקבאַרקייט צו די, וואָס האָבן פאַר אונדז אַליין אונדזער אייגן לעבן אַנטפּלעקט: צו די וואָס האָבן אַלץ וואָס ייִדיש איז, אַרויסגעבראַכט אין דעם געהעריקן ליכט, האָט דאָס געמעגט זיין מיאוס, אַדער שיין, זיי האָבן אונדז געמאַכט פאַרשטיין זיך און אַנדערע.

באַ אונדז, יידן, איז דאָס אָבער אָנגעקומען אַ סך שווערער ווי ביי אנדערע פעלקער. אונדזערע פאָלקס-שרייבער האָבן קודם כל געמוזט קעמפן און אויס-קעמפן דאָס רעכט צו שרייבן און ריידן צום פאָלק אויף זיין אייגענער שפּראַך. עס האָבן געלעבט מיליאָנען יידן און האָבן צווישן זיך גערעדט אויף אַ שפּראַך, אין וועלכער זיי האָבן זיך אויסגעלעבט; געבוירן געוואָרן און געשטאָרבן אין דער דאָזיקער שפּראַך. אויב שפּראַך, ווי אנדערע ווילן האָבן, איז בלויז אַ מיטל, האָבן מיליאָנען יידן קיין אנדערע מיטל ניט געהאט, ווי די יידישע שפּראַך. דאָס שענסטע און דאָס טייערסטע פאַר זיי האָט דידאָזיקע שפּראַך פאַרמאָגט. אין איר האָבן מאַמעס זייערע קינדער לידעלעך געזונגען און מעשהלעך דערציילט. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס אַ קינד האָט געזאָגט אין זיין לעבן, איז געווען **מאַמע!...** מען איז געוואַקסן און אויסגעוואַקסן אין דער שפּראַך. מען האָט זיך געליבט און געהאַסט, חתונה געהאַט, קינדער געהאַט, קינדער חתונה געמאַכט, מיט אייניקלעך זיך געשפּילט, מיסחרים געפירט, אַ לעבן, אַן אינדיווידועלן און אַ סאָציאַלן דורכגעמאַכט, אַלץ אין דער יידישער שפּראַך. און צום סוף איז דאָס גאָר קיין שפּראַך ניט געווען! אַ שפּראַך אָן רעכט, ניט קיין שיינע און ניט קיין אָנשטענדיקע! קענען, ניט מער און בלויז, דידאָזיקע שפּראַך, האָט געהייסן זיין אַ גראָבער יונג, אַן עם-הארץ — אַ שפּראַך, וואָס האָט געשטעמפּלט אַ געוויסע סאָציאַלע און קולטורעלע מדרגה — אַזעלכעס איז נאָר געווען באַ יידן. און דעריבער האָבן אונדזערע פאָלקס-שרייבער געמוזט צוערשט פירן אַ קאַמף פאַר אונדזער שפּראַך. פאַר אירע רעכט, ניט נאָר צו עקזיסטירן, נאָר זי זאָל אַקצעפּ-טירט ווערן אַלס די איינציגע, אַז זי און ניט קיין אנדערע איז די שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק.

שרייבער, דיכטער, קולטור-טוער ביי אנדערע פעלקער קענען זייער ליטע-ראַטור פאַרבעסערן, פאַרשענערן אוועקפירן זיי אויף אנדערע וועגן, געבן איר אַ נייעם סאָציאַלן אינהאַלט, נייע פאָרמעס, קעמפן קעגן אַלטע שולעס — אָבער דער ענין שפּראַך איז אַ פעסגעשטעלטער, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער. ס'וועט גאָר קיינעם ניט איינפאַלן צו דיסקוטירן, צי זייער שפּראַך איז יאָ אַ שפּראַך, אָדער ניט! אָבער ביי אונדז, יידן, פאַר די פּיאָנערן פון אַ ליטעראַטור אין יידיש, איז דער קאַמף פאַר די רעכט פון יידיש, פאַר איר חשיבות, געווען אַ שווערער קאַפּיטל, אין וועלכן די יידישע פאָלקס-מאַסן זיינען אַרויס די זיגער. דער רעזול-טאַט פון דעם דאָזיקן זיג איז, וואָס מיר האָבן, היינט צו טאָג, אַ יידישע ליטע-ראַטור פון גרויסן פאַרנעם, מיט הויך-קינסטלערישע ווערק אויף אַלע אירע גע-ביטן — ראָמאַן, נאָוועלע, עסיי, פּאָעזיע, ווי אויך אָן אַ צאָל שאַפונגען אויף סאָציאַלער, עקאָנאָמישער, פּאָליטישער, וויסנשאַפטלעכער און געשיכטלעכער טעמאַטיק. מיר מוזן דערמאָנען אָט דעם דאָזיקן פּעריאָד, ווייל אָן זיין געהערי-קער אָפּשאַצונג האָלטן די גרויסע פאַרדינסטן פון דעם זיידן פון דער יידישער

ליטעראַטור — שלום יעקב אבראַמאָוויטש, אָדער ווי ער איז אונדז אמליבסטן באַקאַנט, ווען מיר ריידן פון „מענדעלע מוכר ספרים" — ניט געוואָרן גענוג קלאָר. מיר ווילן, אַלזאָ, רעדן וועגן מענדעלען, ווייל צווישן מענדעלען און שלום יעקב אבראַמאָוויטש ליגט א גרויסער שטח. ש. י. אבראַמאָוויטש איז א משכיל, אן אריסטאָקראַט און מענדעלע איז עמך. א זיידע, וואָס א מאָל איז ער גוט און א מאָל בייזערט ער זיך, אָבער שטענדיק א זיידע, וועלכן מיר האָבן ליב און רעספּעקטירן.

דער פּעריאָד פון קאַמף פאַר יידיש-לשון מוז קלאָר ארויסגעבראַכט ווערן, ווייל דאָס איז ניט געווען סתם עפּעס א קאַפּריז פון עמעצן, אָדער א בייזוויליקייט. דער קאַמף פאַר העגעמאָניע צווישן יידיש און העברעיש האָט הינטער זיך מאָראַלישע, עטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סיבות און אויף זיי מוז מען זיך אָפּשטעלן און זיי אַנאַליזירן. די נעמען פון אונדזערע קלאַסיקער, מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם, וואַקסן אריין אין דער אייביקייט. דאָס פייערן פון זייערע יאָרצייטן באַגרענעצט זיך ניט מער מיט א טאָג, מיט א דאַטע. עפּעס פיל וויכטיקערס געשעט: א מענדעלע-יאָר! א פּרץ-יאָר! א שלום-עליכם-יאָר! זיי ווערן אלזייטיק געפּאָרשט און געלערנט, צוזאַמען מיט דער עפּאָכע, וואָס זיי האָבן פּאַרפּיקסירט; צוזאַמען מיט דער עפּאָכע, וואָס האָט זיי ארויסגעהויבן, גייען זיי אריין און וועלן בלייבן, ווי גרויסע בריליאַנטן, אין אונדזער פאָלקס-געשיכטע, אין אונדזער נאַציאָנאַלן פאָלקס-אוצר.

די לאַגע אויף דער יידישער גאַס, צו יענער צייט, איז געווען פול מיט אויפבראַז. די געבילדעטע יידישע יוגנט איז געשטאַנען אין אָפענעם רעוואָלט קעגן דעם אַלטן, פאַרשימלטן לעבן פון סכאָלאַסטיק, קעגן דעם פאַרראָסטן קאָנסערוואַטיזם. עס האָט זי באַהערשט דער ווילן אין דראַנג צו קענען דאָס ארומיקע, ניט נאָר דאָס יידישע. די ענגע צימערלעך פון די לומדים זיינען געוואָרן צו ענג. די האַרטע בענק אין די ישיבות און בתי-מדרשים האָבן זיך גענומען באַוועגן. די יוגנט, וואָס איז אויף זיי געזעסן הונדערטער יאָרן און געלערנט תורה, יידישע חכמה, האָט גענומען אָנהערן די התמדה צו דער רעליגיעזער ליטעראַטור. דער גייסט פון די דענקער און שרייבער פון אַנדערע פעלקער, האָט גענומען רופן און לאָקן. ס'האָבן זיך גענומען באַווייזן ביכער און בראָשורן, טאַקע נאָך אַלץ אין דער שפּראַך פון דעם תנ"ך, אָבער וואָס האָבן באַהאַנדלט זאַכן, וועגן וועלכע די אַלטע יידישע ספרים האָבן ניט גערעדט. די ביכלעך האָבן עפּעס גערעדט מער פון עולם הזה, ווי פון עולם הבא. אזעלכע ביכלעך פלעגן געלייענט ווערן אין די טיפסטע באַהעלטענישן, אז, חלילה, קיין פרעמד אויג זאָל דאָס ניט באַמערקן. און טאָמער האָט מען אַזאַ ביכל געכאַפּט, איז געוואָרן א מהומה. דעם „טריף פסול" — דאָס ביכל — פלעגט מען פאַרברענען און דעם בעל-הוצאה פלעגט מען פאַרפּאַלגן. ער פלעגט האָבן אויסצושטיין די גרעסטע פאַרפאָלגונגען, ער

פלעגט ארויסגעוואָרפן ווערן פון די ישיבות, מען פלעגט אים אריינוואַרפן אין חרם, צעברעכן זיין קאריערע, נאָכיאָגן ווי א ווילדע חיה, מיט שאַנדצייכן פון אן עוכר ישראל.

אָט די אזויגערופענע „השכלה" - באוועגונג מיט אירע אָנהענגער, די „משכילים", האָט אין זיך אריינגענומען די עליט פון דער געבילדעטער יידישער יוגנט. מיט זייער לומדות און זייער הונגער צום וויסן און לערנען, האָבן זיי די השכלה־באוועגונג גרויס געמאכט. די השכלה־עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע איז איינע פון יענע היסטאָרישע עפּאָכעס ביי א פאָלק, וואָס באַצווינגען דאָס נאציאָנאַלע לעבן און במילא די נאציאָנאַלע קולטור אוועקצוגיין אויף נייע וועגן. די אלטע קאָנסערוואטיווע און רעליגיעזע למודים האָבן דעם קאמף אויפגענומען ערנסט און זיי האָבן געקעמפט מיט אלע מיטלען, אָפטמאָל גאָרניט קיין כשרע. אין דער השכלה האָבן זיי געזען א באוועגונג, וואָס איז מסוגל אומצוברענגען די יידישע אמונה און דאָס יידישע פאָלק. די משכילים, פארקערט, האָבן געזען די געפאר אין דער אָפּגעשטאַנענקייט. ניט נאָכפאָלגן דעם פּראָגרעס, די נייע קולטור און ציוויליזאציע פון דעם ארום, הייסט פאַרבלייבן אין א זומפּ, וווּ דאָס פאָלקס־לעבן וועט פארגליווערט ווערן, דעגראַדירט ווערן און דאָס פאָלק וועט, סוף כל סוף, אונטערגיין. דעריבער איז דער קאמף געווען א פארביטערטער.

אָט דעם קאמף האָבן די משכילים געוווּנען און אַנדערש האָט דאָס ניט געקענט זיין. דאָס נייע, דאָס יונגע מוז בייקומען דאָס אלטע, דאָס אָפּגעלעבטע. אָבער איין זאך האָבן די משכילים ניט אָפּגעשאַצט ווי געהעריק — אז געוווּנען דעם קאַמף האָבן זיי, די נייע יונגע לומדים, די אינטעליגענץ, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט א גאַנץ דינינקן שיכט פונעם פאָלק. די ברייטע יידישע מאסן, דער רוב מנין־רוב בנין פון פאָלק, האָבן פון דעם קאמף גאָרניט געוווּנען, ווייל זיי האָבן ניט געקענט לערנען ניט דאָס אלטע און ניט דאָס נייע. ס'איז זיי געווען פרעמד דאָס לשון־קודש — די קולטור־שפּראַך פון די משכילים. און דאָ עפנט זיך א נייער קאפּיטל אינעם יידישן לעבן: דער קאמף, ווידער, צו בילדן און געווינען דאָס פאָלק.

דער דאָזיקער שטרייט ווערט געפירט טאקע צווישן די משכילים גופא. זיי צעטיילן זיך אויף דריי פארשיידענע גרופּעס, וואָס באַקעמפן זיך קעגנזייטיק. איין גרופּע האָט געהאלטן, אז דאָס יידישע לשון — יידיש, צי העברעיש — דאַרף פאַרוואָרפן ווערן און מען זאָל די יידישע מאסן איינפלעכטן אין דער אַלגעמיינער רוסישער שפּראַך און קולטור, אזוי־ארום וועט פאר זיי, די יידישע פאָלקס־מאסן געעפנט ווערן א ברייטער שליאך, אויף וועלכן זיי וועלן קענען אויסנוצן, פאר זייערע אינטערעסן, די קענטעניש פון א ריזיקער קולטור.

דער וועג איז געווען א פאלשער און א געפערלעכער, ווייל ער וואלט גע־פירט צו אסימילאציע און זעלבסטפארלייקענונג. דעריבער האט די גרופע פון די „רוסא״־משכילים געהאט א שוואכן איינפלוס, זי איז געווען קליין און איז זיך גיך צעפאלן.

די אנדערע צוויי גרופעס זיינען געווען פיל שטארקער און האבן געפירט א העפטיקן קאמף אויף דער יידישער גאס. אין געוויסער מאס ווערט נאך דער קאמף געפירט ער־היום — דאס זיינען די העברעיסטן און די יידישיסטן. דער דאזיקער קאמף האט ניט געהאט צו טאן מיט אבסטראקציע און אקאדעמיע, נאר מיט לעבעדיקע, צאפלדיקע פאקטן, מיטן סאמע לעבעדיקן ארגאניזם פון א פאלק, וואס פאדערט א דעפיניטיוון ענטפער, אויפן ווייטערדיקן וועג פון זיין נאציא־נאלער אנטוויקלונג.

דא דארפן געזאגט ווערן עטלעכע ווערטער וועגן דעם עקאנאמישן און סאציאלן מצב פון די משכילים.

פארשטייט זיך, אז לערנען קינדער, זיי זאלן ווערן רבנים, דיינים, שוחטים, האבן זיך געקענט דערלויבן בלויז די רייכערע יידן. זייערע זין, כאטש זיי האבן פארשטאנען די נויטווענדיקייט פון א נייעם שטייגער, האבן דאך געשטרעבט צו זייער פריוויליגירטן, קליינבירגערלעכן לעבן. אזוינע קענען, בדרך הטבע, קיין גרויסע רעוואלוציעס ניט מאכן. זייער דערציונג איז א שטער צו א מוטיקן שטורמישן קאמף.

א טייל פון די משכילים, אבער, איז באשטאנען פון די קינדער פון גוט־שטייענדיקע באלמעלאכעס און אפילו פון דער ארעמקייט, וועמען דער דראנג צו לערנען און פארשטיין האט געמאכט שלינגען די ביכלעך וועגן סאציאליזם און פאלקיזם, און האט זיי דערנענטערט צום פשוטן פאלק. דידאזיקע משכילים האבן זיך אוועקגעשטעלט אין די פאדערשטע רייען פון די פאלקסמאסן און גע־ווארן קעמפער פאר א יידישער שפראך, פאר א יידישער קולטור. נאר אפילו צווישן די העברעיסטן זיינען געווען איינציקע, וואס האבן אנגעהויבן פארשפרייטן די אידייע פון סאציאליסטישער ארדענונג. זיי האבן אבער גערעדט אין א לשון וואס דאס פאלק האט ניט פארשטאנען און במילא האט עס ניט גענומען אן אנ־טייל אין זייער באוועגונג. אהרן ליבערמאן האט ארויסגעלאזט זיין ערשטע סא־ציאליסטישע פראקלאמאציע אין העברעיש און זיין צייטונג „האמת״, האט גע־פריידיקט סאציאלע רעוואלוציע צווישן די העברעיש־לייענדיקע קליינבירגער. די יידישע באלמעלאכעס — שוסטערס, שניידערס, שמידן, סטעלמאכערס, סטא־ליארעס — זיינען דאך געווען עם־הארצים. זיי זיינען דאך געווארן באלמעלאכעס, טאקע ווייל זייערע טאטעס האבן ניט געהאט קיין מיטלען אויף זיי צו בילדן.

דער טאַטע פון דער יידישער פּראָלעטארישער פּאָעזיע, מאָרים ווינטש־עווסקי אליין, האָט דאָך זיין „אספּת החכמים" ארויסגעגעבן אין העברעיש און געפּריידיקט סאָציאליזם, אויף העברעיש. אבער ווען ער האָט זיך ארומגעזען, אז די יעניקע, צו וועמען ער האָט גערעדט און וואָס ער האָט געוואָלט זיי זאָלן אים פארשטיין — ד. ה. די יידישע ארבעטער — פארשטייען אים ניט, האָט ער צו זיי גענומען ריידן אויף זייער שפּראַך, אויף יידיש. אָט וואָס מאָרים ווינטשעווסקי זאָגט וועגן דעם:

„... פּארוואָרפן צווישן מענטשן, וועלכע איך וויל ליבן, מחמת זיי זיינען דאָך מענטשן און דערפאר מיינע ברידער, אָבער איך קען צו זיי ניט צוקומען, מחמת מיינע ברידער רעדן א לשון „יידיש", וועלכער קען פּיליכט ווערן, אויב איך וועל דערלעבן, א שפּראַך, אָבער קיינמאָל ניט מיינע. מיין שפּראַך איז מיט מיר געבוירן געוואָרן, פּונקט ווי מיין צונג".

דאָס זיינען ווערטער פון א מענטשן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געפירט א קאמף פאר פארשפּרייטן דעם סאָציאליסטישן געדאנק צווישן די יידישע ארבעטער און וואָס איז געוואָרן דער פּאָרגענגער פון דער יידישער פּראָלעטארישער פּאָעזיע.

די ארגומענטן וואָס די העברעיסטן און יידישיסטן האָבן באנוצט זיינען אונדז גאַנץ גוט באקאנט, כאָטש דער קאמף צווישן זיי איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן א ביסעלע שטילער. אָבער, ווי האָט אָנגעוויזן ד"ר י. שאצקי אין זיין רעפעראט, דאָ אין ריאָ, „טוויזנט יאָר יידיש לעבן אין מזרח־אייראָפּע":

„די העברעיסטן האָבן אין יידיש געשריבן און גערעדט, אז מען זאָל קיין יידיש ניט רעדן. מיר האָבן פּאָלירט און געשליפן די יידישע שפּראַך און דאָך פּראָפּאגאנדירט קעגן יידיש. אונדזערע קלאסיקער, מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם, האָבן אוועקגעלייגט דעם פונדאמענט פון א קינסטלערישער יידישער ליטעראטור, האָבן ניט נאָר געוווּנען א לייענער, וואָס האָט אָט די ליטעראטור גרויס געמאכט, נאָר אויך אויסגעפּלאסטערט א ברייטן וועג פאר דורות שרייבער, וואָס זיינען שוין געקומען און וועלן נאָך קומען..."

מענדעלע מוכר ספרים איז געווען דער גרויסער קינסטלער און וועגווייזער פאר אָט די דורות יידישע שרייבער. מיט זיין נאָמען הייבט זיך אָן דער תיקון און די ווירדע פון דער יידישער ליטעראטור. זי באקומט חשיבות אפילו אין די אויגן פון די סקעפּטיקער, וואָס האָבן בכלל געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט פון קענען שאפן עפּעס ווערטפולעס אין יידיש. די פּארביסענע העברעיסטן האָבן געמוזט אוועקלייגן זייערס א „וואָגיק" געוועער, אז „זשארגאָן איז די שפּראַך פון

עם-הארצים, פאר עם-הארצים". אונדזער זיידן האָבן זיי דאָס ניט געקענט זאָגן, ווייל אויך אין דער העברעישער ליטעראַטור האָט ער פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ מיט זיין זעלטענעם פּערלדיקן העברעיש און איז געווען פאַרעכנט פאַר איינעם פון אירע באַדייטנדיקע קינסטלער.

מען דאַרף ניט מיינען אַז מענדעלע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אויף יידיש. דער אָנהייב פון דער יידישער ליטעראַטור איז שוין 500 יאָר אַלט. ביי — מ. ווינערן האָבן מיר אַ ברייטע פאָרשונג-אַרבעט וועגן דעם — און פאַרן זיידן זיינען געווען לינעצקי מיט זיין „פּוילישן יינגל", אליקום צונזער מיט זיין פּראָזע און פּאָעזיע — זיין ליד — „אין דער סאָכע ליגט די מזל-ברכה", ווערט נאָך ביז היינט געזונגען — און פיל אַנדערע. דאָס זיינען אָבער די ערשטע טריט פון דער ליטעראַטור. מיט מענדעלען הייבט זיך אָן איר קלאַסי-שער פּעריאָד.

און ווירקלעך האָט דער זיידע מיט זיינע ווערק — „די קליאַטשע", „פּישקע דער קרומער", דאָס קליינע מענטשעלע", „דער ווינשפינגערל", „דער פּריזיוו", „די טאַקסע" און אַנדערע, דערוויזן פּאָלקסטימלעכקייט, וואָס וואַרטן נאָך אויף זייער יוצר, אויף זייער זאַמלער. ער האָט אויך דערוויזן, אַז די יידישע שפּראַך איז אַזוי רייך אין קלאַנג און פאַרב, אַז אויף די שמוציקע גאַסן פון קאַבצאַנסק און טונעיאַדעווקע ליגן אוצרות פון אָט אַזאַ שלל פון ווערטער און אויסדרוקן, אַז אויף איר קענען געשאַפן ווערן גרויסע קינסטלערישע ווערק. דאָס זיינען די צוויי הויפּטפּאַרדינסטן פון דעם זיידן, זיין טעמאַטיק און זיין פּערלדיקע שפּראַך.

מענדעלעס פּיעטעט צו דער יידישער שפּראַך איז געווען גרויס און ער פלעגט מיט ליבע קולטיווירן יעדעס וואָרט, יעדן אות, ממש. אפילו זיין האַנטשריפט איז געווען אַ שם-דבר, יעדער אות — אַ פּערל, יעדע שורה — אַ שנירל. דוד איינהאָרן, וואָס איז געווען, אַ געוויסע צייט, דעם זיידנס סעקרעטאַר, דערציילט וועגן מענדעלען אָט וואָס: „איינמאָל האָט דער זיידע איבערגעזעצט, ער אליין, דעם „ווינשפינגערל" פון העברעישן אויף יידיש. איז, יעדעס מאָל, ווען איס פלעגט אויספעלן דאָס סאַמע פּאַסיקסטע וואָרט פאַרן געגעבענעם פאַל, פלעגט ער קענען אַלמגיין שעהנלאַנג איבערן צימער און רעדן צו זיך אַליין: ר' יידל, ווו ביסטו?", ד. ה.: ריכטיק יידיש וואָרט, פאַרוואָס קומסטו ניט? אָט די זעלבע באַציונג צו יידיש האָבן געהאַט פרץ און שלום עליכם און ס'איז אַ דאַנק אָט די דריי, וואָס האָבן מיט אַזויפיל ליבע געשליפן און פּאָלירט דאָס יידישע וואָרט, האָט די יידישע שפּראַך, איז אַזאַ רעלאַטיוו קורצער צייט, באַוויזן צו ברענגען וווּנדערבאַרע רעזולטאַטן און דערהייבן אונדזער נאַציאָנאַלע קולטור צו אַזאַ מדרגה.

מענדעלע מוכר ספרים האָט אין זיינע ווערק ניט אידעאַליזירט דאָס יידישע לעבן, ניט געזוכט עס זאָל זיך בלויז באַקומען אַ פאַרגעניגן פאַרן אויג און אַ מחיה

פארן מויל. ניט בלויז דאָס שיינע האָט ער ארויסגעבראכט, נאָר דאָס מיאוסע אויך. זיינע פייזאזשן פון דעם יידישן שטעטל, פון גנילאָפּיאטאָוועקע, גלופּסק, טונעיאַדאָוועקע, זיינען ניט פון די וואָס פארכאפּן דאָס אויג, נאָר פארקערט — פאַרשלאָגן דעם אָטעם. נידעריקע, צעבראָכענע און שמוציקע שטיבלעך, מיט מיסט פארוואָרפענע געסלעך. נאָך די רינשטאָקן, זאָגט דער זיידע, קען מען וויסן וועלכער טאָג עס איז. שבת געפינט מען רעשטלעך פון איינע מאכלים, אינדער־וואָכן — פון אנדערע. דאָס ליגט אין קופּעס אויף די יידישע גאסן, יאָרנלאנג, ביז עס קומט אן עפּידעמיע. די שמוציקע, פארפעסטעטע געסלעך ווערן אָנגע־פילט מיט יאָמער און געשריי. הארצרייסנדיקע סצענעס שפּילן זיך אָפּ. מען באוויינט די טייערע טויטע. עס ווערן פול די בתי־מדרשים, מען רייסט קברים, מען איז גוזר טעניתים. מען פאָרעט צענויף אומגליקלעכע קאליקעס און מען פראוועט זייערע חתונות אויף די בית־ עלמינס. דאָס זיינען די פּראָפילאקטישע מיטלען מיט וועלכע מען וויל אָפּשטעלן די עפּידעמיעס אין דעם טראגישן תחום־המושב.

קאבצאָנסק איז די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון יענע צייטן און אזוי טאקע האָט דער זיידע זי געזען און געמאָלן. אונטער זיין מייסטער־פּען איז פאראייביקט געוואָרן, אין זיין ריכטיקער פארב, דאָס שטעטל, מיט אלע זיינע מינהגים, גע־וווינהייטן, העוויות, תנועות, השגות און ווערטלעך. דאָס פּריוואטע, געזעלשאפט־לעכע און רעליגיעזע לעבן פונעם שטעטל, זיין סאָציאלן עקאָנאָמישן און קולטור־רעלן מצב, אלץ, אלץ האָט מענדעלע געזען און פאראייביקט אין זיינע אומ־שטערבלעכע ווערק. דוד פרישמאן האָט געזאָגט, אז ווען ס'זאָל קומען א מבול און אראָפּשווענקען פון דער ערד אלץ, וואָס ס'האָט עקזיסטירט און ס'וואָלט נאָר פארבליבן מענדעלעס ווערק, וואָלט מען לויט זיין ווערק געקענט צוריק אויפשטעלן דאָס יידישע שטעטל, מיטן יידישן לעבן, מיט אלע פּיטשעווקעס.

דער זיידע איז ניט געווען בלויז דער קינסטלער, דער אָבסערוואטאָר. ער האָט געוויטיקט צוזעענדיק ווי אומגליקלעך עס איז דאָס יידישע לעבן, אָן א היינט און אָן א מאָרגן. ער זעט ארומלויפנדיק די יידן אויף די יארידן, זוכנדיק, נישטערנדיק, וואָס?! א שטיקל ברויט! דאָס מינימאלסטע, וואָס א מענטש דאַרף האָבן, און ניט געקוקט אויף דעם וואָס זיי יאָגן זיך ארום, פּטרן אזויפיל מי, ענער־גיע, ארבעט, איז דאָך דאָס לעבן צו זיי, ווי א שטיפמאמע. דער זיידע זעט דעם געדודער, דעם טאראראם און ער פארפיקסירט פאר דער צוקונפט, פאר דער קולטור־געשיכטע א שטיק יידישע סאָציאל־עקאָנאָמישע טראגעדיע. אָט ווי ער מאלט א יאָריד:

„... לויפט א יידל, א צווייטער, א דריטער, אויך פאָרלעך לויפן ארום פארשמאיעטע, פארשוויצטע, דאָס מיצל אויפן שפּיץ קאָפּ, דאָ א טאָפּ,

דאָרט א טאפּ, א מאך אהער, א מאך אהין, א דריי מיטן גראָבן פינגער. ס'לויפן אָן א נשמה, מעקלער, שדכנים, טאנדעטניקעס, מאכליארקעס, קורעלאפניצעס, יידענעס מיט קוישן, יידן מיט טאָרבעס. יידן מיט פינף פינגער און יידן מיט שטעקעלעך, מיט בייכלעך, מע לויפט, א רענדל א מינוט..."

אזוי לויפן זיי ארום און דער סוף פונעם לויפן — ווי ס'דריקט זיך אויס אלתר יקנה'ז — איז... גאָרנישט שבגאָרנישט! מען לויפט זיך אָן און אז עס קומט צום סוף, ווייזט זיך ארויס, אז דער שידוך איז גאָר צווישן צוויי בחורים. אָבער אלתר פאלט ביי זיך ניט אראָפּ, ער לויפט ווידער, ער מוז לויפן! ווייל אויב עס זיינען דאָ צוויי יינגלעך. מוז מען דאָך אויסזוכן צוויי מיידלעך, ווייל ניט דער שידוך איז דאך פאר אים דער עיקר, נאָר, גייט, קריכט, יידישע קינדער, אונטער דער חופּה, ווייל ער, דער שדכן, דארף עסן, מוז צאָלן חובות, האָט א בתולה וואָס ווערט שוין פארזעסן, און דאָס ווייב איז אים געלעגן געוואָרן מיט א יינגל, מען דארף מאכן א ברית און דערצו איז נאָך ערב פּסח. א וויסט, ביטער לעבן האָבן די יידן געפירט און דאָס ערגסטע איז וואָס עס זיינען ניט געווען קיין פּערספּעקטיוון. מענדעלע, דער פאָלקסשרייבער און רעאליסט האָט די ביי־מערקייט פון דעם יידישן מצב געזען ניט בלויז אויפן יאריד, נאָר אינעם קלייטל, אין דער היים, אין בית־מדרש. ער זעט ניט פאר זיך קיין געזונטע מענטשן, נאָר שאטנס, קרבנות פון א פארקריפּלטער סאָציאלער אָרדענונג. דער מענטש — די קרוין פון דער נאטור פארלירט זיין מענטשלעכע השיבות און פאלט ביז צו שפלדי־קייט: „... מענטשן, דאָס זיינען גאָרניט קיין מענטשן, געפּגרטע נפשות! אָן לייב און אָן לעבן! נשמות פארריקטע אין טשאָלנט! אָן ריח און אָן טעם! דראפּטשעס צעשאטענע! פארדארטע, אפּגעשלאָגענע הושענות!..."

זייער ניט קיין אנגענעמע דעפיניציעס, אָבער וואָס קען דער זיידע זיך העלפן? דאָס לעבן איז פּאָרט אזוי. ס'איז טאקע א טרויעריקע קאָנסעקווענץ פון א רעזשים, וואָס איז געבויט אויף עקספּלואטאציע, איגנאראנץ, קינאה און שינאה צווישן ברידערלעכע פעלקער, אבער דער זיידע איז רעאליסט און ער שילדערט דאָס, וואָס ער זעט, ווי טרויעריק דאָס זאָל ניט זיין. ער קאָן טאקע נישט אידעאַ־ליזירן אזעלכע מענטשן, ווי „דאָס קליינע מענטשעלע", הגם זיי זיינען אים נאָענט. „דאָס קליינע מענטשעלע קריכט ממש, ווי א וואָרעם, דורך קלעפּ, סטוסאקעס, הונגער, צרות, חניפה, ליגנס; דורך משכנות, פּראָצענט צאָלן, ביז ער ווערט א „יצחק אברהם". און שפּעטער, ווען ער ווערט נאָך רייכער, לייגט מען אים נאָך צו א „רעב" — ר' יצחק אברהם. אזאַ טיפּ איז טאקע דערווידער יעדן אָנשטענדיקן מענטשן און מענדעלען אליין, ווי ער איז זיך מודה, שלאָגט ביז הלשות פון דעם דאָזיקן טיפּ. אבער ער איז דאָ! ער עקזיסטירט און דער זיידע קען אים נישט פארבייגיין און דורכלאָזן. דער זיידע איז טאקע נישט קיין היסטאָריקער און ער

איז ניט מחויב זיין טריי די פאַקטן, פאַסירונגען און געשעענישן. אבער ער ווייסט אַז זיין שאַפונג וועט דער צוקונפט דינען אַלס ריינער קוואַל, פון וועלכן היסטאָ־ריקער וועלן שעפּן.

און מענדעלע ווערט נישט מיד צו שילדערן די יידן פון זיין צייט. יידן, זאָגט ער, זיינען דאָ פאַרשיידענע: „יידן מיט מאַגנס, יידן מיט אַ פּיצעלע מאָגן און יידן, וואָס האָבן שוין אינגאַנצן ניט קיין מאַגן. יידן, וואָס מאַכן אַ לעבן פון לויפן און יידן, וואָס ציען זייער חיונה פון שמעקן. יידן, וואָס לעבן ניט, נאָר קוים וואָס זיי זשיפּען. יידן, וואָס לעבן פון יאַריד, יידן וואָס דרייען זיך אויפן יאַריד, יידן, וואָס דרייען זיך אַרום דעם יאַריד און יידן, וואָס יאַרידעווען סתם אַזוי".

קלאַסישע ווערק צייכענען זיך אויס, חוץ מיט זייער קינסטלערישן ווערט, אויך מיט דעם וואָס זיי פאַרפיקסירן טיפן שטריכן, כאַראַקטערן, עפּאָכעס און רעזשימען, וואָס ווערן סימבאָלן און סינאָנימען און אַזוי פאַרבלייבן זיי דורך לאַנגע דורות. גאָנטשאַראָווס אָבלאָמאָוו, טורגעניעווס באַזאַראָוו, גאָגאָלס כלעס־טאַקאָוו — דאָס זיינען נעמען דורך וועלכע עס ווערט כאַראַקטעריזירט די עפּאָכע פון אַ צעפּרעסענעם רעזשים און אַ צעפוילטער ביוראָקראַטיע. דאָס זעלבע האָט געטאָן אונדזער שלום עליכם דורך זיינע טיפּן, ווי טביה דער מילכיקער, מנחם מענדל און אַנדערע. אפילו זיין יעהופּעץ און קאַסרילעווקע ווערן סינאָנימען פון די אָרעמע יידישע שטעטלעך. אַזוי איז אויך מיט דעם זיידן מענדעלע. גלופּ־פּיאַטאָווקע, טונעיאַדאָווקע, גלופּסק און קאַבצאַנסק הערן אויף צו זיין געאָגראַ־פישע באַגריפן און נעמען פאַרקערפּערן מיט זיך דאָס גאַנצע טראַגישע לעבן פון יידן, זייערע פּרנסות, געוווינהייטן, אַרט דענקען און טאָן.

אונדזערע גרויסע קינסטלער שילדערן נישט בלויז דעם יידישן מענטש, וואָס שטופּט דורך זיין געמאַטערט לעבן, נאָר אפילו די בידנע בהמה, וועמען דער גורל האָט געשטראָפט זי זאָל אַריינפאַלן אין יידישע הענט. שלום עליכם'ס ציגן זיינען ביי קהל אויף קעסט און זיינען שטענדיק הונגעריק. טביהס פערד ווייזט מען אַ היי — אַ האָ — אין אַ סידור און אַ האָבער אין אַ חלה. און מענדעלעס קליאַטשע רעדט זיך אויס איר ביטער האַרץ: „אדוני פּריץ, וואָס הערט זיך עפּעס מיט עסן?... זאָל איך שטאַרבן, אויב איך האָב נאָך געהאַט אַ האָבער אין מויל. היתכן! און אַז איך בין אַ יידיש קליאַטשע דאַרף איך שוין אינגאַנצן נישט עסן?..."

דער יידישער בעל־מלאכה איז, אין זיין עקאָנאָמישער דעגראַדאַציע, ניט געשטאַנען העכער פון די אַנדערע שיכטן פון גלופּסק און קאַבצאַנסק, וואָס האָבן געלעבט אין ביטערער נויט. בילדער שרעקלעכע, בילדער וואָס גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן, טרעפט מען אין יידישן תהום, אויף טריט און שריט. אָט האָט איר איינס פון אָט די בילדער:

„... אין הויז איז ניטאָ קיין שטיקל ברויט, דער ווינטער דריקט מיט זיינע שרעקלעכע פרעסט, אין שטוב איז קאַלט, כאָטש טרייב וועלף, שוין וואָכן, ווי עס

גייט ניט קיין רייך פון קיימען. די מאַמע אין אויך דער צייט און האָט א שרעקלעכן טראַגן. דאָס ברודערל ליגט קראַנק און גייט אויס פון ניט האָבן קיין געלט צו קויפן עסן און רפואות און די איבעריקע קינדערלעך ליגן צענויפגעקוועטשטע, מיט פאַרשמאַכטע ליפּעלעך און ציען די סמאַרע. און די אויגעלעך שפּיגלט זיך אָפּ זייער הונגער און פאַרקילטע טרערן...״

צוגלייך מיט אַזעלכע שוידערלעכע בילדער עקזיסטירן נאָך די סאָציאַלע פּאַראָדיטייטן. דער פּראָבלעם „יחוס״ שפּילט א גוואַלדיקע ראָל אין דעם יידישן סאָציאַלן לעבן. „באַשע די קעכין האַלט נידעריקער פאַר איר כבוד, אַז איר אייניקל זאָל זיך משדך זיין מיט גיטל דער טוקערינס זון. איר ייחוס באַשטייט אין דעם וואָס זי איז קעכין ביי דעם גביר פון שטעטל און די אַנדערע גבירים, וואָס קומען צו גאַסט צו אים באַלעבאַס, לויבן אירע מאכלים. רב אשר דער מעקלער, וואָס שטאַרבט יעכצן מאָל א טאָג פאַר הונגער, האַלט פאַר א טראַגעדיע, זיין מיידל זאָל חתונה האָבן פאַרן טאַנדעטניקס זון. אָט דער ייחוס־פּראָבלעם, וואָס איז אַן און פאַר זיך אַזוי קאָמיש און לעכערלעך און וואָס וואָלט געקענט אַרויסרופן בלויז געלעכטער און שפּאָס, שפּילט דאָך, אין אַלע זיינע ניואַנסן, אַזאַ טראַגישע ראָל אין לעבן פון די פאָלקסמענטשן פון מענדעלעס צייט. מענדעלע פאַראייביקט אָט די טראַגי־קאָמישע בילדער, ניט ווי א פאָטאָגראַף, וואָס ווייזט נאָר דעם פּרצוף, נאָר ווי אַן עכטער קינסטלער, ווי א פּסיכאָלאָג, וואָס דרינגט אַריין טיף אין דער נשמה און ברענגט אַרויס אָט די דראַמע, און אַלע רעיונות און מחשבות.

מענדעלע, מיט זיין ווערטל „ניט דאָס בין איך אויסן״, איז שוין געראָטע „אויסן״ זייער אַבער. ער דערווייזט דורך זיינע ווערק אַז שיינקייט געפינט זיך גראַד, און אין א גרויסער מאָס, צווישן די אָרעמע באַטלערס. אויך די אָרעמע, סקריפּנדיקע בעטלערש וועלן שיינע חלומות געזעצט, חלומות פון שיינע וועלטן, פון מענטשלעכער דערהויבונג. ווייבל פאַזיווע ליגט אין ציפּע — סאַטיעס אויסגעפאַנטאַזירטע, פאַרבישופטע וועלטן, און בנימין השלישים רייזע־פאַנטאַזיעס! אָבער מענדעלע זעט גלייכצייטיק די טרויעריקע ווירקלעכקייט, די ביטערע שפּלעלאַגע און עס טוט אים דאָפּלט וויי. קוקט אויך ציפּע־סאָביען און זעט פאַר זיך א געטלעך־שיין מיידל. קיין מאָלער, קיין קינסטלער וואָלט אַזאַ שיינקייט ניט געקענט אויסטראַכטן. עפּעס ווי די נאַטור וואָלט עמעצן געוואָלט באַווייזן וואָס זי קען באַשאַפן, ווען זי וויל. דיכטער וואָלטן וועגן איר גאַנצע פּאָעמעס געשאַפן. מענדעלע איז אָבער רעאַליסט. ער זעט אָט די כלה אין קיך ביי דעם גביר, אַלס א דינסטמויד. אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אין טראַנטעס, שיילנדיק קאַרטאָפל, פאַרהאָרעוועט, מיד. און אין אירע אויגן ליגט א טיפער טרויער, ס׳ווינט אין איר די נשמה און גייט אויס פאַר בענקעניש נאָך איר גוטן, קראַנקן טאַטן, נאָך איר אויסגעהונגערטער מאַמען, נאָך איר ברידערל. זי ליידט פון איר „מאַדאַם״, דער

אַנגעפּרעסענער, דיקער באַלעבאַסטע מיט די צוויי גוידערס, וואָס שטעכט זי מיט ווערטער, ווי מיט נאָדלען, צוליב קינאה, ווייל אין ציפּע־סאָסיען זעט זי דעם גרויסן קאָנטראַסט וואָס איז צווישן איר און איר דינסטמויד. אָבער ציפּע סאָסיע ליידט און שווייגט. זי מוז פאַרדינען די עטלעכע רובל. איר ברודערל, וועלכע זי האָט אַזוי היים ליב, גייט נישט דעם גאַנצן ווינטער אין חדר, ווייל ער האָט ניט קיין שיך. און ממש ווי א וויי־געשריי רייסט זיך אַרויס ביי מענדעלען: „אָרעמע, בידנע שוועסטער מיינע! דיין אומגליק איז וואָס גאָט האָט דיר געגעבן חן און שיינקייט! דיין אומגליק איז, דיינע גליקלעכע באַלעבאַטים און זייערע זינדלעך צו געפעלן! פאַרשפּילט איז דיין וועלט! פאַרוויסט איז דיין לעבן! אַז אַך און וויי איז צו דיר, אומגליקלעכע שוועסטער מיינע!”

די פרוי פאַרנעמט א גרויס אָרט אין מענדעלעס ווערק. דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער מצב פון דער יידישער פרוי איז אַזוי שלעכט פאַרשטייט זיך, ווי דעם מאַנס. די פרוי פירט א קאַמף פאַר דער טאָגטעגלעכער עקזיסטענץ. ניט אַלע פּרנסות זיינען צוטריטלעך פאַר דער פרוי. די מענער זיינען: מלמדים, באַהעל־פערס, מעקלער, בטלנים, שדכנים, איידעמלעך אויף קעסט, בעלי־תפילה, שופר־בלאָזערס. די פרויען — זאָגערינס, וויינעריגס, הענדלערקעס מיט אייער, מיט פּסחדיקע שמאַלץ, פעדערן־פליקערינס, דינסטמיידלעך, אַמען. אין די שווידער־לעכע עקאָנאָמישע באַדינגונגען איז די יאָכט פון די אויסוווּרפן, די פרויען־הענד־לער שטאַרק פאַרלייכטערט און די עקלהאַפטע „לווי בחורים” פירן אוועק זייערע נאַיווע, אומשולדיקע קרבנות אין די שאַנדהייזער פון ווייטע לענדער. מענדעלע שילדערט אויף א געניאַלן אופן — דידאַקטיקע קרבנות, זייערע ליידן, זייער גורל. די „אַפּיצערשע”, א מלמדס א טאָכטער, אַן אומשולדיק קינד, טראָגט ניט אַריבער די שאַנד און הענגט זיך אויף. די „טורקינע, אויך א קינד פון אַן אָרנטלעכער שטוב, זינקט אין דעם אָפּגרונט, ביז וואַנען קראַנק, פאַרלאָזן און פאַרפּעסטעט, שטאַרבט זי איינזאַם הינטער א פּלויט. נאָר רייזעלע, וואָס באַזיצט אַן אייזענעם ווילן און א שלל ענערגיע, ראַטעוועט זיך באַצייטנס.

די פרוי, אין מענדעלעס צייט, שטייט אויף א פיל נידעריקן סאָציאַלן שטאַפּל, ווי דער מאַן. זי געפינט זיך כמעט אין דער מדרגה פון א שקלאַף. זי האָט נאָר געהאַט פליכטן — קאָכן, באַקן, ראַמען, האָבן קינדער, האָדעווען זיי, באַדינען דעם מאַן, אָבער זי האָט ניט געהאַט קיינע רעכטן. „אשה”, דאָס איז געווען איר באַצייכענונג און אַן אשה דאַרף ליידן און שווייגן. זי טאָר ביי קיינעם גאָרניט מאַנען, נישט ביי איר מאַן, נישט ביי דער געזעלשאַפט און אפילו ניט ביי גאָט. כאַנצע, א יונג ווייבל, נאָך א קינד פון זיבעצן יאָר פּרוווט פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ אָרט לעבן. זי וויל אויך לעבן! זי וויל געליבט און געשעצט זיין, ווייל זי איז אויך א מענטש! איר מאַמע, יענטל, ענטפערט איר: „א מענטש ביסטו? א

גאַרנישט ביסטו! אן אישה!". די פרויען בלייבט ניט איבער עפּעס אַנדערש ווי ליידן און שווייגן.

ביי מענדעלען שווייגן טאקע די פרויען. פונקט דער היפוך ווי ביי שלום עליכמען. ביי שלום-עליכמס „גיטל פורישקעוויטש" פארמאכט זיך נישט דאָס מויל. די אידענע, וואָס קומט צום רב פרעגן א שאלה איבערן טעפּל, רעדט אזוי לאנג, ביז ר' יוזעפל פאלט אין חלשות. אָבער ביי מענדעלען איז די פרוי א שווייגנדיקע, א רעזיגנירטע. דער שרייבער זעט די עוולה וואָס ווערט אָפּגעטאָן דער פרוי, ער ווייסט אז איר קומט א בכבודיקער פלאץ אין דער געזעלשאפט, ווי א פרוי, ווי א חבר אין לעבן, ווי א מוטער, ווי א שוועסטער, אָבער דער זיידע איז ניט קיין אגיטאַטאָר, קיין פּראָפּאַגאנדיסט, אָדער סופראזשיסט. עס איז נאָר דער קינסט-לער, וואָס שילדערט. אבער ווען א פּראָטעסט קעגן דער אומרעכט און קעגן דער פירונג פון די מענער רייסט זיך ארויס דורך דער רביצינס מויל און זי שליידערט זיי די אמתן אין פּנים דורך א מבול פון שטורעמדיקע רייד, ווייל ווען „איך באַ-טראכט אונדזער פינצטערע לאגע, קאָכט אין מיר אויף דאָס בלוט", גיט מענדעלע צו זיין אייגענע פערזענלעכע באמערקונג: „ווען די רביצין האָט גערעדט, האָב איך געהאט דאָס געפיל ווי מען פאלמעסט א מענטשן און מען נעמט פון דאָרט ארויס א ווארעם, צעפּלדיק הארץ".

אין יענער פינצטערער עפּאָכע פון יידישן לעבן, וואָס האָט, אונטער די איי-זערנע נעגל פון נויט און רעכטלאָזיקייט פארהארטעוועט אין א געוויסער מאָס דעם דערוואקסענעם און האָט פּסיכאָלאָגיש געווירקט ער זאָל ניט שטעלן דעם לעבן גרויסע פאָדערונגען און א פּאסיווער פאטאליזם זאָל באהערשן די ברייטע מאסן, האָט דאָס יידישע קינד אויך געטיילט מיט די דערוואקסענע די טרויער-דיקע ווירקלעכקייט. די יידישע אָרעמע קינדער האָבן ניט געוווסט פון קיין פרייד און זיינען געווען פאראומערט. הערשעלע קומט אויף דער וועלט און טרעפט דאָ זיינע קליינע שוועסטערלעך, וואָס ווייסן ניט דעם טעם פון זאט זיין. די ירושה וואָס ער באקומט שפּעטער פון זיין פארשטאָרבענעם טאטן, דעם חזן, איז אַן אלט, איבערגעניצעוועט קאפּאָטקעלע. משהלע הערט ווי זיין טאטע, וואָס וואל-גערט זיך ארום א גאנצע וואָך איבער די דערפער, מורמלט צו זיך אליין, שבת-צו-נאכט, פאר הבדלה: „אָט, נאָך א שעה, נאָך א שעה! מען וועט אנצינדן דעם לאָמפּ... איך וועל ווידער פארוואָגלט ווערן אין א הונט... לויפן! יאָגן! שנאָרן! נישטערן! ברויט פאר די קינדער! און א גרויסע פארצווייפלונג באהערשט משהלען: זיין טאטע, אַזאַ גוטער און ליבער טאטע, ווערט גאָר דורך דער וואָך מגולגל אין א הונט! הערשעלע פארזיכערט משהלען, אז עסן איז נאָר א רגילות, א שלעכטע תאווה, פון וועלכער ער וועט זיך מיט דער צייט באפרייען. מענדעלע אָבסערווירט זיי, זוכט אין זיי א שפּור פון זאָרגלאָזיקייט און געפינט ניט. ניט קיין קינדער זעט דער זיידע, נאָר קליינע יידעלעך...

מענדעלע איז ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנער אין דעם זין, ווי מיר פארשטייען דאָס. ער האָט אויך ניט געפּריידיקט קיין קלאסנקאמף. אָבער א קלאס-ליניע איז גאָר א בולטע פירט ער דורך אין זיינע ווערק. ער האָט קיין איין גוט וואָרט ניט פאר דעם. סיי אויסערלעך און סיי אינערלעך זעט ער אין זיי „קליינע מענטשעלעך". זייער מענטאליטעט דרייט זיך נאָר ארום מטבעות און פּאפּירלעך. די גרעסטע השגה בא זיי איז נאָך א פּראָצענט. ער כאראקטעריזירט זיי אין שטריכן, וואָס לאָזן ניט איבער קיין צווייפל וועגן זיין באציונג צום גביר. „אז א גביר עפנט דאָס מויל, קומט ארויס, אָדער א פוילער גענעץ, אָדער א שטיק נארישקייט", זאָגט דער זיידע. און נאָך איינע פון מענדעלעס בריליאנטענע כאראַקטעריסטיקעס פון א גביר:

„... ראשית חכמה איז כוח. דערויף שטייט די וועלט, מיט אלע זאכן אין איר. א נגיד, ווי איר ווייסט, איז אין דער וועלט א גרויסער כוח. אלע ווערן פארן נגיד בטל, ווערן פאר אים די כפּרה. אלע קריכן און שאפקעווען פאר דעם רייכן. אזעלכע, אפילו, וואָס זיי קומט פון אים גאָרניט ארויס. וואָס האָבן פון אים נישט געהאַט אמאָל, האָבן פון אים נישט אצינד און וועלן פון אים נישט האָבן שפּעטער, קיינמאָל ניט אפילו א טרונק וואסער, נאָר טוען דאָס גלאַט, ווייל א רייכן קומט כבוד. גאָר אָן שום נוצן פאר זיך, ווייל דעם נגיד קומט אלצדינג"...

די נעמען וואָס מענדעלע גיט זיינע גבירים און די מאַשקעס, וואָס דרייען זיך ארום זיי, זיינען שוין גענוגנדיקע עדות, וועגן דעם זיידנס געפילן צו אָט די פּערסאָנאַזשן, ווייל די נעמען אַליין זאָגן שוין ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען. אָט זיינען אייניקע: ראובן פּיאווקין, איציק וואָלף ספּאָדיק, שימען תם, יוסף מהיכא תיתי, יאָסל שינדער, אהרן קנעכטבארג, נתן פּרעכמאַן. אויף פּשוטן לשון וואלט דאָס געהייסן: שווינדלער, קריכער, עקספּלואטאטאָרס, מענטשן וואָס לעבן אויפן הונגער און שוויים פון די גרויסע מאסן.

און צום שלום וויל איך אויך זאָגן א פּאָר ווערטער וועגן מענדעלען — דער מענטש.

אייניקע פון זיינע ביאָגראפן האַלטן, אז מענדעלע איז געווען ניט קיין זייער צוגעלאָזטער מענטש און ניט יעדן האָט זיך איינגעגעבן קומען נאָענט צו אים. דאָס איז אמת. אָבער אזעלכער איז ער געווען נאָר פאר די סנאָבן, וואָס האָבן געזוכט צו בארימען זיך אז זיי זיינען מיטן זיידן א גאנצער „פאניע בראט". פאר די אמתע טאלאנטן האָט דער זיידע שטענדיק געהאט זיין שטוב און זיין הארץ אָפן. ביאליק, ראווניצקי, אחד העם זיינען געווען זיינע אינטימע פריינט. אסך יונגע טאלאנטן האָט ער מיט זיין וואָרט און מיט זיין חכמה מקרב געווען און דערמוטיקט. אסך יידישע שרייבער, אין זייערע זכרונות וועגן מענדעלען, דער-

ציילן וועגן דעם. ריכטיק האָט דוד איינהאָרן אָפּגעשאַצט דעם זיידן אַלס מענטש. ער האָט אים געקענט נאָענט — ער איז געווען זיין סעקרעטאַר. „מענדעלעס הארץ, זאָגט איינהאָרן, איז ניט געווען קיין אכסניא, וואָס יעדער איינער האָט געקענט אריינפאָרן מיט די האָלאַבליעס״.

פאר דעם יידישן לייענער, פאר די ברייטע פאלקסמאסן, פאר דער יידישער קולטור און ליטעראטור, איז דער ״זיידע״, מענדעלע מוכר ספרים, געווען, איז און וועט אויך אייביק פארבלייבן זייער שטאָלץ און זייער רום.

# 40־סטער יאָרצייט נאָך שלום עליכם

שוין איבער 70 יאָר ווי דער נאָמען שלום עליכם באַווירקט, סיי די יידישע אינטעליגענץ, סיי די יידישע ארבעטער און פאָלקס - מאסן. און וואָס ווייטער און ווייטער ווערט ער אלץ מער פארשטאַנען און אָפּגעשאצט. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ס'איז שוין 40 יאָר, אז זיין מייסטער־פּען איז פארשוויגן געוואָרן, און א גרויסע צאָל פון זיינע ווונדער־טיפן און פּערסאָנאזשן זיינען דורך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אָפּגעווישט געוואָרן, דאָך איז שלום עליכם נאָך דער דיכטער, וואָס איז שטענדיק ניי, פריש און ווירקט אויף דעם יידישן לייענער. שלום עליכם דארף נישט נאָר אָפּגעשאצט ווערן ווי א קינסטלער, נאָר קודם־כל ווי א קעמפער פאר דער ווירדע פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראטור. ס'איז מער ווי זיכער, אז ווען שלום עליכם וואָלט נישט באקעמפט די אלע שונד־שרייבער, וואָס האָבן צו יענער צייט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף די יידישע פאָלקס־מאסן, וואָלט די ליטעראטור נישט דערגרייכט אָט די הויכע מדרגה, אויף וועלכער זי געפינט זיך היינט צו טאָג. און אָט דער קאמף מיט שמ"רן און זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבן פאַרמיסטיקט די יידישע גאס מיט האַרצרייסנדיקע ראָמאַנען וועגן פרינצן, בעטלער, ציגיינער, אמתע און פאלשע בני־מלכים און בת־מלכהס — אָט דער קאמף איז נישט געווען קיין קאמף לשם קאמף, אָדער צוליב אַנדערע כוונות, נאָר א קאמף קעגן פארגיפטן די מאסן מיט באָבע־מעשיות, און פאַר צוגרייטן א באָדן פאַר א שיינער און קינסטלערישער ליטעראטור, און אויפוועקן אין די מאסן א חוש און געשמאַק פאר העכערם און שענערם.

ווען שלום עליכם וואָלט אפילו געהאט בלויז דעם איין און איינציקן פאַרדינסט, וואָלט דאָס אליין געווען גענוג, אז זיין נאָמען זאָל פאראייביקט ווערן און מיר זאָלן אים בלייבן שולדיק א טיפע דאנקבארקייט און אכטונג. אָבער ווי גרויס דאָס זאָל נישט זיין אָן און פאר זיך, איז דאָס צום גליק בלויז איין קליינטשיק טייל־עכל פון די אויפטועך פון דעם גייסטיקן ריז, וואָס הייסט שלום עליכם.

און נאָך א גרויסער פארדינסט מוז צוגערעכנט ווערן אָט דעם גרויסן מייסטער. צו יענער צייט, ווען די יידישע שפּראַך איז געווען פארמיאוסט און איז באַטראכט געוואָרן ווי א מינדערווערדיקע, ווי א זשארגאָן, וואָס איז נישט מסוגל צו פאַרנעמען קיין אָרט צוגלייך מיט אנדערע שפּראַכן — איז געקומען שלום עליכם

און האָט מיט זיין מייסטער־פען איבערצייגט: אַז דער „זשארגאָן" פארמאָגט אין זיך אלע שיינקייטן און אלע נויאנסן פון א זאפטיקער פאָלקס־שפּראך און אז אויף דער שפּראך קענען געשאפן ווערן אלע קולטור־ווערטן. מען דארף די שפּראך שלייפן, שארפן, פאָלירן, אָפּרייניקן זי פון פסולת, אָבער נישט קוקן אויף איר מיט א ביטול ווי אויף א שפּראך פון דעם עם־הארץ. ס׳מוז געזאָגט ווערן, אז נישט גרינג איז דאָס אָנגעקומען, אפילו שלום עליכמען, צו ברעכן באגריפן און פרינציפן, און מיט מעשים איבערצייגן די קעגנער פון יידיש, אז זיי זיינען נישט גערעכט און זייערע פאָראורטיילן זיינען פאלשע. ער האָט מיט גרויס טאלאנט ארויסגעברענגט די שיינקייט, בויגזאמקייט און זאפטיקייט פון דער יידישער שפּראך.

קומען אָבער אפּשאצן שלום עליכמען ווי א קינסטלער, דאן קאָן דאָס נישט געטאָן ווערן אין איין אָטעם, ווייל אומגעהויער גרויס איז די ירושה, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט. ס׳איז נישטאָ ממש קיין איין ווינקעלע אין יידישן לעבן, ווו זיין קינסטלעריש אויג האָט נישט ארייגעקוקט.

תנועות, העויות, השגות, דעם ארט דענקען, טראכטן און באטראכטן, די באציונג פון מענטש צו מענטש, פון קלאס צו קלאס, דאָס פיזישע און גייסטיקע, אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע — דאָס אלין האָט ער ארויסגעברענגט מיט זיין מייסטער־פען און צוגעטראָגן די מאסן. זיי האָבן זיך אליין דערקענט און מיטגעלאַכט מיטן מחבר אויף זייערע אייגענע הסרונות. זיי האָבן זיך אליין דערקענט אַדער זייערע נאָענטע, ווייל זיינע „העלדן" זיינען דאָך געווען נישט קיין אומבאַקאנטע פרינצן, נאָר יידן פון א גאנצן יאָר, און קאסרילעווקע האָבן זיי געקענט ווי זיך אליין. שלום עליכם האָט נישט אויסגעלאכט, נאָר מיטגעלאכט. מיט זיין געניאלן הומאָר, האָט ער אי געלערנט, אי קריטיקירט און ארייגעבראַכט א געזונטן, פריידיקן געלעכטער אין די סאמע אָפּגעשטאנענע שיכטן פון די יידישע הארעפּאשנע מאסן. דער שמייסער, דער בעל־עגלה און שטאל האָט דערפילט אן אינערלעכע פרייד, די דינסט־מויד און קוך האָט הארציק געלאכט פון זיינע מעשהלעך און אין דער זעלבער צייט אָנגערעגט געוואָרן צו לייענען ווייטער און ווייטער. די שפּראך איז א אייגענע, די טיפן היימישע, די טעמאטיק איז דאָך אזוי גוט באַקאנט די מענטשן. אין די פינצטערע הדרים, אין די קעלערס, ווו ארבעטער האָבן געפינצטערט אָן ליכט און אָן האָפּט, דאָרט האָט ער ארייגעוואָרפן א ליכטיקן שטראַל פון געזונטן פאָלקס־הומאָר און פרייד.

ער איז הויך און הויך א פאָלקס־שרייבער. ער האָט זיין מאטעריאל גענומען פון די טיפסטע טיפענישן פון יידישן מאסן־לעבן און האָט דאָס מיט זיין מייסטער־פען באארבעט און פון דער גרויסקייט ארויסגענומען די טייערסטע פערל.

עס איז אמת, אז שלום עליכם איז אונדזער גרעסטער הומאָריסט און האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער יידישער ליטעראטור. עס איז אָבער אויך אמת,

אז ער איז אונדזער גרויסער טראגיקער. „טביה דער מילכקער", זיין מאָנומענטאל ווערק, וואָס רופט ארויס אזא הארציק געלעכטער, רירט דאָך אין דער זעלבער צייט ביז טרערן איבער דער לאגע פון דער משפחה טביהס, וואָס איז איינגעשפּארט אין תחום המושב. מנחם מענדל איז דאָך א שטיק פון דער יידישער פאָלקס-טראגעדיע, די טראגעדיע פון מיליאָנען יידישע פאָלקס-מענטשן. ווי די יידישע מאסע איז מנחם מענדל געווען אונטערדריקט פון די צארישע געזעצן, גערודפט, געפּלאָגט און אָן א זיכערן מאָרגן. געכאַפּט זיך צו איין זאַך, מיינענדיק, אז דאָס וועט אים ראטעווען, גלייך דורכגעפאלן, כאפּט ער זיך צו א צווייטער, אָבער מיט דעם זעלבן רעזולטאט. מנחם מענדל איז א פּראָדוקט פון סאָציאל-עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פארהעלטענישן. דער גרויסער מייסטער שלום עליכם האָט די דאָזיקע פארהעלטענישן פארקערפּערט אין דער טראגי-קאָמישער פיגור פון מנחם -מענדל. . .

שלום עליכם האָט געלעבט און געשאפן אין אן עפּאָכע, ווען די רוסישע ארבעטער און פאָלקס-מאסן (די יידישע בתוכם) האָבן גענומען טרייסלען די זיילן פון צאריזם. הערלעכע פאקטן פון אידעאליזם און מארטירערטום האָט די געשיכטע דעמאָלט פאַרצייכנט, און שלום עליכם, ווי א רעאליסטישער קינסטלער, האָט נישט געקענט פארבייגיין אָט די היסטאָרישע עפּאָכע. ער האָט מיט זיין מייסטער-פּענזל פאראייביקט סיי די עפּאָכע און סיי די טיפן פון דער יידישער סביבה. דער מבול, פּעפּערל, יוסף דער אַגיטאטאָר און אסך אנדערע זיינען מאָנומענטן פון קעמפער פאר א בעסערער צוקונפט, אויסגעהאַמערט פון אַ זשעניע.

שלום עליכם האָט ניט געשילדערט די רעוואָלוציאָנערע העלדן בלויז ווי א שרייבער, נאָר מיטגעלעבט מיט זייער קאַמף און מיט זייערע אידייען, ווייל זיי זיינען אויך געווען זיינע אייגענע. זיינער איז געווען זייער קאַמף פאַר מענטשלעכער און פעלקר-באפרייונג. דורך דער שילדערונג פון זיינע העלדן דערפילט מען, וואָס ער, דער שרייבער אליין, דענקט און פילט.

ס'איז גענוג, מען זאָל אנאליזירן זיין מאָנומענטאל ווערק „ טוביה דער - מילכיקער", בכדי מען זאָל קומען צום באשלוס, אז שלום עליכם איז געווען פאר די יידישע ארבעטער אן אָנרעגער צום קאמף.

ווען טביה באגעגנט צום ערשטן מאָל פערטשיקן, דער רעוואָלוציאָנער, און פירט מיט אים א געשפּרעך, און פערטשיק קלערט אים אויף דעם זין פון זיין קאמף קעגן צעאריזם און קאפּיטאליזם, איז הגם טביה פארשטייט ניט די טעאָריע פון קלאסן, קאמף און די גאנצע רעוואָלוציאָנערע טערמינאָלאָגיע איז אים פרעמד , פילט ער דאָך, אז סיי דער מענטש און סיי זיינע געדאנקן זיינען אים נאָענט, ער געהערט צו זיין קלאס — א זון פון אן ארבעטער, א פּאפּיראָסניק.

שפּעטער, ווען דער זעלבער פּעפּערל ווערט זיין איידעם און ווערט פאַר־שיקט קיין סיביר פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און זיין טאָכטער פּערל פּאָרט איס נאָך, געזעגנט זיך טביה מיט זיין טאָכטער און זאָגט צו איר:

„איך ווייס אז דיין מאַן איז א מענטש, וואָס פאַר זיך אַליין אַרט אים ניט, — נאָר יענעמס, טובה, דער וועלטס טובה, דער עיקר פאַר די יגיע־כפּימניקעס, ד. ה. פאַר די אַרבעטער, פאַר די בעלי־מלאכות —, טאָ גרים אים, און זאָג, אז איך פאַרלאָז מיך אויף זיין יושר. ער איז דאָך א מענטש פון יושר און וועט מיין טאָכטער ניט פאַרפירן".

טביה דערפילט מיט זיין קלאַסן־אינסטינקט, אז דער קאַמף פון זיין איידעם איז ניט קיין פּערזענלעכער, נאָר פאַר אַלע אָרעמע און געדריקטע, אַזוי ווי ער — טביה איז. דעריבער גלויבט ער אין אים און צווייפלט ניט אין זיין יושר.

ווען זיין שפּעטערדיקער צווייטער איידעם, מאָטל קאַמזעלקע, זאָגט צו טביה'ן, אז ער וויל התונה האָבן מיט זיין טאָכטער ביי־זערט ער זיך, לפנים, „וואָס הייסט, דו האָסט זי ליב? פאַרוואָס זאָלסטו זי פיינט האָבן?". אָבער ביי זיך אין האַרצן טראַכט ער: „מאָטל קאַמזעלקע, א שניידער, א פיינער בחור, אַן אַרבע־טער־יונג, און דערצו נאָך אַן ערלעכער יונג — טאָ וואָס וויל איך נאָך?".

אָט אַזוי באַציט זיך טביה צו זיינע צוויי איידעמס. ביידע זיינען זיין גלייכן, ביידע געהערן צו זיין קלאַס. און כאָטש ביידע טעכטער פירן אַן אָרעם לעבן און אַרבעטן שווער, דאָך איז טביה צופרידן.

קיין מאַרקסיזם האָט טביה ניט געלערנט און דעם געראַנגל צווישן די אַנטאַ־גאָניסטישע קלאַסן באַנעמט ער ניט, אָבער, ווען ער קומט מיט זיי אין באַרירונג, פילט ער, ווער עס זיינען די שונאים פון אים, פון די אַרבעטער און האָרעפּאַשני־קעס. ווען לייזער וואָלף, דער אָנגעפּרעסענער קצב, קומט צו טביהן זיך שדכנען צו זיין טאָכטער רעדט ער אויף א לשון, וואָס טביה פאַרשטייט ניט. ער רעדט וועגן דעם מיידל, מיט וועלכער ער וויל התונה האָבן, ווי וועגן א קו, וואָס ער גייט קויפן, ווייל ער ווייסט, אז ער איז רייך, און טביה איז אָרעם. טביה פילט אַן עקל צו זיין אַרט דענקען און ער שיידט זיך מיט אים אויף זיין שטייגער:

„פע לייזער וואָלף, איך האָב געמיינט, אז איר רעדט וועגן מיין ריאבער קו, און צום סוף מיינט איר גאָר ימיין טאָכטער. א קינד איז ניט קיין בהמה! — רעוואָלטירט זיך טביה, און גיט צו — אזא פאַסקודנער נפש".

און ווייטער ווען זיין טאָכטער שפּרינצע פאַרליבט זיך אין דעם גבירס זונדל אַראַנטשיק, וואָס פּאַשעט זיך אויף דער דאַטשע. שפּרינצע מיטן גאַנצן ברען פון איר יונגע נשמה מיינט דאָס ערנסט. אָבער פאַרן רייכן פּוסט־און פּאַסניק, איז דאָס א צייט־פאַרטרייב. און ווען טביה טרעפט זיך מיט דעם נגיד, וואָס ער האָט

געמיינט, אז ער וועט זיין זיין מחותן, הערט ער פון אים אזעלכע ווערטער:
— „טביה, איר דאַרפט ניט פארגעסן, ווער איר זייט, און ווער מיר זיינען".

ווען ס'זאָל זיך האנדלען וועגן עטלעכע רובל, איז מהיכא־תיתי, אלס רע־קאָמפענסאציע, וואָלט ער מסכים זיין, אָבער זיך מתהתן זיין מיט א מענטש פון א פרעמדן קלאַס, דאָס ניט.

טביה גייט אוועק א צעבראָכענער, א באַליידיקטער, און די טאָכטער וואַרפט זיך פאר ווייטיק און שאנד אין טייך אריין און ווערט דערטרונקען. שלום־עליכם האָט דאָ מייסטערהאפט געשילדערט די קלאסן־פסיכאָלאָגיע פון די רייכע, זייער באציונג צום פאָלקס־מענטש און זייער איבערצייגונג, אז זייער קלאַס געהערן אַלע ווילטאָגן פון דער וועלט און דער אָרעמאַן איז בלויז אן אָביעקט זיי צו דינען און באדינען, א וועזן צום עקספּלאָאַטירן, כדי זיי, די נגידים, זאָלן רייכער ווערן, און לעבן א גוטן טאָג.

טביה צעוויינט זיך און פרעגט זיך אליין, פארוואָס? פארוואָס אזוי פיל באליי־דיקונגען און אזוי פיל טרערן? אָבער דעם פאַרוואָס קען נאָר פארענטפערן זיין איידעם פעפערל, און צום לעצט, זיין טאָכטער ביילקע, וואָס האָט חתונה מיטן רייכן פאָדריאַטשיק פדצור. זי דרייט זיך ארום ווי א פרעמדע אין איר אייגענעם פּאַלאַץ. זי קען ניט פארטראָגן ניט איר אייגענעם מאַן, און ניט די מענטשן, זיינע פריינט. זי פילט א שנאָה צו זייערע רייד, און צו זייערע מנהגים.

פדצור לייגט פאָר זיין פּרוי, אז זי זאָל געבן איר טאַטן, טביהן, געלט, און זאָל ער, פאָרן וווּהין ער וויל, אבי ער זאָל ניט זיין דאָ. ערשטנס, שטייט אים ניט אָן אן אָרעמאַן פאר א שווער, און צווייטנס, האָט ער ניט ליב בכלל קיין אָרעמע־לייט, אָרעמע ארבעטער דאַרפן נאָר האָרעווען, הונגערן, אים און זיין גלייכן רייכער מאכן, און מער גאָרניט. דער גוטער טביה ענטפערט אים אויף זיין אופן:

„איך — זאָגט טביה — האָב חלילה גאָרניט צו מיין טייערן גניידן (איידעם), נאָר א קאַזארמע זאָל אויף אים איינפאַלן.

שלום עליכם, ווי מיר זען, שילדערט די צוויי איידעמס: „מאָטל קאמזעלקע" און „פעפערל" מיט ליבע און אכטונג — מענטשן אָרעמע, אָבער ארבעטזאמע, אָרנטלעכע, און אידעאַליסטן, וואָס קענען זיך מקריב זיין פאַרן כלל. די רייכע: אראָנטשיק און פדצור שילדערט ער ווי עגאָיסטן, ליידיקגייער אָן א טראָפּן פון מענטשלעכקייט און געוויסן. מיט קינסטלערישע מיטלען האָט שלום עליכם ארויסגעבראַכט זיין אָפּשאַצונג פון די צוויי קלאַסן.

יעדער שרייבער ברענגט ארויס דורך זיינע העלדן, פּאָזיטיווע אָדער נע־גאַטיווע, זיין אייגענע מיינונג און שטעלונג, זיין סימפּאַטיע אָדער אנטיפּאַטיע צו געוויסע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. אויך שלום עליכם האָט דורך זיינע

ווערק ארויסגעבראכט זיין ליבע צום אָרעמען קלאס און זיין האס צו די אויסנוצער און פּאַראזיטן. ער לייגט אריין אין מויל פון זיינע העלדן, דאָס, וואָס ער אליין וואָלט געזאָגט.

ס'איז דעריבער זייער אינטערעסאנט, ווען חוה, זיין 5־טע טאָכטער, אנטלויפט פון איר פאַטערס שטוב צום גלח זיך שמדן, לעבט טביה איבער א שרעקלעכע טראגעדיע. טביהן איז שטארק ווייטיקדיק דאָס שיידן זיך מיט דער טאָכטער. און דאָך, ווען חוה באגעגנט אים און בעט זיך ביי אים, ער זאָל איר ניט אָפּשטויסן, איז טביה גובר זיין גרויסע פאָטערלעכע ליבע צו זיין קינד און פאר שטויסט זי, ווייל די גרויס זיין ליבע און זיין ווייטיק זאָלן ניט זיין, האָט דאָך דאָס נאציאָנאַלע געפיל איבערגעשטיגן. טביה איז א ייד . . . ער איז א המשך פון הונדערטער דורות יידן, וועלכע זיינען געבליבן טריי זייער גלויבן, זייער פאָלק, אין זייער געשיכטע. און דער, וואָס האָט איבערגעריסן דעם היסטאָרישן שנור, האָט אייך איבערגעריסן מיט אים, ווי בלוטיק־טייער דאָס זאָל ניט קאָסטן.

שלום עליכם, איז לויט זיינע ביאָגראַפן, געווען אן איבערגעגעבענער טרייער פאָטער, וועלכער האָט פארגעטערט זיינע קינדער. און דאָך האָט ער געשריבן אין פונקט 5 פון זיין צוואה:

"רעליגיעזע איבערצייגונגען קענען מיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן וואָסערע זיי ווילן, נאָר זייער יידישע אָפּשטאמונג, בעט איך, זיי זאָלן היטן. די יעניקע פון מיינע קינדער, וואָס וועלן זיך אָפּוואַרפן פון זייער שטאם און וועלן אריבער צו אן אנדער גלויבן, האָבן זיי זיך שוין אליין דערמיט אָפּגעוואָרפן פון זייער פאָלק און פון זייער פאמיליע און אליין אויסגעמעקט זיך פון מיין צוואה, אין להם חלק ונחלה בתוך אחיהם".

די זעלבע ווערטער, כמעט, האָט גערעדט טביה, יעדנפאלס דער אינהאַלט איז דער זעלבער.

שלום עליכם, דער קלאַסיקער פון אונדזער ליטעראַטור, איז געווען א־גרויסער קינסטלער, א געניאַלער הומאָריסט, א גרויסער ייד און מענטש ,און מיט זיינע וואונדערבארע ווערק האָט ער מיטגעווירקט, אז די יידישע ארבעטער און פאָלקס־מאסן זאָלן צוטראָגן א גרויס הלק צו דער באפרייונג פון דער מענטשהייט פון אלע איבלען, וואָס די קלאסן־צעטיילונג האָט געבראַכט.

# מאָריס ראָזנפעלד און מאָריס ווינטשעווסקי — צוויי אַרבעטער-דיכטער

די נייע יידישע ליטעראַטור איז אַ גרויסער בר־מזל, אין דעם רעלאַטיוו קורצן פּעריאָד פון איר עקזיסטענץ, איז זי געשטיגן צו אַ פאַרנעם פון אַ וועלט-ליטעראַטור. איר גליק איז געווען, אַז ווען זי איז נאָך געליגן אין די וויקעלעך, זיינען כמעט אין איין און דער זעלבער צייט אויפגעשטאַנען קינסטלער פון וואָג און פאַרנעם, וועלכע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אַרום איר וויגעלע און מיט זייער פענאָמענאַלן טאַלאַנט און אויסערגעוויינלעכער ליבע - זי געגומען כאַוועז און דערציען. דאָס זיינען געווען אונדזערע קלאַסיקער: מענדעלע, פּרץ, שלום עליכם און פרוג. שפּעטער אַביסל זיינען צוגעקומען נייע שרייבער, נייע טאַלאַנטן: אַש, רייזען, נאָמבערג און הירשביין. דאָס יידישע שטעלט מיט אַלע זיינע ניואַנסן, דער יידישער אָרום האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער גרויס און ברייט: מענדעלעס בעל־טאַקסעס, מנהיגים, קליינע מענטשעלעך, פּרצס פּילפּאַרביקע פּערסאָנאַזשן, שלום עליכמס עמך.

דער יידישער בעל־מלאכה פאַרנעמט גאָר אַ גרויסן פּלאַץ אין די ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער, דער געזעל אויך, אָבער דער ריכטיקער אַרבעטער, דער באַוווּסטזיניקער פּראָלעטאַריער שוועבט דורך ווי־ניט־ווי. ווייניק פאַבריקס־אַרבעטער זיינען דעמאָלט געווען אין דער יידישער סביבה. באַזינגען דעם אַרבעטער, זיין לעבן, זיינע שטרעבונגען, דאָס האָט געטאָן אברהם רייזען. אַרבעטער־לידער מיט אַ רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט זיינען געשריבן געוואָרן אין דער אַלטער היים אויך דורך אַנדערע, אָבער דאָס זיינען געווען לידער מיט רמזים...., דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט האָט דאָס פאָלק אַליין אַריינגעגעבן. און עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך: דער גרויזאַמער צאַריזם האָט פאַר אַזעלכע לידער צוגעגרייט „פיינע" טורמעס און קאַטאָרגעס. די ריכטיקע פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע האָט איר אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג געפונען אין אַמעריקע.

צו פאַרשטיין, פאַרוואָס גראָד אַמעריקע איז געוואָרן דער פּלאַץ, וווּ ס'האָבן זיך אַנטוויקלט די יידישע פּראָלעטאַרישע שרייבער און דיכטער, מוז מען נעמען אין באַטראַכט די אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און באַדינגונגען, דעם גרויסן אימיגראַנטן־שטראָם נאָך די פּאָגראָמען אין יאָר 1882. די יידישע אימיגראַציע

פון אמאָליקן רוסלאַנד, פּוילן און ליטע איז באַשטאַנען פון מענטשן פון אַלערליי שיכטן און גראַדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַמאָליקן שטעטל, אָבער אין אַמעריקע איז אָפּגעריסן געוואָרן די מחיצה, וועלכע האָט געהאַט איר פעסטן קיום דאָרט אין דער אַלטער היים. דער סוחר פון דער היים, דער וויל־לערנער, דער בעל־יחסן איז געוואָרן אין אַמעריקע כאַציאַל גלייך מיט דעם שוסטער, שניי־דער, בעל־עגלה און וואַסער־פירער פון דער היים. דאָרט פלעגט זיי ניט אָנשטיין אפילו זיך צו באַגעגענען מיט זיי, ס'איז געווען נידעריקער פון זייער יחוס זיך צו חברן מיט א בעל־מלאכה: אין אַמעריקע זיינען זיי געוואָרן גלייך עקאָנאָמיש און כאַציאַל. אלעמען האָט זיי דער „סוועטשאַפּ" פאַרשלונגען. די שווערע אַרבעט, דער הונגער־לוין האָבן געמוזט ווירקן, אז זיי זאָלן זיך אַנטוויקלען פּאָליטיש אין דער ריכטונג פון קלאַסן־קאַמף, און דער ריכטונג פון קאַמף אויף צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די לאַגע האָט רייף געמאַכט דעם באָדן פאַר פּראָלעטאַרישן דיכטער: ווען אין דער אַלטער היים איז אומגעהויער שנעל געוואַקסן די יידישע ליטעראַטור אויפן געביט פון פאָלקסטימלעכן ראָמאַן און דערציילונג, האָט אין אַמעריקע זיך צעבליט די יידישע פּראָלעטאַרישע פּאָעזיע.

אויפן ווילן זיינען געווען: דער אסימילירטער יידישער בחור פון קאַלוגא, וואָס האָט כמעט קיין יידיש ניט געקענט, ה. עדעלשטאַט; דער טיפער יידישער אינטע־ליגענט מיט פיל וויסן, דער ווייסרוסישער בחור, יוסף באָווישאָווער; דער ישיבה־בחור פון סוואַלק־פּוילן, מאָריס ראָזענפעלד, און דערנאָך איז צוגעקומען פון לאָנ־דאָן דער „ליטוואַק", א העברעיִשער שרייבער בן־נץ, וואָס איז געוואָרן שפּעטער מאָריס ווינטשעווסקי.

אַט די 4 יידישע דיכטער זיינען געוואָרן די שטורעם־גלאָקן, וועלכע האָבן מיט זייערע לידער געוועקט דעם יידישן אַרבעטער צום קאַמף ניט נאָר אין אַמע־ריקע, נאָר אויך אין רוסלאַנד און פּוילן, און בכלל, וווּ יידישע אַרבעטער האָבן זיך נאָר געפונען.

ס'איז אָנגענומען ווי אן אקסיאָמע, אז מענדעלע איז דער זיידע, פּרץ איז דער פאָטער און שלום עליכם איז דאָס איינעקל פון דער יידישער ליטעראַטור. אין דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור ווערט גערעכנט מ. ווינטשעווסקי אלס דער זיידע און מ. ראָזענפעלד אלס דער פאָטער. אָט דער שניידער, וואָס האָט געקעמפט פאַר זיין אָרעמען אָבער אָרנטלעכן שטיקל ברויט, אַרבעטנדיק מיט דער נאָדל, האָט נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט קיין פאַרמעגנס, אָבער זיין פעדער, וואָס האָט געקעמפט פאַר יידישער און מענטשלעכער פרייהייט, האָט איבערגעלאָזט א גרויסע ירושה פאַר אונדזער קולטור,און פאַר אירע קאָנסומענטן - די יידישע פאָלקס - מאַסן. און ווען מיר רעדן איבער דעם לעבן און שאַפן פון מאָריס ווינטשעווסקי און מאָריס ראָזענפעלד פרייען מיר אָפּ אין זכרון דעם איינדרוק,

וואָס עס האָבן געהאַט זייערע לידער אויף דער פסיכישער און גייסטיקער אנט־וויקלונג פון די יידישע פאָלקס־מאסן.

ס'ווערט דערציילט, אז אויף א באנקעט, וואָס איז געמאכט געוואָרן פאַר דעם רוסישן שרייבער גאָגאָל, וועלכער האָט אומברחמנותדיק אויפגעדעקט די עוולות קעגן די פאָלקס־מאסן, האָט איינער פון די אָנטיילנעמער אין זיין רעדע זיך געווענדעט צום שרייבער: „דו גרויסער מייסטער, פארוואָס האָסטו אין דיינע בּאלאנטפולע ביכער אזוי מיאוס געמאָלן אונדזער פאָטערלאַנד?" גאָגאָל האָט אים געענטפערט: מאמעלע רוסלאנד, טייערע, איך האָב דיך אזוי שטארק ליב, אָבער דו ביסט אזוי מיאוס..." אין דעם ליגט דער גרויסער אמת, אז יעדער קינסטלער, אויף וועלכן געביט ער זאָל ניט זיין טעטיק, אויב ער איז נאָר אָרנ־טלעך און מענטשלעך, מוז ער זיך שטעלן אין די רייען פון פאָלק, ד. ה. פון די גרויסע מאסן, וואָס ארבעטן און שאפן אלע רייכטימער און באקוועמלעכקייטן. ער שטייט ניט צו ווי א סטאטיסט, נאָר נעמט א דירעקטן אָנטייל אין קאמף מיט דעם געווער, וואָס ער פארמאָגט. איז דאָס א שרייבער, דאן מאכט ער פון זיין פען א געווער. אין די קאפיטאליסטישע לענדער שטעלט ער זיך אין די רייען פון דעם קלאס, וואָס ליידט הונגער און נויט, קעגן דעם קלאס, וואָס פּראָדוצירט ניט, נאָר קאָנסומירט און לעבט אויף דעם חשבון פון די הונגעריקע און עקספּלאָ־אטירטע שקלאפן. וואָס שארפער עס איז די נויט ביי דעם ארבעטער־קלאס, אלץ רייכער און פארשווענדערישער איז דאָס לוקסוס־לעבן פון דער בורזשואזיע.

דער הערשנדיקער קלאס איז פּאַראינטערעסירט, אז אַזאַ אָרדענונג זאָל שטענדיק עקזיסטירן און די סיסטעם פון עקספּלאָאטירן מענטשלעכע האָרעוואַ־ניע און שוויים זאָל ניט אונטערגיין, כדי צו קענען לעבן אין לוקסוס. פאר דעם צוועק האָט די בורזשואזיע אן אומגעהייערע מענגע פון לערער, שרייבער, דיכ־טער, און אנדערע קינסטלער, וועלכע גלאָריפיצירן די קאפּיטאליסטישע אָרדע־נונג און מיט דעם כוח פון זייער טאלאנט פארטומלען און פארטונקלען זיי די מוחות פון די ארבעטער־מאסן, אז זיי זאָלן ניט דערזען די אמתע סיבה פון זייער טרויעריקן לעבן. א גרויסע צאָל פון די שרייבער, וועלכע דינען דעם הערשנדיקן קלאס זיינען טאקע אייגענע מענטשן, ד. ה. פון זעלבן קלאס. עס זיינען אויך פאראן דיכטער און שרייבער, וועלכע קומען פון די אָרעמע שיכטן און האָבן פארקויפט זייער פען און טאלאנט אויף צו פארטיידיקן די קליינע מינדערהייט קעגן דער גרויסער מערהייט.

דער ארבעטער־קלאס האָט אָבער זיינע אייגענע דיכטער און שרייבער, און זיי ווערן אין אלגעמיין באצייכנט אלס פּראָלעטארישע שרייבער. דער גרעס־טער פּראָצענט פון אָט די שרייבער קומט פון די אייגענע רייען, אָדער זיי שטאַ־מען פון ארבעטער, אָדער זיי אליין זיינען ארבעטער. נאטירלעך, זיינען אויך

דאָ שרייבער, וועלכע זיינען געקומען פון דעם רייכן קלאַס און דינען מיט זייער פען די ארבעטער־מאסן. אָבער די זיינען ניט געקומען צוליב געלט אָדער אנדערע פריווילעגיעס, נאָר געטריבן דורך זייער געוויסן, דורך דער שטרעבונג צו יושר און גערעכטיקייט, זיי קומען גרייט זיך צו שטעלן אין די רייען פון די קעמפער פאַר א שענערער וועלט, א וועלט אָן קלאסן, אָן קאסטעס און אָן הונגער... אָבער, אז אַזאַ צייט זאָל קומען מוז מען פאַר דעם קעמפן און דער וועג צו דער פרייהייט איז א שווערער; ער פירט דורך הונגער, נויט, טורמעס, קאטאָרגע, עשאפאָטן. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעשטעלט אמתע פרייהייט־קעמפער דעם וועג צו גיין. א גרופּע יידישע שרייבער און דיכטער האָט דער אידייע פון פרייהייט־קאמף אין סוף פון פארגאנגענעם יאָרהונדערט און אין אָנפאנג פון דעם אוועקגעשענקט איר לעבן, געזונט, טאלאנט. צו דער גרופּע האָבן געהערט די 4 אויבנדערמאָנטע שרייבער און דיכטער, וועלכע, ניט נאָר דער ארבעטער־קלאַס, נאָר די גאנצע מענטשהייט דערמאָנט מיט ערע. אין דעם גיגאנטישן געראנגל צווישן קאפּיטאל און ארבעט, האָבן זייערע לידער געדינט ווי א קאמפס־סיגנאל און ווי א כּטימול פאַר א בעסערן מאָרגן פאַר אַלע מענטשן. ניט־קוקנדיק אויף דעם, וואָס די טעמאַטיק איז ביי זיי אַן ענלעכע און דער ציל אויך דער זעלבער, זיינען זיי אָבער פארשידנארטיק אין זייער דיכטערישער פּאָטענץ. ד. עדעלשטאַט איז א הייסבלוטיקער קעמפער, עקסטרעם רעוואָלוציאָנער. באָוושאָווער איז טיפזיניק, פילאָזאָפיש, ראָזענפעלד איז פּאַטעטיש־ראָמאנטיש, און מאָריס ווינטשעווסקי — סארקאַסטיש און כּאַטיריש. אָבער יעדער איינער פון זיי ווייסט און פאַרשטייט, אז ער איז א סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציאָנערער ארמיי, זיין אָרט איז צווישן די ליידנדע אַרבעטער, און זיין מיסיע איז: וועקן און מונטערן צום קאמף. זיין פען איז זיין געווער, וואָס מ׳ז פריי בלייבן ביז זיין טויט, און דינען דעם ארבעטער־קלאַס.

ד. עדעלשטאַט וואָרנט פון מענטשן, וואָס פארקויפן זייער פען און נשמה. אין זיין ליד „צו מיין פעדער" זינגט ער:

פארקויף ניט די פעדער און דיין זעלע —<br>
דיין הייליקער לעבנס־געצעלט.<br>
דיין קערפּער וועט שטארבן, דיין פעדער וועט לעבן<br>
און ריידן פון דיר צו דער וועלט.

פארקויף ניט דיין פעדער, אין קעלט און אין הונגער,<br>
פאראכטעט, פארלוימט און פארפאָלגט<br>
בלייב טריי דיין געוויסן, פון שוועל ביזן קבר<br>
זינג צו דעם ליידנדן פאָלק.

מאָריס ווינטשעווסקי אין זיין ליד „אין קאמף" דריקט זיך אויס, אז זיין פען איז זיין געווער אין קאמף:

**ווען דער שטרייט וועט באַגינען**
**פאר דער פרייהייט קעגן געלט,**
**וועט איר אפשר מיך געפינען**
**אין די רייען אויפן פעלד.**

**דאָרטן וועל איך מיינע ברידער**
**פירן ניט אלס גענעראל,**
**איך וועל נאָר מיט פרייהייטס - לידער**
**זיי דערמונטערן איבעראל.**

**דען צום קאמף וועט מען דארפן,**
**יענעם טאָג פון היץ און דראנג**
**חוץ דעם ביקס, דעם שווערד דעם שאַרפן**
**א באַגייסטערטן געזאנג.**

מאָריס ראָזענפעלד, ווען ער שטעלט זיך אין די קעמפער-רייען, טוט ער דאָס מיט דעם פולן באוווסטזיין, אז דאָס בעסטע, וואָס ער פארמאָגט, מוז ער שטעלן צום דינסט זיין פאָלק און זיין קלאַס, און דאָס בעסטע, וואָס ער פארמאָגט, איז דאָך זיין פען.

און ער זינגט:

**נאָר פאר די, וואָס שאפן, גליט מיין מוזע,**
**פאר די וואָס העלפן זיך אליין,**
**וואָס קרשן ניט דעם גבירס מזוזה,**
**ווי בעטלער ביי זיין טיר שטיין.**

אונדזערע ארבעטער-דיכטער האָבן געוווּסט, אז זייערע לידער זיינען ניט שטענדיק אזעלכע, וואָס קענען דערפרייען און פארשאפן פארגעניגען. זייערע לידער זיינען אָפט טרויעריקע, פול מיט פיין און געוויין. מיט סארקאזם דערמאָנען זיי די, וואָס מיינען, אז פּאָעזיע דאַרף בלויז זינגען פון זאַכן, וואָס זיינען הימליש. ד. עדעלשטאט ברענגט ארויס אין זיין דערציילונג „ווערא", וואָס פאר א פּאָעזיע די זאטע, איבערגעפרעסענע און צופרידענע דערוואַרטן פון זייערע דיכטער און פּאָעטן, און וואָס פאַר א סאָרט פּאָעזיע זיי דארפן ליפערן זייערע באַלעבאטים. ס'איז אמת אז פאר דער בורזשואזיע זיינען לידער, וואָס זינגען פון נויט און פון דלות און רופן צום קאמף קעגן די, וואָס האָבן אלץ פאר זיך צוגענומען — ניט קיין פּאָעזיע. אָבער, פאר דעם פאָלק, וואָס ליידט, זיינען די לידער פון ראָזענפעלד און ווינטשעווסקי א באַלזאַם צו זיינע וווּנדן און אן אָנזאָג פון זיין באפרייונג. די דיכטער זעלבסט האָבן באגלייך מיט די גרויסע מאסן געלעבט א געמאטערט און פארשקלאפט לעבן. אין די וווּנדערבארע פּערזן פון מ. ראָזענפעלדס ליד „פארוואָס איך בין איך" ווערט דאָס קלאָר:

אין טיפן יאוש פון מיין ליד
האָט אומגעשוועבט א הויכעס שטרעבן,
האָט שטילעס וועקן היים געגליט
און דעם סיגנאל צום קאמף געגעבן.

איך האָב דעם רייכן ניט פארדאמט
דערפאר וואָס ער פארברענגט אין פריידן,
נאָר דערפאר ווייל ער האָט דעם וועג פארצאמט
צו פרייהייטס הערלעכן גן עדן.

איך בין קיין צוקוקער געווען
צו דעם בארויבטנס קלאָגן,
דאָס איז מיט מיר אליין געשען,
אליין האָב איך דאָס אומגליק געטראָגן.

אזעלכע לידער קענען ניט פארשאפן קיין פרייד, נאָר פארקערט, זיי מאכן נאָך טרויעריקער, ווייל זיי צווינגען צו דענקען פון זיך אליין און פון מיליאָנען אנדערע. אָבער דאָס איז דאָך די מיסיע פון פראָלעטארישן דיכטער צו מאָלן דאָס לעבן ווי עס איז און אויפהויבן די פאַרהאנג פון דער צוקונפט, ווען ארבעט וועט זיין א פרייד, א שטאָלץ און א פאַרגעניגן.

אין די פאבריקן, אין די זאַוואָדן, ווו די ארבעטער האָבן געארבעט, האָבן זיי אָט די לידער געזונגען און אויסגעזונגען — דאָס, וואָס זיי האָבן טיף אין הארצן געפילט. זיי האָבן די לידער אדאָפּטירט ווי אייגענע, ווי לייבלעכע, ווייל יעדער סטראָפע האָט אנגערירט א שטיק פון זייער טאָג-טעגלעכן לעבן.

דער דיכטער איז געוואָרן זייער ברודער, זייער נביא. די דיכטער האָבן אין זייערע לידער אויסגעזונגען זייער אייגענעם און דעם מענטשלעכן ווייטיק. דעריבער פילט מען אין די לידער נשמה און הארץ, און דאָס האָט באווירקט. ה. עדעלשטאט כאראקטעריזירט דאָס אין זיין ליד „צוויי מאָלער”:

איין מאָלער האָט דעם יאָמער־טאָל באשריבן
און האָט אלס פארב באנוצט זיין בלוט אליין,
מיט טרערן זיינען מענטשן שטיין געבליבן
פאר זיין בילד אזוי הייליק שיין.

דעם צווייטן מאָלער האָט די זאך פארדראָסן.
ווארט! איך וועל אייך ווייזן וואָס הייסט גוט,
און האָט אן עמער וואסער צוגעגאָסן
דאָרט ווו מען דאַרף איין טראָפּן הארצנס־בלוט.

דאָס בילד איז פארטיק.ס'עקלט צום שטארבן,
ס'האָט קיין בלוט, קיין לעבנס־קראפט.
א גאנצער צעבער מיט געמאכטע פארבן
קען ניט פארבייטן איין טראָפּן הארצנס־בלוט.

די לידער זיינען געשאַפן געוואָרן אין פאַבריק ביי דער אַרבעט, ביי דעם רעש פון די מאשינען, ווען די כוחות האָבן זיך אויסגעלאָזט פון מידקייט און אין קאָפּ האָט געעקבערט דער געדאנק, וואָס טוען אין שטוב די פרוי מיט די קינדער? – אין שטוב איז קאלט און קיין געלט אויף ברויט ניט איבערגעלאָזט. דאָס הארץ ווערט צעריסן ביי מאָריס ראָזנפעלד, ווען ער דערמאָנט זיך אָן זיין מיידעלע, אָן זיין לאהלען. זי איז הונגעריק, זי בעט ביי דער מאמען עסן, זי גייט ארום נאקעט און באָרוועס. לאהלע וויל א קליידעלע, שיכעלעך אָבער דער אָרימער טאטע האָט גאָרניט צו געבן זיין ליב טעכטערל, און צו אנדערע מיליאָנען ארבעטער־קינדער, ווי נאָר בלויז א ליד. די נאטור האָט באשאָנקען דעם דיכטער מיט טאלאנט און מיט א פילנדיק הארץ, דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס ער פארמאָגט, און וואָס די רייכע קענען ביי אים ניט צונעמען און ניט אָפּקויפן, דעריבער ווידמעט ער זיין ליד לאהלען.

ראָזנפעלד ווייסט, אז זיין לאהלע וועט פון דעם ליד ניט זאט ווערן, נאָר זאָל זי כאָטש וויסן, אז ניט ער, איר טאטע, איז שולדיק אין דעם, וואָס זי הונגערט. לאהלע איז נאָך אפשר צו קליין צו פאַרשטיין דעם פארוואָס, אָבער אנדערע, וועלכע זיינען גרעסער און קרעפטיקער וועלן פארשטיין, און וועלן קעמפן פאר א וועלט, וווּ דער עיקר וועט זיין: אלע פארגעניגנס פאר די קינדער, ווייל די קינדער זיינען די בלו־מען פון לעבן.

ווײנט דאָס קליי:ע לאהלע,
ווײנט און בעט אָן אייעלע

ווײנט דאָס קליי:ע לאהלע,
ווײנט און בעט אָן אייעלע,
מאמעניו, קאָך אָפּ.
און די מאמע טרויעריק
קוקט זיך אום באדויעריק
און שאָקלט מיטן קאָפּ.

קינד! אָן איי איז טייער איצט,
יקרות טייער איצט,
שרעקלעך וואָס דאָס קאָסט.
דעם טאטנס שכירות סטייען ניט,
ס,איז דאָ א טראָסט.

קינד! אן איי איז טייער איצט,
יקרות טייער איצט,
שרעקלעך וואָס דאָס קאָסט.
דעם טאטנס שכירות סטייען ניט,
און ס'העלפט קיין שרייען ניט,
ס'איז דאָ א טראָסט.

נו טאָ קויף מיר א קעזעלע,
קויף מיר מילך א גלעזעלע,
פּוטער וויל איך צום ברויט.
דאָס די מוטער הערנדיק,
קוקט איר קינד צערנדיק
און פילט דעם טעם פון טויט.

קינד, מען טאָר ניט בעטן מער,
מילכיקס קען ניט זעטן מער,
עס, וואָס דו האָסט.
דעם טאטנס שכירות קלעקן ניט,
די פּאדינסטן דעקן ניט,
ס'איז דאָ א טראָסט.

טאָ גיב מיר יויך א ביסעלע,
גיב מיר פלייש אין שיסעלע,
א הינדעלע האָב איך ליב.
דו קאָרמעסט מיר רק מיט סקאָרינקעס
הארטע און פארשימלטע,
גוטע זאכן, מאמע, גיב.

נו טאָ קויף א קליידעלע,
זעקעלעך מיט שיך.
איך וויל מיט דיר שפּאצירן גיין,
וויל איך מיך פּארצירן שיין,
פון מיך איים אויף גיך.

אָבער וואָס ווייסט לאָהלע פון טראָסט! קען זי דען פארשטיין, אז אונטער דעם וואָרט טראָסט, ליגט א באַנדע ליידיק-גייער, וואָס נעמען צו אויף א גזזעצלעכן אופן ביי די קינדער די מילך און ביי די דערוואקסענע דאָס געזונט און דאָס לעבן.

ראַזנפעלדס לידער זיינען ניט אלעמאָל ווי די ליטערארישע כללים עבטע פּאַעזיע. אויך זיין שפּראך איז ניט אזוי ריין יידיש. זי איז דייטשמעריש. אָבער

אין א סך פון זיינע לידער פילט זיך דער פולס פון אן אמתן דיכטער.זיין שווערע ארבעט ביי דער שניידעריי גיט אים ניט קיין צייט צו פאַלירן און שלייפן יעדן פערז. זיין פרנסה האָט ער געצויגן פון דער נאָדל און פון דעם פרעס־אייזן. פאר זיינע לידער האָט ער א לאנגע צייט ניט געקראָגן געצאָלט. שמר׳ס א טאָכטער, וועלכע איז געווען באפריינדעט מיט ראָזענפעלדס פאַמיליע, דערציילט אַזאַ טרויריקן עפּיזאָד:

מ. ראָזנפעלד האָט אריינגעבראכט אין אַ רעדאקציע עטלעכע לידער און פאָרגעלייגט דעם רעדאקטאָר ער זאָל אים באצאָלן. דער רעדאקטאָר האָט ברוטאל צוריקגעוואָרפן די לידער און זיך צעשריגן: „איך קויף ניט קיין לידער״. ראָזענפעלד האָט אָבער געוווסט, אז אין שטוּב איז ניטאָ קיין פיצל ברויט, האָט ער מיט ווייטיק אראָפּגעשלונגען די באליידיקונג און אָנגעהויבן צו ארגומענטירן צום רעדאקטאָר: „אויב איר וועט ניט קויפן מיינע לידער, טאָ פון וואָס וועל איך לעבן? ער האָט אַ נידערגעשלאָגענער זיך אומגעקערט אהיים און דערציילט דער פרוי דעם ענטפער וואָס ער האָט געקראָגן פון רעדאקטאָר. די פרוי, זעענדיק אירע קינדערלעך הונגעריקע און פארשמאכטע - האָט זי אליין גענומען דאָס פעקל לידער און איז אוועק צום רעדאקטאָר. נאָך פיל בעטן און וויינען, האָט דער רעדאקטאָר איר באצאָלט פאר די לידער די „גרויסע״ סומע פון 25 סענט, און אָנשטאָט צוריקצוברענגען די לידער האָט זי געבראַכט ברויט פאַר די קינדער.

ראָזנפעלד איז געווען א דיכטער פון גרויסע מעגלעכקייטן און רעקורסן. וועגן אים האָט געזאָגט קלמן מרמר: „ער איז א מענטש פון א גרויסער עלעמענטאַרער פּאָעטישער גבורה״. ער איז אויך געווען פילזייטיק. ער האָט געזונגען וועגן דער נאטור, וועגן ליבע, פאראָדירט גרויסע ניט־יידישע דיכטער, און איבערהויפּט פארנעמען ביי אים א גרוים פלאץ נאציאָנאַל־יידישע מאָטיוון, פיל ביבלישע זאכן ווערן דורך אים איבערגעדיכטעט. זיינע לידער זיינען קרעפטיקע. פרישע, אייניקע פון גרויסן ליטעראַרישן ווערט און אייניקע מיטלמעסיקע. אָבער אין אלע פילט זיך דער אָטעם פון טאלאנטפולן דיכטער. ראָזענפעלד איבערראשט אָפּטמאָל מיט זיין אָפּטימיזם. סאָציאל זיינען די קוואלן, פון וועלכע ער שעפּט זיין אינספּיראַציע. ער, דער בלוטיקער אָרעמאן, דער בעל־מטופל מיט קינדער, וואָס ליידן הונגער און נויט, דער, וועמענס פרוי, אין וועלכער ער איז פאַרליבט פון זיין פריסטער יוגנט, ווערט פארצערט און פארעלטערט פון צרות פאר דער צייט דער, וועמענס שטאָלץ ווערט געטראָטן מיט די פיס, זעט ארום זיך גענוג כוחות, וואָס וועלן אָפּשאפן דאָס שלעכטע און שאַפן אַ נייע וועלט. ראָזנפעלד קען זיין ראָל אין קאמף פאַר א בעסערער וועלט און עס טוט אים וויי, ווען ער זעט,— אז די ארומיקע פארשטייען אים ניט. זיין ווייטיק דריקט ער אוים אין א ליד צו די וואָס פארלוימדן אים, און אליין זיינען זיי טויגניכטסן. צער און פראָטעסט דריקט ער אוים אין ווערטער, וואָס קומען פון א באליידיקט געפיל און א פארבלוטיקט הארץ:

איך בין א „לאטוטניק", גאַרנישטן
זענט איר ־ דאָס איז וואָר.
גאַנצעס קאָן איך ניט פיקסן,
לומפּן פיקס איך נאָר.

אלזאָ שטומט אין אייערע זומפּן,
איר שמירער פון באטרוג.
דען צו שנײדן אײך לומפּן
בין איך נאָך שטארק גענוג.

ס׳איז באוווסט, דער רעדאקטאָר פון דער גרעסטער יידישער צייטונג אין נאָרד־אמעריקע „דער פאָרווערטס", אב. קאהן, האָט פארשפארט פאר ראָזנפעלדן אלע טירן, ער זאָל זיך ניט קענען דרוקן און אים ארויסגעיאָגט פון דער ארבעטער־סביבה. קיין אנדערע נעמען אויסער „בעזגראמאָטנאיא, סוואָלאָטש" האָט ער פאר אים ניט געהאט. געבראָכן פיזיש, א פאראליזירטער אויף דער רעכטער זייט, האָט דאָך ראָזנפעלד געפונען אין זיך כוחות צו זינגען פון נאטור־שיינקייט, פון מענטשן־ליבע. דאָס איז דערפאר, ווייל ער איז געווען דיכטער דורך און דורך. זיינע לידער זיינען איבערגעזעצט אין אנדערע שפּראַכן. א סך האָט ער געשריבן אין ענגליש.

עדעלשטאט און באָוושעווער זיינען אידעיש־פּאָליטיש געווען אנארכיסטן. די ליידן פון דעם יידישן פאָלק זיינען ביי זיי געווען איינגעשלאָסן אין די מאָטיוון פון אלגעמיינעם קאמף קעגן אומרעכט. ראָזנפעלד איז אָבער געווען א נאציאָנאַליסט. ער האָט דעם קאמף געפירט מיטן בליק: וואָס איז גוט, און וואָס איז שלעכט פאר יידן. אין זיינע נאציאָנאַלע לידער פאַרנעמט א גרויס אָרט דער מאָטיוו „גלות און היימלאַנד".

זיינע נאציאָנאַלע לידער זיינען געווען שטארק פאַרשפּרייט און פּאָפּולער צווישן דער ציוניסטישער יוגנט. זיין ליד „אויפן בוזעם פון דעם ים" איז געווען זייער פּאָפּולער אויף ציוניסטישע אונטערנעמונגען.

די שפּראך יידיש איז פאַר מ. ראָזנפעלד געווען די שפּראך פון יידישן פאָלק. ער האָט אין איר ניט בלויז געשאפן, נאָר האָט זי אויך ליב געהאט; און ער חוזקט פון די, וועלכע ווילן זי מבטל זיין אלס א גלות־שפּראַך. ער ענטפערט זיי מיט א ליד, וואָס הייסט „יידיש", אין וועלכן ער ברענגט ארויס די גאנצע שיינקייט, זאפטיקייט, זיסקייט, וואָס ליגט אין מאמע־לשון:

איר פרעגט אויב יידיש איז א שפּראך
גראמאטיש און נגידיש,
איך קען אייך זאָגן איין זאך,
דעם יידנס שפּראך איז יידיש.

זוכן ליגט ניט אין מיין פאך,
פון וואנען ווערטער שטאמען,
איך וויים נאָר ־ אז איך ליב מיין שפראך ־
דאָס לשון פון מיין מאמען.

אין יידיש טרוימט מיין ארימער ייד,
וואָס טויג מיר יעדער פשטל,
אין יידיש קלינגט שולמית־ליד,
אין יידיש רעדט מיין שטעטל.

מיין מירעלע אפרת רעדט זשארגאָן,
מיין באָנטשע שוויגט אין יידיש,
און ביידע שטייען אויבן אָן
אין זיינען שיין א חידוש.

ווי פיין דאָס יידישע קינד זיך שפילט
מיט זיינע ווייסע ציינדרעלעך,
ווי שיין פישקע דער קרומער שעלט
א „ביאָך" אין זיינע ביינדרעלעך.

ווי ליב מיין מאַמעס ניגון קלינגט
פון יענעם ווייסן ציגעלע
וואָס רעדט יידיש, און וואָס ברענגט
א הימל אין מיין וויגעלע.

אין יידיש קרעכצט די פאבריק,
אין יידיש רוישט מיין קנאה
ווען שונאים טרייבן צוריק
דעם ייד פון זיין מדינה.

ס'מעגן געבן אונדזערע פני
פאר אונדזער שפראך א גראָשן,
מיר לאכן זיך אוים פון זיי
און מיר רעדן מאמע־לשון.

אָט אזוי נעמט אויף דער דיכטער אונדזער שפראך יידיש.

מ. ראָזנפעלד האָט ניט נאָר געשריבן לידער נאָר אויך: פראָזע, דערציי־לונגען, פעליעטאָנען און פארצייכענונגען. אין זיין פראָזע איז ער שארף און האָט א רייכע פאָלקסטימלעכע און זאפטיקע שפראך. זיין פראָזע איז יידישער, האָט ווייניקער דייטשמעריזם, ווי זיינע לידער. מיר גלויבן, אז די סיבה פון דעם

איז, וואָס אין זײַנע לידער האָט ער צוליב א פערז, אָדער א גראַם געמוזט זוכן דאָס ריכטיקע וואָרט, און גראָד איז ניט געקומען דאָס פּאַסיקע יידישע וואָרט.

ראָזנפעלד איז נאָך ניט גענוג אָפּגעשאַצט געוואָרן. מיר זאָגן נאָר ארויס אונדזער מיינונג ווי א לעזער וועגן א שרייבער, וועלכער האָט אונדז באגייסטערט מיט זײַנע פּריוואַטע-לידער,קאַמפּס-מאָטיוון, און אויך טאקע צוליב דעם, וואָס זיי אָטעמען מיט עכטקייט. מען הערט באַווירקט פון זיי, ווייל מען ווייסט, אז דאָס שרייבט ניט קיין מענטש, וואָס שטרענגט אָן זײַן פאַנטאזיע, נאָר א מענטש, וואָס האָט דאָס אליין דאָס אלין דורכגעמאכט. ראָזנפעלד איז נאָך ביז א געוויסן גראד אין פארשידענע לענדער אקטועל. אין די באַפרייטע לענדער הערט ראָזנפעלד פאררעכנט צו די, וועלכע האָבן געהאָלפן געווינען דעם קאַמף.

איך וועל איצט פּרובירן געבן א קורצע אָפּשאַצונג וועגן מאָריס ווינטשעווסקי. איבער 50 יאָר האָט ווינטשעווסקי געשמידט אונדזער ליטעראַטור. אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער מיטגעארבעט אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאלן אין דער העברעישער שפּראַך אונטער פאַרשידענע פּסעוודאָנימען. צום מיינסטן האָט ער געשריבן אונטער דעם נאָמען בן-נץ. ער האָט מיט שטאָלץ געקענט זאָגן, אז זײַן פען איז פון דעם ערשטן טאָג פון זײַן שרייבן ביז זײַן טויט געבליבן ריין און אומבאפלעקט. ער האָט די ליטעראַטור באַטראַכט ווי א בית-המקדש, ווו ס'טאָר ניט אריינקומען עפּעס מיאוסעס, וואָס קען פאַרשוועכן די קדושה. דאָס הייליקסטע איז ביי אים געווען דער קאַמף קעגן די פאַלשע נביאים, וואָס נאַרן און באַטריגן דאָס פאָלק און נוצן זײַן אומוויסנהייט, כדי אים צו באַרויבן און עקספּלאָאַטירן: אַ מאָל אונטער דער מאַסקע פון רעליגיע, אן אנדער מאָל -- אויסנוצנדיק זײַנע נאַציאָנאַלע געפילן, זייער אָפט דורך שיין ריידעריי און דעמאַגאָגישער פּאָליטיק.

מ. ווינטשעווסקי האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל אין זײַן לעבן צו קעמפן קעגן אלץ, וואָס פאַרוואַנדלט דאָס לעבן פון די אָרעמע מאַסן אין א גיהנום. זײַן ליטעראַרישע ארבעט האָט ער אויך באַטראַכט פאַר נוצלעך אויף אַזויפיל, אויף וויפל דער ארבעטער-קלאַס האָט זי געקענט אויסנוצן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זײַן עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע.

אין זײַן ערשטער ארבעט אין „אספת-חכמים" האָבן שוין ליטעראַטור-קענער באַמערקט, אז מען האָט צו טאָן מיט אן ערשט-קלאַסיקן און פיל-צוזאָגנדיק טאַלאַנט א שײנער סטיל, א טיפזיניקע אָפּהאַנדלונג, א בייסענדע סאַטירע. זײַן סאָציאַל-פּאָליטישער צוגאַנג צו יידישע און וועלט פּראָבלעמען איז געווען א ריין סאָציאַליסטישער.

מ. ווינטשעווסקי איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעוויזן, אז ליטעראַטור איז ניט סתם שיין-שרייבעריי, ליטעראַטור דאַרף האָבן א ציל און א

צוועק. דער ציל איז ביי ווינטשעווסקין געווען פירן די אָרעמע מאסן אין קאמף פאַר זייער באַפרייונג. שיינע לידער, דערציילונגען, ראָמאנען, אָדער אנדערע צווייגן פון ליטעראטור, אויב זיי האָבן ניט געהאט קיין טענדענץ, זיינען זיי ביי אים ניט ווערט געווען דאָס פאַפיר, אויף וועלכן זיי זיינען געווען געדרוקט, האָבן זיי געמעגט זיין היי פאָעטיש און מוזיקאליש. אין זיינס א ליד, וואָס הייסט „לידער פאר מיר", שרייבט ער:

**לידער פון שטערן אין הימל ביינאכט,**
**לידער פון הערלעכקייט אין דער נאטור,**
**לידער פון גרעזלעך, קווייטעלעך, פּראַכט**
**גייען מיין אויער פארביי אָן א שפּור.**

**לידער געזונגענע מיט א געוויין,**
**לידער געיאָמערט מיט א געזאנג,**
**לידער פון פאָלקס-ליידן - נאָר די אליין**
**האָבן א זין פאר מיר, האָבן א קלאנג;**

**נעמען געפאנגען מיין אויער, מיין ברוסט,**
**דרינגען אריין אין מיין הארץ און נשמה,**
**און איך אליין זינג מיט ליבע, און לוסט**
**לידער פון קאמף, פון טריומף, פון נקמה.**

זיכער זיינען לידער פון קאמף און נקמה ניט קיין מאטעריאל פאר פאָעטן פון גבירישן קלאס. די, פאר וועמען זיי שרייבן, זיינען גאַרניט קיין בעלנים צו לעזן אזעלכע ביכער, וואָס מאכן קאליע די שטימונג, ווען מען ליגט אויף די ווייכע דיוואנען ביים קאַמין. די האלב-טונקלקייט פון זייערע בודוארן, ווייען אָן שטימונ-גען פון ליבע און לוסט.

מ. ווינטשעווסקי שרייבט ניט פאר די, וואָס קענען באצאָלן און האלטן דיכטער און שרייבער, אָפּטמאָל טאלאנטפולע, אין ארענדע. ער שרייבט פארן פאָלק און דאָס פאָלק ליידט הונגער און נויט, ווען עס האָט ארבעט, א פשיטא ווען דער ארבעטער באָט אָן זיינע הענט צו פאַרקויפן און קיינער וויל זיי ניט קויפן. דער שילדערט די שרעקלעכע לאַגע פון אַרבעטסלאָזן אין זיין ליד „א חודש אָן ארבעט":

**נאָר ארבעטן וויל איך,**
**פארקויפן אייך ביליג**
**מיין פּראצע, פון פּנים דעם שווייס;**
**נאָר קויפט עס געשווינדער,**
**מיין ווייב, מיינע קינדער -**
**אויף זיי דער רחמנות איז גרויס.**

**איך בעט ניט קיין נדבות**
**פון וועלן זכות אבות,**
**פארהאָרעווען וויל איך מיין ברויט;**
**פון ארבעט נאָר רייד איך,**
**איך וויל ניט גיין ליידיק,**
**באפרייט מיך דורך ארבעט פון נויט.**

פאר מ. ווינטשעווסקי זיינען די ארבעטער ניט געווען קיין אבסטראקטע זאך אָדער א טיטל פאר א טעמע, נאָר אן אָרגאנישער טייל פון זיך זעלבסט. צוליב זיי האָט ער געליטן אין די טורמעס, צוליב זיי האָט ער געשאפן און צוליב זיי האָט ער געלעבט. זיין קומען און זיין בייטראָג צו דער יידישער ליטעראטור האָט אויך קיין אנדערן ציל ניט געהאט ווי דינען דעם ארבעטער־קלאַס. ער האָט געשריבן העברעיש און האָט באַטראַכט די העברעישע שפראך ווי זיינס א געבוירענע, ווי ער אליין דריקט זיך אויס: „העברעיש איז מיט מיר געבוירן אזוי ווי מיין צונג". ער האָט אָבער גלייך פארלאָזט די שפראך, ווען ער האָט דערזען, אז די שפראך איז פרעמד דעם יידישן ארבעטער. ווי ליב העברעיש איז אים ניט געווען און ווי שיין די שפראך זאָל ניט געווען זיין פאר אים, איז זי דאָך געווען בלויז אן אָרנאמענט, און נאָך אָרנאמענטן, שבחים האָט דער זיידע זיך ניט געיאָגט.

די ערשטע צייטונג, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן: „דער פוילישער ייד" איז אויך אן אויסדרוק פון זיין גרויסער ליבע צו די פאָלקס־מאסן און זייער שפראך. אין „דער פוילישער ייד" איז ער אליין געווען דער זעצער, דער קאָרעקטאָר, דער רעדאקטאָר און ער האָט אפילו ניט געהאט גענוג יידישע בוכשטאבן. ס'איז געווען ביז גאָר א שווערע ארבעט. אָבער אנדערש האָט דער זיידע ניט געקענט, אָן אן ארבעטער־לייענער איז די ליטעראַטור פאַר אים אומנוצלעך געווען.

זיינע מייסטערהאַפטע פעליעטאָנען, וועלכע זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן אונטערן נאָמען „דער משוגענער פילאָזאָף" זיינען געשריבן געוואָרן אין דער פאָרם פון דיאלאָגן צווישן אים, דעם זיידן, כאָטש ער איז דעמלט אלט געווען אינגאנצן 32 יאָר, מיט זיין איניקל. יעדע שאלה איז א וועלט־פּראָבלעם און יעדע תשובה איז א גרינטלעכע מארקסיסטיש־פּאָליטישע אויפקלערונג. אָבער דער סטיל איז אזוי אָריגינעל, אזוי שטעכיק־סאטיריש, אז ביז היינט איז נאָך קיין איין בוך ניט דערשינען אין אזא סטיל. בכדי צו געבן א באגריף פון דעם זיידנס בייסנדע סאטירע, וועל איך ברענגען עטלעכע זאצן פון זיינס א פעליעטאָן, וואָס הייסט „ווערטער אָן א טאַלק". ער שרייבט צווישן אנדערן: — כדי איך זאָל וויסן, אז איך ווער אויס בר־דעת, האָב איך מיר געמאכט א צענדליק סימנים, וואָס דארפן באשטעטיקן מיין משוגעת:

1. ווען איך וועל נעמען לייגן תפילין אין די שבתים, ימים־טובים און תשעה־באב אינדערפרי,

2. ווען איך וועל גיין הערן די דרשות פון אנטלאָפענע סאָציאליסטן, ד. ה. פון די וועלכע זיינען אנטלאָפן פון סאָציאליזם,

3. ווען איך וועל ווערן א פאבריקאנט פון וואָלענע ציצות,

4. אז מיר וועט איינפאַלן א געדאנק זיך צו שמדן, כדי צו קריגן א טשין פון א פּאָדפּאָלקאָווניק אין דער סאלוויישן-ארמיי,

5. ווען איך וועל אָנהויבן גלויבן, אז מען קען ווערן א מיליאָנער פון אָנניייען קנעפּלעך ביי א לאָנדאָנער שניידער,

6. ווען איך וועל גלויבן, אז די פרייהייטס-געטין קאָן ווערן טאקע פריי, ווען מען וועט זי איינוויקלען אין א טאָמבאָוער ראָגאָזשקע,

7. אז איך וועל גלויבן, אז א פרומער באלעבאָס פארדינט ניט אין זיינע אַרבע־טער. 8 און 9 געדענק איך ניט, אָבער דעם 10-טן געדענק איך יאָ, און דאָס איז, ווען איך וועל ווערן פון א סאָציאליסט א ליבעראל, פון א ליבעראל א ראדיקאל, פון א ראדיקאל א קאָנסערוואטאָר, און פון א קאָנסערוואטאָר א פּראָסטער נאר, און פון א נאַר א אָבעזיאנע, דאן וועל איך וויסן, אז איך בין משוגע.

מ. ווינטשעווסקי איז ניט נאָר א גרויסער דיכטער נאָר אויך א דראמאטורג א פּאָבוליסט, אן עסעיסט און איבערהויפּט א זשורנאליסט. אויף אלע געביטן האָט ער ארויסגעוויזן טאלאנט און גלויבן, אָרנטלעכקייט און ערנסטקייט. דאָס זיינען געווען זיינע וועג-באגלייטער און דערפאַר האָט דאָס פאָלק אים געגלויבט. דער זיידע איז א הייליקע רעליקוויע ביי די ארבעטער-מאסן, ער און פאָלק, פאָלק און ער, זיינען א לייבלעכער בונד.

צום סוף וועל איך ברענגען 2 סטראָפן פון זיינס א ליד „אין מינוטן פון פארצווייפלונג“:

אָ! צופאל, אָ, שיקזאל, אָ גאָט — ווער דו ביסט,  
נעם צו פון מיר אלץ, מיינע פריידן און מיין גליק,  
נעם גרויזאמער שיקזאל, אויב דו מוזט דאָס האָבן,  
נעם — אויב זיי געהערן דיר — נעם זיי צוריק,  
נאָר ווענד ניט פון פאָלק אָפּ מיין ליבנדן בליק:-  
אָן דער ליבע בין איך א מת ניט - באגראָבן.

אָ! צופאל, אָ גאָט-ווער דו ביסט — נעם צו מיין רו,  
פארקירץ, אויב דאָס מוז אזוי זיין, מיינע יאָרן,  
נאָר שליס ניט מיין הארץ פארן ארבעטער צו,  
נאָר לאָז פון זיין האנט ניט קיין שטיין צו מיר צו,  
פון אים, וועלכער איז אזוי ליב מיר געוואָרן.

דער ייִדיש האָט זיין שבר געקראָגן פאַר זיינע ווונדערבארע שריפטן, ער האָט דורות קעמפער דערצויגן. און ביים כח פון זיין גלאררייכן לעבן האָט ער מיט זיינע אייגענע אייגן געזען, ווי ייִנע אייניקלעך רעגירן א לאנד פון 200 מיליאָן מענטשן, און די וועלכע ער האָט זיין גאנין לעבן באקעמפט, זיינען אויסגעקערט געוואָרן מיט אן אייזערנעם בעזים. בעת זיין טריומפאלער רייזע איבערן ראטנ-פארבאנד האָבן מיליאָנען העראָישע קעמפער און אומבאזיגבארע פאָנען זיך געניינגט פארן ז יי ד ן.

# דוד עדעלשטאט

מען קאָן ניט רעדן וועגן דער אנטשטייאונג און אנטוויקלונג פון דער יידישער פראָלעטארישער פּאָעזיע און ניט דערמאָנען דוד עדעלשטאט אָדער אים ניט ארייננשטעלן אין דער גאלעריע פון די ערשטע פּראָלעט־דיכטער זייט בא זייט מיט באָרשאָווער, מאָרים ראָזנפעלד און מאָרים ווינטשעווסקי.

יעדער פון זיי האָט געהאט אַן אייגענעם קינסטלערישן וועג, אַן אייגנארטיקן מעטאָד און יעדער פון זיי פארנעמט א באזונדער פּלאַץ אין אונדזער ליטעראטור. כאראקטעריסטיש איז דאָס, וואָס די טעמאטיק איז בא זיי די זעלבע. זיי זינגען און באזינגען דעם ארבעטערס שווער לעבן און וועקן אים, דעם ארבעטער, צום קאמף פאר א בעסערער וועלט.

דוד עדעלשטאט, א קינד פון אָרעמע יידישע עלטערן, איז געבוירן אין א קלײנעם רוסישער שטאָט, קאלוגא, ווו ער האָט ניט גערעדט און ניט געלערנט קיין יידיש.

זיינע עלטערן זיינען געווען יידן בלויז לויט זייער אָפּשטאם. זיין פאָטער, וואָס, האָט אויך קיין יידיש ניט געקענט, האָט פארנומען א פּאָסטן פון א גאָרדאָוואָי, ווייל ער האָט געהערט צו די קאנטאָניסטן.

די צייט פון די קאנטאָניסטן איז יענע עפּאָכע, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אזויפיל שווארצע פלעקן אין דער רוסישער געשיכטע און ניט ווייניקער בלעטלעך דורכגעווייקטע מיט בלוט טרערן — פון דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. דאָס איז די עפּאָכע ווען די יידישע באפעלקערונג האָט באדארפט צושטעלן א געוויסע צאָל סאָלדאטן צו דער צארישער מאכט. און אזוי ווי מיליטער־דינסט האָט ניט געהאט קיין באשטימטן עלטער און מיליטער־דינסט איז ניט געווען ווייניקער ווי 25 יאָר, איז פון דעם אליין צו פארשטיין, אז קיינער האָט ניט געוואָלט אוועקגעבן א האלבן לעבן און ליידן פון א שרעקליכער ברוטאלער, מיליטערישער דיסציפלין.

די מיטלען אָנצופולן די קאזארמעס איז געווען פשוט צו כאפּן קליינע יינגלעך, פון 6, 7 און 8 יאָר, אָפּרייסן זיי פון זייערע עלטערן און אוועקשיקן ווייט פון זייער היים און מאכן זיי פאר סאָלדאטן.

די יידישע יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט דעם אומגליק געכאַפּט צו ווערן, האָבן צוליב זייער לאַגע, ניט געקענט לערנען און ניט שרייבן און אין די קאַזאַר־מעס האָט מען זיך אַוואַדע ווייניק וואָס געזאָרגט פאַר זייער דערציונג. אזוי זיינען זיי געוואַקסן אין אַן אַטמאָספער פון אומוויסנהייט; דעם יידישן לשון האָבן זיי מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרגעסן און די יידישע דינים און מנהגים, וואָס אַלס קינדער, האָבן זיי נאָך אינגאַנצן ניט געהאַט באַנומען, — זיינען ווי אין אַ נעפּל פאַרבליבן אין זייער זכרון.

פון דעם דערמאָנטן דאָ, קאָן מען פאַרשטיין וואָס עס האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט אַ „קאַנטאָניסט", אָדער ווי דאָס פאָלק האָט זיי גערופן פשוט „ניקאָ־לאַיעווער סאָלדאַט".

דאָ מוז דערמאָנט ווערן אַז די געכאַפּטע קינדער זיינען כמעט שטענדיק געווען קינדער פון גאָר אָרעמע עלטערן, ווייל די רייכע האָבן געהאַט די פריוואַ־לעגיע צוצושטעלן אַן אַנדער קינד אויפן פּלאַץ פון זייער קינד... דאָס נאַטירלעך פלעגן זיי טון מיטן כוח פון געלט... קויפן אַנדערע יינגלעך און זיי איבערגעבן.

וועגן די קאַנטאָניסטן איז, אַגב, דאָ אַ רייכע ליטעראַטור, אַנגעפּיקעוועט מיט ראָמאַנטיש־דראַמאַטישע פּאַסירונגען, פאַראַן אַ שלל וויצן און אַנעקדאָטן וואָס דאָס פאָלק האָט געשאַפן מיט זיין פאַנטאַזיע און פון וועלכע מען קאָן אַסאַך לערנען וועגן די מענטשן פון יענער צייט, זייער פּסיכיק, אַרט דענקען און א. וו.

איך וועל זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער געשיכטע פון די קאַנטאָניסטן, נאָר בלויז דערמאָנען אַז מאָיסיי איוואַנאָוויטש, דוד עדעלשטאַטס פאָטער, אַ בלוטי־קער אָרעמאַן, דער צאַרישער גאַרדאַוואַי (און וועמעס פרוי, דודלס מאמע, פלעגט שווער האָרעווען האַלטנדיק קוואַרטיראַנטן), — איז פונדעסטוועגן געווען דער ערשטער צווישן די קאַנטאָניסטן פון קאַלוגע, וואָס האָבן באַשטימט מען זאָל ברענגען אַ מלמד, אַז די קינדער זאָלן קענען יידיש...

אברהם ביק זאָגט אין זיינעם אַן עסיי וועגן אַלטע דיכטער און שרייבער וואָס ווערן דערמאָנט אין אָפּגעשאַצט: „יאָרצייטן, יובילייען פון געשיכטלעכע דערשיינונגען, פון היסטאָרישע פּאַסירונגען, פון גרויסע פּערזענלעכקייטן — זיינען מייל־צייכנס אויפן וועג פון דער צייט, סמנים אַז דער מענטש זאָל זיך אָפּ־שטעלן אַ מינוט און זיך פאַרטראַכטן וועגן אַמאָל, וואָס האָט געפירט צום היינט און פון היינט צו דער צוקונפט".

מיר ווילן דערמאָנען אונדזערע דיכטער און שרייבער, לערנען זייער לעבנס־געשיכטע, אָפּשאַצן זייערע ווערק, פאַרשטיין און זיך באַהעפטן מיט זייער קינסט־לערישן מהות.

מיט דוד עדעלשטאַט הייבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין אונדזער ליטע־ראַטור, אין אַ נייער וועלט, אויף אַ נייעם קאָנטינענט.

דער 20 יעריקער בחור פון קאָלוגע, הויבט אָן א ניי קאפיטל אין אונדזער יידישער אמעריקאנער קולטור. און דאָ וועלן מיר פרווון אנאליזירן, אויך וויפל עס דערלויבן אונדז אונדזערע באגרענעצטע כוחות, אייניקע אספעקטן פון ד. עדעלשטאטס שאפן.

מיר פרעגן זיך: פארוואָס קומט ד. עדעלשטאט דער בכבודיקער עפיטעט „קלאַסיקער"?

פארוואָס ווערט ער בכלל פארעכנט פאר א דיכטער? און פאר א גוטן דיכ־טער, ווען אזויפיל „עקספערטן" זיינען אים אינגאנצן מבטל?!...

דוד עדעלשטאט האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך א קליין ביכעלע פון 96 זייטן, א ביכעלע וואָס נעמט אין זיך אריין 140 לידער און מער־ווייניקער 15 דער־ציילונגען.

זיינע שפראך־קענטענישן פון יידיש זיינען באגרענעצטע. און דאָך?...

איטשע גאָלדבערג ציטירט אין זיינער אן ארבעט פאָלגענדיקע מיינונגען וועגן ד. עד.: „די געשיכטע פון ייד. ליטעראטור, פון מ. פינעס, ברענגט בלויז צוויי שורות וועגן אים. — ז. רייזן זאָגט, אז אלע לידער, עדעלשטאטס, זיינען טענ־דענציעז. — מ. כאסין זאָגט אז עדעלשטאטס לידער זיינען שלעכט געבויט און אָרעם אין פּאָעזיע. — זישע לאנדוי האַלט, אז עדעלשטאט געהערט צו די אומ־אנטוויקלסטע מענטשן, א מענטש וואָס פארנעמט זיך מיט ליטעראטור און האָט קיין טאלאנט ניט. — לייוויק איז שטארק קעגן די, וואָס מאכן אויך איין האָר גרעסער די באדייטונג פון עדעלשטאט און ב. ריווקין טרייבט לצנות איבער אים און זאָגט אז אפילו די נאכטיגאלן זינגען בא עדעלשטאטן אנאריכיסטישע פראָ־קלאמאציעס..."

וואָלט מען זיך געהאלטן בא דער מיינונג פון אָט די אלע אויבנדערמאָנטע אויטאָריטעטן, וואָלט מען גלייך באדארפט ארויסוואַרפן דאָס קליינע ביכעלע פון די ביבליאָטעקן און פטור אן עסק!... און דאָך?...

דער בעסטער קריטיקער, דער לייענער, — און איבערהויפּט דער ארבעטער — מענטש האלט, (נאָך בא היינטיקן טאָג) אז עדעלשטאטס לידער זיינען די סאמע שענסטע פּאָעזיע און וועלכע ס'האָט א דיכטער ווען עס איז אויסגעזונ־גען זיין צער און ווייטיק, זיין געמאטערט אָרעם לעבן און זיין מעכטיקן פּראָטעסט קעגן די וואָס בארויבן אים פון זיין רעכט און פרוכט פון זיין ארבעט.

דאָס „קלאפּן די רעדער און נייען די מאשינען", האָבן ניט נאָר באוויינט און באקלאָגט דעם ארבעטער־שקלאַף, נאָר געמונטערט, געטרייסט, געוויזן דעם וועג פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באפרייונג, דורך אייניקייט און קאמף. עדעלשטאטס ליד האָט געבראכט דעם ארבעטער נייע כוחות און נייע האָפענונגען.

„ס'וועט קומען דער טאָג וואָס וועט באַלייכטן מיט שטראַלן
פאַר עלענדע מענטשן דעם וועג,
און אין דער פינצטער ניט לאָזן זיי פאַלן
און פירן צום הייליקן צוועק!..."

דוד עדעלשטאַט האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרעסערן און מער וויכטיקערן ציל ווי בודק זיין יעדער שורה פון זיינע לידער, ווייל אַ ליד האָט ער באַטראַכט ניט ווי אַ מיטל אַריינצוזגיין אין פאַנטעזיע פון אומשטערבלעכקייט, נאָר אַ קאַמפס־געווער קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם.

עדעלשטאַט האָט זיך געהאַלטן און באַטראַכט פאַר מער פּראָלעטאַריער ווי דיכטער. און ער זאָגט אין אַ ליד:

„כ'בין ניט געבוירן פאַר זיסע אַריעס,
פאַר רויזן, ליבע און פאַר גליק;
כ'בין ניט קיין דיכטער, נאָר אַ פּראָלעטאַריער,
אַ קינד פאַר קאַמף און פאַר פאַבריק!...

זיין מאַטעריאַל איז מענטשלעכע ליידן און זיין אויפגאַבע איז וועקן און רופן צו קאַמף און באַפרייונג. דעריבער איז יעדער ליד זיינס אַ קאַמף־סיגנאַל; ער זינגט:

„באַגייסטער, פאַראייניק דיינע אָרעמע ברידער,
הויב אויף דעם געפאַלענעם קנעכט!
צעברעך זיינע קייטן, באַפריי זיינע גלידער
און גיב אים דאָס מענטשלעכע רעכט!..."

קלמן מרמר, אַט דער אַלטער תלמיד חכם, שרייבט אין אַ בריוו: „ד. עדעל־שטאַטס רעוואָלוציאָנערע לידער זיינען מיר געווען באַקאַנט ווען איך בין נאָך געווען אַ לערן־יינגל אין אַ ווילנער טאַקער־וואַרשטאַט. פאַר מיר איז ער געווען אַ הייליקער מאַרטירער". באמת, זיינע לידער האָבן באַגייסטערט יידישע אַר־בעטער אין קעלער און אין וואַרשטאַט, אין שאָפּ און אין פאַבריק; זיינע לידער זיינען געזונגען געוואָרן אין די סטרייקן, אויף געהיימע מאַסאָווקעס, אויף דע־מאָנסטראַציעס און אפילו נאָך איצט 60 יאָר נאָך זיין טויט, — ווען אַזויפיל פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען, — ווערן זיינע לידער גע־זונגען און זיינען ווי קלאַסישע פאָלקס־און־קאַמפס־לידער אין אַלע אַרבעטער־כאָרן.

ער האָט געעפנט אין אונדזער ליטעראַטור דאָס ערשטע קאַפּיטל פון פּראָ־לעטאַרישער פּאָעזיע. דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. ער האָט אָנגעפאַנגען ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן אויסשיילן און פאָרמירן אַ קלאַס פון יידישע פּראָ־

לעטאריער. עס קומען יוסף באַוושעווער, מאָרים ראָזענפעלד, און מאָרים ווינטשעווסקי. אויב י. באוושעווער איז געקומען פון א תלמודיסטישער סביבה און איז אליין אויך געווען א תלמודיסט, אויב מאָרים ראָזענפעלד, אַט דער סוועאלקער שניידער, האָט ניט געהאט קיין סך קענטענישן און גרויסן קולטור־באגאזש, — איז ער דאָך געקומען פון א יידישן שטעטל ווו אלץ ארום האָט געאָטעמט מיט יידישן לעבן און יידישער טראדיציע, אויב מאָרים ווינטשעווסקי האָט פארמאָגט א סך וויסן און קענטעניש און גוט געקענט די יידישע און וועלט־לעכע קולטור, און ווען ער איז געקומען צו דער יידישער ליטעראטור, האָט ער שוין געהאט א נאָמען אין דער העברעישער, — האָט אָבער דוד עדעלשטאט ניט געקענט די יידישע שפראך, ניט דאָס יידישע לעבן, שוין אָפגערעדט פון יידישע מנהגים, טראדיציעס און קולטור־ווערטן.

זיינע ערשטע לידער האָט ער געשריבן אין רוסיש און זיי זיינען באמערקט געוואָרן, ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין אמעריקע מיטן יידישן ארבעטער. ער האָט זיך אָנגעהויבן לערנען יידיש. ער האָט אבער ניט געקענט ווארטן ביז ער וועט באהערשן פולקאָם די שפראך און וועט קאָנען ריכטיק מאָדעלירן דעם פערז. זיין פען איז געווען זיין געווער. דער ארבעטער דיכטער האָט ניט געקענט שטיין בלייבן, ווען עס גייט אָן די שלאכט.

אין ליד „צו מיין פעדער" שרייבט ער:

„מיין פעדער, דו ביסט מיין גייסטיקע שווערד,
איך שטיי מיט דיר אויף דער וואכע,
אלע ליידנדע ברידער פון דער ערד
רוף איך צום קאמף און צו ראכע!"

דער דיכטער גייט צוזאמען מיטן קעמפער. און די יידישע ארבעטער־מאסן האָבן דאָס מיט זייער געזונטן אינסטינקט דערפילט. זיי האָבן אין אים שטענדיק געהאט דעם חבר און דעם באגייסטערער אין קאמף.

נעגירן און לייקענען עדעלשטאטס טאלאַנט, איז ניט בלויז א זאך פון פאכ־מענערישער מיינונג, נאָר דער אויסגעשפּראָכענער ווילן אָפצורייסן דעם דיכ־טער פון פאָלק. שאפן א מחיצה צווישן פאָלק און זיינע זינגער.

דאָס איז ניט קיין צופעליקייטן אין דעם קאמף פון דער ברוזשואזיע קעגן דעם אויפוואכנדיקן ארבעטער־קלאס... און דערפאר זאָגן זייערע קריטיקער איז ליד וועגן קאמף און ליידן, גלויבן אין האָפענונג אין א בעסערער וועלט, א יושר־דיקער, — ניט מער ווי זינלאָזע פערזן און פוסטע פראָקלאמאציעס...

פאָעזיע האלטן זיי איז דאָס וואָס עס שאפט זייער „אמתר" פאָעט אהרון ציימלין, למשל, און וואָס איז כדי צו ציטירן, בכדי מען זאָל זיך איבער־

ציינגן אין דער „עכטקייט" פון דער דאָזיקער פּאָעזיע.

הערט, איך בעט אייך:

„איך האָב דיך פיינט מיין ווייב,
איך לויף פון דיר צו יינגלעך און איך זינדיק;
איך בין פערווערז
ווי א ראפינירטער פערז
עס דאוונט אין מיר די מוטער רחל
און עס קלאָגט אין מיר א צויג..."

דאָס איז פאר דער ברוזשואזער קריטיק: „פּאָעזיע" און גייט פארשטייט, פארוואָס עס דאווענען אין אים די אימות און פארוואָס עס וואָיען אין אים הינט...
און אָט, דעם גייט עס טאקע: שיטן מיט ווערטער וואָס קלעפן זיך ווי ארבעס צו דער וואנט...

דער זעלבער דיכטער שרייבט וועגן זיך:

„איך בין מעטאפיזיקער און זשורנאליסט,
איך זוך דעם גראם פון אייביקייט מיט מיסט,
איך בין סעקטאנט,
וואָס קען צו קיין שום סעקטע ניט געהערן".

דאָס הייסט אליין אויסגעבן זיך מיט די ביינער! ניט מיטן פאָלק, נאָר מיט עפּעס א סעקטע, און מיט דער סעקטע אויך ניט, נאָר אליין, איינער אליין, אָפּגעריסן פון לעבן און פאָלקס-מהות, — דאָס איז פּאָעזיע! פּאָעזיע וואָס האָט מיט קיינעם ניט צו טון, ניט טענדענציעז, ניט פּראָקלאמאציע, נאָר — פּאָעזיע! אַוואדע איז פאר זיי דוד עדעלשטאט ניט קיין דיכטער, ווען ער קעמפט מיט זיינע לעצטע כוחות פאר דער ארבעטער-באוועגונג פילנדיק אז די טובערקולאָז פרעסט איף דאָס רעשט פון זיינע יונגע לונגען און אז דער טויט דערנענטערט זיך און דאָך וויל ער כאָטש ביים לעצטן אָטעם-צוג זיין נוצלעך זיין פאָלק, זיינע ארבעטער-ברידער, דער וועלט. און ער זינגט:

„איך וואָלט געוואָלט, אָ, פאָלק, דיין רויטן זעגל,
נאָך מאכן רויטער מיט מיין הארצנס-בלוט,
און ווי א לייב מיט זיינע שארפע נעגל,
דיין פיינד באקעמפן מיט א שטאָלצן העלדן-טויט;
מיך שרעקט ניט דער טויט, מיך שרעקט דער געדאנק
צו שטאַרבן אין א קראנקן בעט;
מיין לעצטער ווונטש, מיין לעצטער פארלאנג
**אז דאָס שלאכט-פעלד זאָל זיין מיין טהרה-בּרעט!..."**

ווייזט אויס אז דער קאלוגער אומוויסנדער גאַרדאָוואַי, וואָס האָט געכאַפּט דוד עדעלשטאַטן שרייבן א ליד, וועגן דער זאַרינא, און פאַרויסגעזאָגט אז ער וועט זיין א גרויסער פּאָעט איז געווען מער מבין אויף פּאָעזיע ווי די פּאַטענטירטע קריטיקער. אויך דער גענעראַל-גובערנאַטער פון קאלוגע, וואָס האָט איבערגע־לייענט עדעלשטאַטס א ליד אין „וועסטניק", האָט גערופן צו זיך דעם יונ־געטשקן עדעלשטאַט, האָט אים געקושט און געגלעט און אים געזאָגט אז ער וועט זיין א שרייבער, אים געמונטערט צו שרייבן און אים פאַרויסגעזאָגט אז ער וועט זיין א גרויסער דיכטער.

וואָס פאַר א קאָנטראַסט צו די לייוויקס און ריווקינס!... און וואָס פאַר אן איראָניע פאַר דער געשיכטע...

---

לויט מיין באַשיידענער מיינונג זיינען פאַראַן פאַרשידענע סיבות וואָס האָבן גורם געווען אז עדעלשטאַט זאָל ניט האָבן דערגרייכט די סאַמע העכסטע מדרגה פון קינסטלערישער רייפקייט. די ערשטע סיבה איז די סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט אלס יונגטלעכער. אַלס קליין יינגל איז ער בייגעווען דעם פּאָגראָם אין קיעוו אין 1890. דאָס האָט אויף אים אזוי געווירקט, אז ער איז געלעגן מאָנאַטן לאנג געפערלעך קראַנק אין א קיעווער שפּיטאָל. די פיזיקער קראַנקהייט האָט א סך מיטגעווירקט שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען עלטער און געליטן פון דער שרעקלעכער לונגען-קראַנקהייט... ווען ער איז געשטאָרבן, איז ער אינגאַנצן אלט געווען 26 יאָר.

אז מיר ווילן גוט באַטראַכטן און אויסרעכענען דעם פּעריאָד פון שאַפן, ווילן מיר קומען צום אויספיר אז בלויז פיר יאָר צייט האָט ער געאַרבעט און געשאַפן, איינרעכענענדיק יענע צייט ווען די בלוט-שטורצן זיינען געוואָרן אָפּ־טער און שרעקלעכער. זיין פאַרברענגען אין די בערג פון דענווער קאָלאָראַדאָ איז שוין געווען א פּעריאָד פון געציילטע טעג... און זיין קראַנקהייט האָט אים ניט געלאָזט שרייבן אין אַזאַ צושטאַנד, דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך...

די צווייטע סיבה איז געווען דאָס, וואָס ער האָט ניט געקענט קיין יידיש. געדענקט און געטראַכט האָט ער אין זיין מוטער-שפּראַך, אין רוסיש.

אין א בריוו צו זיין שוועסטער סאָניע, שרייבט ער: „מיין מוזע האָט זיך פאַרקנאַסט צו זשאַרגאָן"... אין א צווייטן בריוו שרייבט ער „מיין מוזע האָט זיך אנגעטון א זשאַרגאָנישע ספּאָדניצע"... אָבער ווען אין דער „וואַרהייט" זיינען אַרויס זיינע ערשטע לידער אין יידיש, שרייבט ער צו סאָניען אזוי:

— „איך האָב זיי געגומען לייענען, באַטראַכטן, שמעקן און האָב געפונען אז איניקע ווערטער אין מיינע לידער זיינען בדחנישער גראַם", אָבער ער

באַראיקט זיין שענסטער סאָניעט: „איך בין פארליבט אין דער יידישער שפּראך, זי איז זייער מוזיקאַליש און פּלאַסטיש אויף אויסצודריקן די פאָלקס־ליידן און זיינע האָפענונגען אויפן זיג פון אמת און ברודערלעכקייט”...

די דריטע סיבה איז געווען א פּאָליטישע. הוד עדעלשטאט איז געקומען קיין אַמעריקע מיט א גרופּע סטודענטן פון קיעוו אין 1882 מיטן צוועק צו גרינדן א קאָמונע און לעבן אויף קאָמוניסטישע יסודות... זיי האָבן די קאָמונע געגרינדעט, אָבער זי איז זיך שנעל צעפאלן, דער אנארכיזם, צו וועמען די גרופּע האָט געהערט, האָט זיך ארויסגעוויזן ווי אן אוטאָפּיע, סיי אין דער טעאָריע און סיי אין דער פּראקטיק. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די אנראכיסטן האָבן געהאט גרויסע טעאָרעטיקער ווי מיכאאיל באקונין, פּיאָטר קראָפּאָטקין, פּרודאָן, און אנדערע, — האָט זיך די טעאָריע ארויסגעוויזן פאר באַדנלאז, באזונדערס אין די יאָרן פון נאָך דער אָקטאבער־רעוואָלוציע. אין יענער צייט, אָבער זיינען היפּשע ארבעטער־מאסן און בתוכם די יידישע, פארכאפּט געוואָרן פון דער אנארכיסטישער אידייע.

עדעלשטאט האָט זיך געהאלטן פאר אן אנארכיסט און האָט געפירט א קאמף קעגן די סאָציאליסטן. דער אנארכיזם אין תוך איז אויך געווען צעדרויבלט מיט זיינע פראקציעס. ווי אנארכאָ־קאָמוניזם, אנאַרכאָ־סינדיקאליזם, אנארכאָ־אינדיווידואליזם א. אז.וו. כאָטש אין איין זאך זיינען זיי געווען איינשטימיק, אז מ׳דארף פירן פּאָליטישע קאמפן קעגן דער בורזשואזיע, נאָר שפּעטער טאָר מען ניט שאפן קיין פּאָליטישן אפּאראט, א שטאטלעכן אָרגאניזם וואָס איז מאכט. און זיי זיינען קעגן יעדער הערשנדיקער מאכט א. א. וו. זיינען דאָך געווען צווישן זיי א רייע ווידערשפּרוכן און מיספארשטענדענישן, וואָס זיינען גורם געווען א פּלאָנטער אין דעם ארט דענקען פון עדעלשטאטן, א ניט אויסקריסטאליזירטע מיינונג וועגן דעמאָקראטיע און סאָציאליזם, קאמוניזם און אנארכיזם א זאך וואָס האָט געוויס געשעדיקט די ווערט פון זיינע שאפונגען.

א גאָר באזונדערער פאקטאָר אין זיין שאפונגס־פּראָצעס איז געווען זיין געזונט־צושטאנד. ער איז געווען טובערקולאָז און לויט די זכרונות פון זיינע חברים האָט ער גוט געוויסט אז ער האָט א גאנץ קורצע צייט צום לעבן. ער האָט געהאט ווייניק צייט און געוואָלט האָט ער וואָס מער געבן זיין פאָלק, ברענגען אים זיין טרייסט און זיין וואָרט... פאר זיך האָט ער גאָרניט געוואָלט: און ער זינגט אזוי:

„א שטיקעלע ברויט און אָן קייטן.
ברידער, פארלאנג איך דען פיל?
בין איך דען שולדיק, וואָס איך קאָן ניט טויטן
אין מיר דעם מענטשלעכן געפיל?
א שטיקעלע ברויט אָן שענדלעכע קייטן,

בריִדער, ווער עס וויל אַזאַ ברויט
דער מוז אונדזער לערע פארשפרייטן
און קעמפן אויף לעבן און טויט".

ביי זיין לעבן, פונקט ווי נאָך זיין טויט, האָבן זיינע לידער געדינט דעם אַר־בעטער קלאס, אזוי אין זיין קאמף, פונקט ווי אין זיינע ליידן; אזוי אויף די באריקאדן, פונקט ווי אויף די וועגן קיין סיביר. אונטער די טענער פון עדעלשטאטס לידער זיינען געבראכט געוואָרן צו קבורה בראווע קעמפער וואָס זיינען געפאלן איז קאמף פאר דער פרייהייט, מ'האָט זיינע לידער געזונגען ניט וויסנדיק אפילו ווער ס'האָט זיי געשריבן. אָבער זיי פלעגן אריינדרונגען טיף אין דער נשמה פון ארבעטער־מענטש און דאָס פאָלק פלעגט זיי זינגען און זיך מיט זיי באַ־גייסטערן אין די סאמע שווערסטע שעהן פון געראנגל. אזוי אין 1905, אזוי אין דער צייט פון אָקטאָבער רעוואָלוציע.

דער פאָלקס־פּאָעט איז ניט געוועזן בלויז א זינגער, נאָר א פאָן־טרעגער, א וועגווייזער, דער עמוד האש פון די ארבעטער־מאסן און בפרט פון די יידישע אַר־בעטער־מאסן.

דאָס וואָס עדעלשטאט האָט געשריבן אין פּראָזע, זיינען קליינינקע דערציילונ־גען בעסער־געזאָגט סקיצן אָדער בילדלעך, וואָס ברענגען אָבער שטענדיק ארויס סיטואציעס אין וועלעכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דער זעלבער קאמף קעגן דעם אונ־רעכט און הערשנדיקן קאפּיטאַליסטישן קלאס. „דער מאָלער", „א בריוו פון א זעלבסט־מערדער" און זיין דערציילונג „ווערא", (די לעצטע איז א מין אויטאביאָ־גראפיע), — האָבן ניט קיין גרויסע ליטעראַרישע ווערט, אָבער אין אָנבליק פון דער טעמאטיק און אין שייכות מיט זייער סביבה, האָבן זיי א היסטאָרישן ווערט פון באלערנדן מאטעריאל פון די עקאָנאָמישע און סאָציאלע באדינגונגען פון יענער צייט און זייער ווירקונג אויף די ווייטערדיקע דורות.

דאָס פאָלק האָט ליב זיינע דיכטער. דאָס פאָלק האָט ליב ווען דער דיכטער גייט האנט ביי האנט מיט אים אין זיין שווערן קאמף.

דערפאר איז מעגלעך געוואָרן אז זיין איינציק ביכעלע זאָל ארויסגעגעבן ווערן 277 מאָל אין פארשידענע לענדער און 243 פארשידענע שרייבער זאָלן וועגן אים שרייבן....

אסך יאָרן וועלן אוועק און זיין שאפונג וועט נאָך אלץ בלייבן לעבן ווי א מוסטער פון אן ארבעטער און פאָלקס־דיכטער.

# אברהם רייזען

יאָרן לאנג, האָבן די יידישע פּראָגרעסיווע לייענער זיך צוגעוווינט צו טרעפן אין זייערע צייטונגען און זשורנאלן א ליד, אָדער א דערציילונג פון אברהם רייזען. ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזן נאטירלעך און לאָגיש, אז דער פאָלקס-דיכטער זאָל זיין מיט די פאָלקס-מאסן. אברהם רייזען איז זיי ניט געווען סתם א דיכטער, נאָר א דיכטער, וואָס האָט זיך דערוואָרבן א נאָמען אין דער פּאָעזיע און זייער א חשובן פּלאַץ צווישן די דיכטער און שרייבער, וועלכע די פאָלקס-מאסן אכטן און שעצן, א ווירדיקער מיטגליד אין דער משפּחה פון די נייע קלאסיקער, ווי: נאָמבערג, שלום אש, פּרץ, הירשביין און אנדערע, א טרייער פּאָרזעצער פון דעם גלאָררייכן דריילינג: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם.

אברהם רייזען האָט זיין וויזיט-קארטע שוין לאנג פאָרגעשטעלט דער ליטע-ראַרישער וועלט, דער יידישער און ניט-יידישער, דער רוסישער, פּוילישער און דייטשישער. די קוואלן פון זיין טאלאַנט האָבן זיך געצויגן פון די בעסטע פאָרשטייער פון דער רוסישער ליטעראטור, ווי: נעקראסאָוו, שעווטשענקאָ, קאָ-ראָלענקאָ, גאָנטשאראָוו, גאָגאָל, דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי און גאָרקי.

אַט די אלע גרויסע קינסטלער און דענקער האָבן זייער לעבן און טאלאנט געווידמעט דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט ביז זייער לעצטן אָטעמצוג, דערי-בער איז גאָר קיינעם ניט איינגעפאלן, אז אַזאַ ווירדיקער דיכטער ווי אברהם רייזען זאָל איבערהאקן אַט דעם גאָלדענעם, שנור און אוועק אין דעם לאגער וועלכער שענדעט דעם סאָציאליסטישן געדאנק, וועלכער האָט שוין לאנג פאַ-ראטן דעם ארבעטער-קלאס און וועלכער מאכט צו שאנד און שפּאָט אונדזער יידישע שפּראך.

אברהם רייזענס כאראקטער: טיילמאָל זיך אונטערצוגעבן מאָמענטאלע עמאָציעס און זיינע ניט פעסטע פּאָליטישע איבערצייגונגען האָבן גורם געווען, אז ער זאָל זיך אָפּשיידן פון די פאָלקס-מאסן. ער אליין האָט דעם שריט שפּעטער באַרעכטיקט מיט פינאנציעלע שוועריקייטן און זיך מודה געווען, אז ס'טוט אים ווי אין טוט אים באנג איף דעם. אויך די יידישע פאָלקס-מאסן האָט דאָס שטארק וויי געטאָן, און מיט ווייטיק און פאַרדרוס האָבן זיי זיך צוגעקוקט, ווי זייער ליבער דיכטער האָט זיך באַזעצט צווישן שונאים.

האסן רייזענען האָבן די יידישע מאסן ניט געקענט, אָבער מוחל זיין אים איז אויך געוועזן ניט שייך. די ליבע צו דעם אמאָליקן רייזען האָבן זיי פארבאָרגן ביי זיך טיף אין הארצן; און אזוי האָט זיך דאָס געצויגן גאנצע 25 יאָר, פון 1928 ביז דעם 30-טן מערץ 1953, ווען די שרעקלעכע בשורה פון רייזענס טויט האָט צוריק ארויסגעבראָכן אויף דער אויבערפלאַך די ליבע און דעם רעספּעקט צו זייער דיכטער.

דער 30-טער מערץ, 1953 וועט פארבלייבן אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, און איבערהויפּט צווישן די ליבהאָבער פון אונדזער ליטעראטור, ווי א טרויער-טאָג, א שווארצער ווייטיקלעכער טאָג, ווען דער טויט האָט ארויסגעריסן די פען פון די שטארבנדיקע הענט פונעם דיכטער אברהם רייזען, די פען וואָס האָט איבער 60 יאָר געדינט טריי און ערלעך אונדזער ליטעראטור, אָט די ליטעראטור, פון וועלכער ער איז געוועזן א בויער און שאפער, א טרעגער און פאָרזעצער פון אונדזערע קלאסיקער.

אברהם רייזען, וואָס איז געוועזן א תלמיד פון די קלאסיקער, איבערהויפּט פון י. ל. פרץ, איז אַדאנק זיין גרויסן טאלאנט, זיין טיפע ליבע צו די יידישע פאָלקס-מאסן און צו זייער שפּראַך, אליין געוואָרן א גרויסער רבי, א מדריך פאר שרייבער און דיכטער. זיין שאפונג האָט אחוץ איר שיינער קינסטלערישער פאָרעם אויך געאָטעמט מיט אמת, מיט ליבע, מיט גוטסקייט און מענטשלעכקייט, מיט הומאָר, פרייד, בטחון און פשטות און איז געוועזן א לויטערער קוואל פון גלויבן און דערמונטערונג.

אברהם רייזען, קאָן מען זאָגן, איז געוועזן א געבוירענער דיכטער, ער האָט זיין דיכטערישע וויזיע און טאלאנט באקומען בירושה פון זיין פאָטער קלמן רייזען, וועלכער האָט געשריבן העברעישע שירים און יידישע לידער. קלמן רייזען האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אן אומשטערבלעכע ירושה פאר דער יידישער קולטור און ליטעראטור. אחוץ זיינע שאפונגען, וואָס זיי אליין זיינען ווערטפול, האָט ער איבערגעלאָזן א גאנצע משפחה — 2 זין און א טאָכטער, וועלכע פארנעמען א וויכטיק פלאץ אין אונדזער ליטעראטור. אברהם, זלמן און שרה רייזען זיינען נעמען, מיט וועלכע עס זיינען באצירט די פאָדער-בלעטער פון א סך יידישע ביכער.

קלמן רייזען איז רעדאקטאָר פון דעם יידישן „לעקסיקאָן" — א ריזיק־קולטור-ווערק, אָן וועלכן מען קאָן זיך ניט באגיין; דער שאפער פון א גרויסער אנטאָלאָגיע; דער מחבר פון א יידישער גראמאטיק; דער זאמלער פון יידישע קולטור-אוצרות אין „ייוואָ" פון ווילנע; אחוץ דעם האָט ער רעדאגירט יידישע צייטונגען און וויסנשאפטלעכע זשורנאלן. דאָס איז דער יחוס פון אברהם רייזענס ברודער, זלמן רייזען.

זיין שוועסטער, די דיכטערן שרה רייזען פארנעמט א באזונדערן פלאץ אין דער יידישער פאעזיע מיט איר צארטער ליריק. אירע לידער צייכענען זיך אויס מיט זייער הארציקייט און נשמהדיקייט — א טיפישער שטריך פון דער רייזען משפחה.

אברהם רייזען האט זיך דערהויבן מיט זיינע לידער און דערציילונגען צו דער העכסטער הויך, צו א נאציאנאלער פיגור, צו דער מדרגה פון א פאלקס־דיכטער — א זינגער פון פאלק פארן פאלק. מיט דעם טויט פון אברהם רייזען, האבן מיר פארלוירן דעם גרעסטן בריליאנט פון דער יידישער ליטעראַרישער קרוין.

היינט צו טאג, רעדן און פראפאגאנדירן, אז יידיש איז א קאליקעדיגע שפראך, איז שוין ניט נייטיק. נייטיק איז צו קעמפן פאר איר זיין, פאר איר צוקונפט. עס איז נייטיק צו קעמפן קעגן אירע שונאים, וועלכע ווילן זי פארניכטן צוליב פאליטישע טעמים, דענקענדיק, אז מיט דעם פארניכטן די שפראך פון די יידישע ארבעטער און פאלקס־מאסן צוזאמען מיט די און איר אנגעזאמלטע קולטור־אוצרות, וועט פארשטארקט ווערן די אידייע פון קיבוץ־גליות. אברהם רייזען, פונקט ווי זיין גאנצע משפחה, האט מיט זיינע פערלדיקע סטראפן, מיט זיינע לידער און דערציילונגען אונדזער שפראך ראפינירט און געשליפן, און איס קימט דער עדן־הדן פון די, וואס האבן אינדזער שפראך געשטעלט אין איין ריי מיט די בכבודיקסטע שפראכן פון דער וועלט.

אברהם רייזען האט אין זיין 77 יאריקן לעבן און 60 יאריקן שאפן דורכגעמאכט דעם עטאפ פון קיידאנאוו — זיין געבורט־שטעטל — ביז דעם גרויסן קולטור־צענטער ווארשע, ווו דער געניאלער י. ל. פרץ האט אונטער זיינע אדער־פליגלען געבאויעט און איסגעוואַרעמט די צוקונפטיקע יידישע שרייבער־טאלאנטן.

אברהם רייזען האט אנגעהויבן זיין שרייבערישע טעטיקייט אין דעם פעריאד, ווען די קנאפן פון אונדזער ליטעראטור האבן זיך צעעפנט מיט אזא פראכט, אז קיינעם איז ניט איינגעפאלן צו צווייפלען אין איר צוקונפט. איר גאנג איז געווען — א ראשיקער מאַרש פאַרויס מיט די גרעסטע, האפענונגספולע פערספעקטיוון.

דער גורל האט אים שפעטער געבראכט אין דעם היינטיקן גרעסטן יידישן צענטער — אמעריקע. און דא האט דער ווארעם פון צווייפל — און אנבליק פון דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער אונדזערע נייע דורות נעמען ניט אויף אונדזער יידיש לשון ווי אן אייגנס, הארציק־אייגנס — אנגעהויבן צו טאטשען דעם שטענדיקן אפטימיסט אברהם רייזען. און ווען די זארג פארן מארגן פון אונדזער ליטעראטור פרעסט זיין נשמה, רייסן זיך ארויס ביי אים ווייטיקלעכע לידער, וואס זוכן אן ענטפער אויף דער פראגע, און ער זינגט:

גראַמען, וואָס איך האָב געקליבן,
לידער, וואָס איך האָב געשריבן,
פערזן, וואָס איך האָב געזונגען,
טענער, וואָס איך האָב געקלונגען,
זאָגט מיר וואָס פון אייך וועט זיין,
ווען איך וועל שוין דאָ ניט זיין?

וועט זיך איינער ווער געפינען
מיט א הארץ, און מיט א זינען
און אייך, ליבע מיינע גראַמען,
וועט מיט צארטער האנט צוזאַמען
קלייבן, פלעכטן אייך אין קראַנץ,
בלייבן זאָלט איר גאַנץ?

דאָס איז ניט קיין זאָרג פון א דיכטער פאר זיינע אייגענע שאפונגען. כאָטש ער באנוצט זיך מיט די ווערטער „איך" און „מיינע" — אויסדרוקן ריין אינדי־ווידועלע, איז דאָס אָבער זיין אומרואיקייט פאר אלץ, וואָס איז געשריבן אין יידיש. און פאר א. רייזען זיינען זלאטעס קרבן מנחה־סידור און דער טייטש־חומש אויך גרויסע ווערק.

רייזענס ליבע צו יידיש איז גרעניצלאָז. ער האָט רעדאגירט צענדליקער און צענדליקער ליטעראַרישע אויסגאבן, וועכנטלעכע, מאָנאטלעכע, אין וועלכע ער האָט ארייגעלייגט הארץ און נשמה, און דערביי ניט איינמאָל צוגעהונגערט.

דר. חיים זשיטלאָווסקי שרייבט: „א. רייזען איז דער קאָנסעקווענטסטער יידישיסט, פאר אים איז יידיש ניט נאָר די שפּראַך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, און אויך ניט א נאציאָנאַלע יידישע שפּראַך, נאָר די נאציאָנאַלע שפּראַך פון אונדזער פאָלק, ווי רוסיש איז די נאציאָנאַלע שפּראַך פון דעם רוסישן פאָלק, ווי פראנצויזיש פון דעם פראנצויזישן פאָלק".

### א. רייזען דער דיכטער

עס איז שווער צו זאָגן צו וועלכער שולע רייזען געהערט. אין זיינע 700 לידער געפינט איר אלערליי זשאַנערן. אָבער ווען מען זאָל אורטיילן לויט דער מערהייט איז ער א דיכטער א רעאַליסט. ער האָט זיך צוגעקוקט צום לעבן מיט אָפענע אויגן. נאטירלעך אלס דיכטער האָט ער געהאַט זיינע שטימונגען, זיינע וויזיעס און ער האָט אין ליד פארקערפּערט דאָס, וואָס ער האָט געזען, געפילט און אספּירירט: ווירקלעכקייט און פאנטאזיע, פארלאנגען, האָפענונגען, יאוש, ברוגז און גוטמוטיקייט. מיט דער פאָרעם פון זיינע לידער איז רייזען אפשר דער איינציקער אין דער יידישער פּאָעזיע: זיין סטראָפע איז קורץ און קלאָר. אין א.

רייזענס לידער זיינען די ווערטער פשוטע, איינפאכע, די קאָמפּאַראַציעס — פאַרשטענדלעכע. זיינע לידער זיינען געמאָסטן און געוווגן.

נעמען מיר אַזאַ ליד ווי „א געזינט זאלבע אכט". קורץ, געשליפן, פשוט, און דאָך אזוי קינסטלעריש, פּאָעטיש:

„א געזינט זאלבע־אכט
און בעטלעך נאָר צוויי,
ווען עס קומט אָן די נאכט
שלאָפן דאן זיי?
דריי מיטן טאטן
און דריי מיט דער מאמען,
הענטלעך און פיסלעך
געפלאָכטן צוזאמען".

א ריין רעאליסטיש בילד, וואָס מיר אלע קענען — די אָרעמקייט מיט די גרויסע משפחות, וואָס האָבן ניט וואָס צו עסן און וו צו שלאָפן.

אָבער ווי טיף דאָס רירט אָן די מענטשלעכע נשמה מיט דעם קורצן פּערז, מיט דער פּשטות און מיט דער קינסטלערישער דערהויבנקייט.

אברהם רייזענס געפּאַסטקייט פאַרוווּנדערט ממש. ווי אזוי קען מען אויס־זינגען אזוי פיל אין עטלעכע קורצע שורות און נאָך דערצו אין א פשוטן שטוב־יידיש?!

אין א ליד צו זיין מאמעס „צאינה־וראינה", זינגט רייזען:

דער ספר דער מאמעס
פון גליק און גענאָד,
ווי צירונג גוט ממש
ער ליגט אין שופלאָד.
זי דארף זיך ניט שעמען
פארן למדן איר מאן,
זי דארף זיך ניט קלעמען
כל־טוב דאָ פאראן.

דאָס איז ממש אן אָדע אויסגעזונגען פון א גרויסן דיכטער צו דער פרוי, וואָס האָט זיך געפילט שפלדיק לגבי דעם מאנסביל, וואָס האָט געקענט די שפּראַך און די סודות פון דער גמרא, און זי, די פרוי, האָט צו דעם גע־קענט דערגרייכן נאָר דורך דעם טייטש־חומש. דער דיכטער שטעלט הויך דעם ווייבערישן ספר און אויך די פרוי. זי דארף זיך ניט שעמען, ווייל אין איר ווייבערישן טייטש־חומש זיינען פאראן אוצרות פון וויסן, פון כל־טוב.

א. רייזענס פשטות און קורצער פערז פארמאָגט אין זיך אַזאַ גבורה, וואָס באזייטיקט די שווערסטע שטרויכלונגען. די קריטיק האָט דאָס ניט געוואָלט אָנ-ערקענען און האָט זיין ליד באטראכט ווי פאָלקלאָר, וואָס האָט געזאָלט באדייטן, אז זיינע לידער זיינען ניט קיין פּאָעזיע, אסך יידישע קריטיקער זיינען געווען מיט אַזאַ מיינונג. רייזענס לידער האָבן פארנומען א קליינעם פלאַץ אין דער ליטעראַרישער קריטיק. עס האָט באדארפט נעמען יאָרן, אז די קריטיקער זאָלן זען רייזענס שאפונגען אין דעם ריכטיקן ליכט און אָנערקענען זייער טעות.

ווען מיר פּרווון פארענטפערן די פראַגע: פון וואנען קומט דער איבערברוך? מוזן מיר זאָגן, אז די ריכטיקע סיבה פון דעם מעטאמאָרפאָז איז: וואָס גראָד ווען די קריטיק האָט ניט באנומען דעם פאָלקס-דיכטער אין זיין מהות, האָבן די יידישע ארבעטער און פאָלקס-מאסן אויפגענומען רייזענס לידער ווי זייערע אייגענע. א. רייזענס לידער זיינען זיי ארייננגעדרונגען טיף אין הארצן און אין דער נשמה.

אין זיינע לידער האָט רייזען אויסגעזונגען דעם פאָלקס-ווייטיק, זיין ווילן, זיינע פארלאנגען און שטרעבונגען.

דאָס איז נאָכאמאָל א באווייז, אז דער גרעסטער קריטיקער איז דער לייענער...

דאָס וויל נאטירלעך ניט זאָגן, אז די קריטיק איז שטענדיק אומגערעכט. האָט זי עפּעס געהאט א שלעכטע כוונה קעגן רייזענס שאפונגען? ניין! זי האָט געוואָלט עפּעס העכערס, סיי אין דער פאָרם און סיי אין דער טעמאטיק, און אברהם רייזענס טעמאטיק איז פאָרט געווען: נויט, הונגער, דלות. י. ל. פּרץ האָט געשריבן: „אברהם רייזען באזינגט די נויט, די איינפאכע נויט, און זיינע לידער און דערציילונגען זיינען טראגעדיעס פון 5 קארטאָפל. קרענק, קעלט זיי-נען כמעט זיינע איינציקע מאָטיוון”.

בעל-מחשבות, בעל-דמיון, ב. ריווקין און א סך אנדערע קריטיקער האָבן אויסגעדריקט די זעלבע מיינונג. איינער האָט זיך אפילו אויסגעדריקט — נאַ-טירלעך אין א שפּאס, — אז ווען א. רייזענס העלדן וואָלטן פארמאָגט א צע-נערל אין קעשענע, וואָלט רייזען ניט געהאַט וועמען צו באשרייבן. זיי וואָלטן זיך געקויפט א בעטל, קארטאָפל און א רעקל. רייזענס העלדן שטעלן אָבער מיט זיך פאָר דעם רוב מנין און בנין פון די יידישע פאָלקס-מאסן אין יענער צייט.

א. רייזען, ענטפערנדיק זיינע קריטיקער, זאָגט אזוי: „בכלל האלט איך, אז איך שרייב און זינג קלאָר און בין ניט אזוי פשוט ווי די קריטיק וויל מיך פאָרשטעלן. דווקא דאָס קלאָרע איז טיף”. ווייטער זאָגט ער: „ס'הייסט ניט, אז איך בין אויסן די 5 קארטאָפל, צי א גמילות חסד, אָדער די קאפּאָטע און די שטיוול אין „מה קא משמע לן”. מיינע לידער זיינען ניט נאָר ליריש, רעאַליס-טיש, נאָר אויך סימבאָליש”.

דאָס איז טאקע דער אמת פון רייזענס שאפן — רעאליסטיש און סימבאָליש. נעמען מיר זיין ליד „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן”. אין דעם ליד באזינגט רייזען זאבלעך די סטיכיע פון דער נאַטור. דער ווינט ברעכט ביימער און צווייגן און זיין קראפט איז דאכט זיך אומבאזיגבאר. דאָך וועט דער זומער קומען מיט א שיינער ליכטיקער זון און די צעבראָכענע ביימער וועלן ווידער בליען און דופטן. דאָס ליד איז שטארק רעאליסטיש, אָבער אויך סימבאָליש. די מאסן האָבן אויפגענומען דעם שטורעם ניט ווי א נאטור-אויסברוך, נאָר ווי א סימבאָל פון דער שווארצער צארישער רעאקציע, וואָס דריקט דאָס פאָלק פיזיש און גייסטיק, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. דאָס איז ניט דער ווינט, נאָר די פינצטערע רעאקציע וואָס בושעוועט. אָבער וויפל זי זאָל ניט בושעווען, וועט דער זומער קומען און באזיגן דעם ווינטער: די פרייהייט וועט באזיגן די רעאקציע. דאָס ליד האָבן אלע אויפגענומען ווי א רעוואָלוציאָנער ליד. די רעדאקציעס האָבן עס ניט געוואָלט דריקן מחמת מורא פארן צענזאָר; די יידישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטערשאפט האָט דאָס ליד פארוואנדלט אין א קאמפס-ליד, כאָטש אין דעם איז קיין איין וואָרט ניט פאראן וועגן רעוואָלוציאָנערן קאמף.

צו רייזענס 60-יאָריקן יובילײ, האָט דר. זשיטלאָווסקי געשריבן: „רייזען איז ניט כתם א דיכטער, נאָר אַ דיכטער א סאָציאליסט.” מיט דער כאַראקטעריסטיק וועט פארשטענדלעך, פארוואָס א. רייזענס לידער באזינגען נויט, אָרעמקייט און הונגער. אן אומעטיקע טעמע, אמת. אבער ווי אזוי קען א דיכטער, וואָס לעבט מיט די אָרעמע מאסן, דורכגיין פארביי דער גאנצער טראגעדיע און ניט באריקן איר? רייזען איז טאקע ניט פאַרבייגעגאנגען, נאָר זיך דורכגענומען מיט איר אין אלע אירע אספּעקטן: געזעקט, געמוטערט און געטרייסט.

די יידישע יוגנט האָט זיך געמוטשעט אין די קלויזן און אין די ישיבות, געהונגערט און געליטן מיט א פּערספּעקטיוו צו ווערן אן איידעמל אויף קעסט, אָדער א דרדקי-מלמד אין דער צוקונפט. איר מצב האָט דער דיכטער געזען, מיטגעפילט און באזונגען אין באקאנטן ליד:

אין דרויסן גייט א רעגן
און ס׳איז א גרויסע בלאָטע,
און באלד וועט דער ווינטער קומען
און איך האָב ניט קיין וואַרעמע קאפאָטע.
און וואָס וועט זיין ווייטער?
עסן טעג און שלינגען טרערן,
שלאָפן אויף דעם פּויסט דעם הארטן,
טויטן דאָ די עולם-הזה,
אויף עולם-הבא וואַרטן.

א. רייזען האָט זיינע לידער ניט געשריבן אויף באשטעלונג, אָדער עמיצן צו געפעלן. ער האָט אזוי געזונגען, ווייל זיין וועזן איז געווען פיל מיט דער שטימונג און ער האָט זיך געמוזט אויסלאָדן.

אין א ליד, וואָס הייסט „ווען דאָס לעבן", דערפילט מען דעם ווייטיק און דעם צער, וואָס דער דיכטער טראָגט אין זיין נשמה; און וואָס ערגער איז, אז גראָד די, פאר וועלכע ער ווייטיקט, זיינען אזוי דערשלאָגן און אפאטיש, אז זיי הערן אים ניט.

וועז דאָס לעבן איז פאַרביטערט
און דאָס הארץ הויבט אָן צו קלעמען,
און א טרער אין די אויגן ציטערט
און דערציילן האָסט — ניט וועמען,
ס'ווערט א קעלט אויפן יארידל,
אייז — צו וואָס דו שטעקסט זיך צו,
אָ, מיין אָרעם יידיש לידל,
בלייב מיר כאָטש ווארעם דו.

די געשיכטע האָט צו דערציילן אין אלע אירע פעריאָדן פון דענקער, דיכ־טער און פירער, וועלכע האָבן געליטן פארן פאָלק, און דאָס זעלבע פאָלק, פאר וועלכן זיי האָבן געליטן, האָט זיי פארשטויסן און ניט פארשטאנען. און דאָך זיינען אין גאנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע און באַפרייונגס־קאמפן, ווידער און ווידער אויפגעשטאנען מענטשן, וואָס האָבן דעם קאמף פאָרגעזעצט, טראָץ אלע שוועריקייטן, טראָץ דעם פילמאָליקן אומצופרידנקייט פון דעם זעלבן פאָלק, וואָס זיי האָבן געזוכט צו באפרייען און דערהויבן.

א. רייזענען האָט אויך דער שיקזאל ניט אויסגעמיטן. די קריטיק, די וואָרט־זאָגער האָבן אים ניט געשאנעוועט, די עקאָנאָמישע באדינגונגען האָבן אים מיט דער גאַנצער שוועריקייט געדריקט; די מאַסן, פאַר וועמען ער האָט גע־זונגען, זיינען נאָך געווען איינגעוויקלט אין א הארטער שאָלעכץ פון אומ־וויסן — און דאָך האָט ער ניט אויפגעהערט צו זינגען אויף דער אייז־קאל־טער פרעמדקייט, וואָס האָט אים ארומגערינגלט. אזוי איז שוין דער דיכטער, ער זינגט, פונקט אזוי ווי דער סאָלאָוויי, ווייל זיין אומרו, זיין שטימונג מוז געפינען א תיקון. אין איינעם פון זיינע לידער, וואָס הייסט „וועלט און מענטש" זינגט א. רייזען:

וואָס גייט מיך וועלט און מענטש אָן,
איך בין אליין א וועלט.
וואָס ארט מיך, וואָס איר לאכט מיך אויס,
איך טו וואָס מיר געפעלט.

מיין וועג איז קרום, דאָך פירט ער גלייך
צום וואלד, צום פעלז, צום בארג.
און אייערער? ער פירט אייך בלויז
אין רווישנדיקן מארק.

פרץ, מענדעלע, שלום עליכם, ראָזענפעלד, ווינטשעווסקי, עדלשטאט זיינען געווען סאָציאלע דיכטער. זיי האָבן אין זייערע ווערק געשילדערט דאָס אָרעמע לעבן פון די פאָלקס-מאסן, פון דעם יידישן באלמעלאָכע און ארבעטער. זיי האָבן גערופן צו קעמפן פאר א בעסער לעבן און שענערער וועלט. אברהם רייזען איז אויך געווען א סאָציאלער דיכטער, און דעריבער טרעפט מען ביי אים לידער און דערציילונגען, וואָס זייער טעמאטיק איז שוין אונדז באקאנט. אָבער דאָס פארמינערט ניט זייער קינסטלערישן ווערט, ווייל ווי לאַנג אונדזער וועלטל וועט זיין צעטיילט אויף קלאסן, וועלן די היינטיקע און מאָרגנדיקע דיכטער ניט אויפהערן צו באַרירן די טעמעס; נאטירלעך, יעדער אויף זיין שטייגער און מיט זיינע קינסטלערישע רעקורסן.

ביי ד. עדלשטאט איז דאָ א ליד, וואָס מאָלט ווי דער שניידער זיצט שפעט ביינאכט: מיד, צעבראָכן, אויסגעשעפּט, די אויגן קלעפּן זיך, און דאָך נייט ער און נייט, ווייל:

„צו מאָרגנדיקן באַל
מוז האָבן דעם פראַק דער פראַנט".

און פון דעם פראַק הענגט אָפּ דאָס טרוקענע שטיקל ברויט פאַר זיין פאַמיליע.

אין פרץ'ס „ביי א פרעמד הופה-קלייד" זיצן די אָרעמע מיידלעך און נייען זיך אויס טובערקולאָז און גרויע צעפּ.

אב. רייזען האָט אויך א ליד אויף דער זעלבער טעמע, נאָר עס איז פאָרט אנדערש, ווייל רייזען האָט זיינע אייגענע קינסטלערישע רעקורסן, זיין אייגענע שפּראַך און זיין אָריגינעלן קינסטלערישן מעטאָד. רייזענס ליד מיטן דערמאָנטן מאָטיוו איז:

אָ, העמערל העמערל, קלאַפּ.
שלאָג שטארקער א טשוואָק נאָך א טשוואָק.
קיין ברויט איז אין שטוב שוין נישטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק.

אָ, העמערל, העמערל קלאַפּ!
דער זייגער, ער שלאָגט באַלד צוועלף;
די אויגן זיי מאַכן זיך צו,
גיב כוחות, אָ גאָטעניו, העלף;

אָ, העמערל, העמערל קלאַפּ!
שלאָג שטארקער די טשוועקעס, שלאָג גיך;
ביז מאָרגן מוז פארטיק שוין זיין,
דער גבירהטעס טעכטערלס שיך.

אָ, העמערל, העמערל קלאַפּ.
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך ארויס,
מיין איינציקער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס.

עס מאכט ניט אויס, וואָס די דריי דיכטער האָבן געמאָלן פארשידענע פּראָפעסיעס, אָבער דער סאָציאַלער אינהאַלט איז דער זעלבער. דער וויטיקלעכער זין פון זייער אינהאַלט וועט זיכער מיט דער צייט פארווישט ווערן, ווען אַן אַנדערע אָרדענונג וועט קומען. אָבער דער קינסטלערישער אויסדרוק וועט ניט פארשווינדן.

רייזען דער קינסטלער, רייזען דער סאָציאַלער דיכטער, דער טרייסטער, ער וועט קיינמאָל ניט אויפהערן צו לעבן. ווייל קונסט איז אייביק און אירע שאפער ווערן פאראייביקט.

די יידישע ליטעראַטור האָט א היפּשן שפרונג געטאָן פאָרויס פאר די 60 יאָר, וואָס רייזען האָט געשריבן. גרויסע ווערק זיינען געשאפן געוואָרן, נאָר — אין דער צייט זיינען עפּאָכעס פארשוואונדן. אויף א זעקסטל פון דער ערד זיינען אויך קלאסן פארשוואונדן. א. רייזען האָט ניט אויפגעהערט צו זינגען זיינע לידער. ער האָט שטענדיק געפונען אין דעם מענטשן און אין דער נאַטור נייע מאָטיוון. ווען איר לייענט רייזענס א לידער־בוך אָדער דערציילונגען, דאַכט זיך, אז עס איז בלויז פּיצלעך און ברעקלעך; א ליד פון עטלעכע שורות, א דערציילונג פון א בלעטל, אָבער נעמט דאָס אַלץ צונויף, דאן שווימען ארויס בילדער, בילדער וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן פון אמאָל אין די היימישע שטעטלעך, זייער שטייגער, זייערע פריידן און זאָרגן; בילדער פון די נייע היימען, מיט די נייע געוווינהייטן און מנהגים, צו וועלכע דער היימישער ייד האָט זיך צוגעפּאסט, דאָס קאָמישע און דאָס טראַגישע; בילדער פון ארבעטער־לעבן און קאמפן; בילדער פון נויט און אָרעמקייט. די זיינען דער עיקר ביי רייזענען. ער ווערט טאַקע געקרוינט מיט דעם נאָמען: דער דיכטער פון דער אָרעמקייט. אין יעדער זאך באזונדער, און אין אלע צוזאַמען, פילט איר אין רייזענען דעם פאָלקסדיכטער, דעם קינסטלער. און ווי יעדע שאפונג, וואָס איז קונסט, ווערן אויך רייזענס שאפונגען קיין מאָל ניט אלט, זיי זיינען שטענדיק דערפרישנדיק.

ביי א. רייזען זיינען דאָ לידער, וואָס זיינען שוין אלט א האלב יאָר הונדערט, דאָך זיינען זיי נאָך היינט צו טאָג פריש. צאפּלדיק, דערמוטיקן און דערהויבן.

דער פּראָבלעם שלום איז היינט צו טאָג דער סאַמע אַקטועלסטער און דער סאַמע וויטאַלסטער פאַר דער מענטשהייט. הונדערטער מיליאָנען מענטשן קעמפן פאַר שלום. קאָנגרעסן, צוזאַמענפאָרן, נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע, ווערן גערופן, א ריזן-ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין אַלע שפּראַכן און אין אַלע פאָרמען: פּראָזע, פּאָעזיע, דראַמע אויף צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון שלום און ניט צו דערלאָזן, אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל צופירן די מענטשהייט צו א נייער מלחמה-קאַטאַסטראָפע.

רייזען האָט אַלס דיכטער אויך צוגעטראָגן זיין חלק צום קאַמף פאַר שלום. אין זיין דערציילונג „דעם ברודערס קוילן" ווערט געשילדערט ווי איינער אַן אַרבעטער, וואָס אַרבעט אין אַן אַמוניציע-פאַבריק, גנבעט אוועק אַלע מאָל א נייע קויל, ווייל עס דאַכט זיך אים, אַז גראַד די קויל וועט דערהרגענען זיין ברודער. ער גנבעט אוועק יעדעס מאָל מער קוילן, ווייל זיי ווערן אים מער פאַרדעכטיקט.

ער האָט מורא, אַז די וועט טרעפן דעם ברודער אין קאָפּ, די צווייטע אין פוס, און די דריטע אין האַרצן. ער וויל ראַטעווען דאָס לעבן פון זיין ברודער. עס דערגייט צו דעם, אַז ער וויל אַוועקנעמען אַלע פּראָדוצירטע קוילן, ווייל אַלע זיי וועלן דאָך דערהרגענען זיין ברודער, אָבער אַנדער ברידער. ער ווערט גע־כאַפּט, און דער אינזשעניער, איבערגעבנדיק אָט דעם „גנב", זאָגט: „גיט אים איבער דער פּאָליציי, אָדער אין א משוגעים-הויז". אַזוי איז שוין די קאַפּיטאַליס־טישע לאָגיק: דער-וואָס קעמפט פאַר שלום, דאַרף אָדער פאַרברענט ווערן אויפן עלעקטרישן שטול, אָדער פאַרשפּאַרט ווערן אין א משוגעים-הויז.

א. רייזען האָט אין אַזאַ קורצער דערציילונג, אין אַזאַ פּשוטער שפּראַך אַרויסגעבראַכט דעם ווילן פון א מענטש, פון אַן אַרבעטער צו קעמפן קעגן דעם אומזין פון מלחמה.

אין זיינס א ליד, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין וואַרשע אין יאָר 1899,־ אונטערן נאָמען „דאָס נייע ליד", זינגט רייזען א הימן צום שלום. דאָס ליד קאָן נאָך היינט באַנוצט ווערן, ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער, ווי א שלום-מאַרש ־ אַזוי מעכטיק, אמתדיק, אין אָנרעגנדיק קלינגען זיינע ווערטער און טענער.

„דאָס נייע ליד"

אונ זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,
דאָך קומען וועט
צי פרי, צי שפּעט,
די צייט ־ עס איז ניט קיין חלום.

איך הער דאָס ליד
פון ליבע און פריידן.
די מעכטיקע געזאַנגען
אין יעדער טאָן
פון ליד זאָג אָן:
די זון איז אויפגעגאַנגען.

עס עקט די נאַכט,
די וועלט ערוואַכט
פון האָפענונג לוסט און שטרעבן,
איך הער - אין לופט
א שטימע רופט
צו גליק, צו פרידן און לעבן.

עכטע קונסט ווערט קיינמאָל ניט אַלט, זי וואַקסט אריבער צייט און רוים. די קינסטלער, וואָס קענען אין פראָזע אָדער אין פּאָעזיע אויסהאמערן דעם ווילן, די ווונטשן, די האָפענונגען פון מענטשן און פעלקער, וועלן לעבן אייביק. זייערע נעמען וועלן קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן, צו די דיכטער געהערט אויך דער קינסטלער אברהם רייזען.

עס ווערט דערציילט, אז רייזען איז ניט געווען שטארק צופרידן מיטן טיטל פאָלקס - דיכטער. ער האָט געוואָלט טראָגן דעם טיטל נאַציאָנאַלער דיכטער, אויף וועלכן ער האָט געדענקט, אז ער האָט א רעכט. מיר פון אונדזער זייט וואָלט רייזענען געגעבן אלע מיטלען וועלכע זאָלן אים באפרידיקן, ווייל ער האָט דאָס בפירוש פאַרדינט. אָבער זאָלן מיר פארשטיין, אז ניט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק האָט רייזענען אויפגענומען אלס א דיכטער. די יידישע בורזשואזיע האָט רייזענען געהאסט, ווייל זיינע לידער האָבן געשטערט איר שלאָף און האָבן איר געשראָקן. די אסימילאטאָרן? זיי ווייסן ניט פון זיין עקזיסטענץ און קענען אים ניט. די רעאקציאָנערע העברעיסטן זיינען פיינט פון יידיש, און זיינען מבטל אלץ, וואָס איז געשריבן אין דער גלות-שפּראך, טאָ ווער בלייבט? די יידישע פאָלקס-מאסן. רייזען, —איז זייער דיכטער. דעריבער האַלטן מיר, אז דער ריכטי־קער טיטל רייזענס, איז — פאָלקס-דיכטער. נאָך אלעמען, האָט רייזען זיינע ווונדערבארע לידער ניט געשאפן פארן גאנצן יידישן פאָלק נאָר פאר דעם טייל, וואָס ליידט און קעמפט, פאר דעם טייל, וואָס האָט זיינע לידער געזונגען און אין זייערע טענער געפונען מוט און טרייסט, לוסט צו לעבן און צו קעמפן; דער אנדערער טייל, פארקערט, האָט אין רייזענען געזען עפּעס א זשארגאָנישן שריי־בער, וואָס בונטעוועט די כשרע לעמעלעך, די צאן- קדשים.

די יידישע פאָלקס־מאסן ווילן זיך מיט זיי ניט טיילן און האלטן, אז רייזען געהערט צו זיי, ער איז זייער שרייבער, זייער דיכטער, און ער, רייזען אליין, איז אויך א טייל פון די פאָלקס־מאסן.

די פאָלגנדיקע דעפיניציע כאראקטעריזירט אמבעסטן אונדזער מיינונג:

יעדע נאציאָנאַלע קולטור פארמאָגט צוויי טיילן: א בורשואז־קלעריקאלן און א פראָגרעסיוון. דער פראָגרעסיווער טייל איז די פאָלקס־קולטור, געשאפן פון פאָלק און זיינע, דעם פאָלקס, נויט. די בורזשואז־קלעריקאַלע קולטור איז אָפּגע־ריסן פון פאָלק, שפרייט אבערגלויבן און אָבסקוראנטיזם. דער סאָרט קולטור, אויב מען קען אזוי אים אָנרופן, דינט די אינטערעסן פון די „אויבערשטע" שיכטן, די עקספלאָאטאטאָרס און זייערע מיטהעלפער.

רייזען איז ניט קיין רעוואָלוציאָנערער דיכטער. זיינע לידער, חוץ איינציקע, זיינען מיטפילנדיקע אָבער רופן ניט צו קיין אקציע. זיין ליד „קירכן־גלאָקן" געהערט צו דער קליינער צאָל רעוואָלוציאָנערע לידער זיינע, וועלכע דער יידישער ארבעטער האָט געזונגען מיט ענטוזיאזם און האָפענונג דאָס ליד „קירכן־גלאָקן" ענדיקט זיך:

„איך האָב א נייעם גלאָק באשאפן
צו דערוואכן טויטע שקלאפן.
נישט אין קירכען — אין דער לופט
הענג איך אים ארויף.
נישט צו שרעקן נאָר צו וועקן
גאָר די וועלט אין — אלע עקן.
קלינגט ער מוטיק, רופט ער פריילעך:
שטייט צום לעבן אויף!"

מיר ווילן דערמאָנען נאָך איין ליד פון דעם אומשטערבלעכן דיכטער אברהם רייזען, וואָס איז איינגעקריצט אין אונדזער זכרון, און אין הארצן. דאָס איז די „אייזערנע וואנט"

די אויגן פול צאָרן פארגאָסן מיט בלוט,
די הערצער זיי שלאָגן מיט קראפט און מיט מוט.
מיר שטייען ביי א הויכער געמויערטער וואנט
מיט העק און מיט האמערס און אייזענס אין האנט.
מיר ברעכן די וואנט.

רייזענס דערציילונגען זיינען קליין און קורץ אין זין פון מאָס, אָבער דאָס זיינען טאָגטעגלעכע טראגעדיעס. זיין דערציילונג, „דער ליגן”, „אין א זומער־טאָג” און „פארמשכנט זיך אליין” באשרייבט רייזען הונגער, נויט און דלות.

רייזען מאָלט פרעכטיק די סיטואציעס, די אָביעקטן, דמיונות און רעיונות, כּעס, האס, פארביטערונג, אָבער קיין אויסוועג איז ניטאָ בּיי אים. ס'פעלט דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, דער אימפולס אָן ענדע צו מאכן מיט אָט דעם סיסטעם, ווו צווישן אָנגעפּאקטע שפייכלערס שמאכטן מענטשן פאַר הונגער.

רייזען איז נאָר א זינגער פון די נויטן און פון דעם ביטערן לעבן פון די פאָלקס־מאסן, ד.ה. ער האָט פארן פאָלק אויפגעדעקט זיין אייגענע לאגע, עס זאָל זי פארשטיין און דערפילן, אָבער די לייזונג האָט ער איבערגעלאָזן פאר אנדערע....
אָבער דאָס אויפדעקן איז אויך א גרויסע מדרגה און דערגרייכונג אין דער ליטעראטור.

אברהם רייזען האָט זיך פאר די לעצטע 25 יאָר דערוויטערט פון די ברייטע ארבעטער־און פאָלקס מאסן, ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער סאמע שונד־און שאנד־צייטונג, אין „פאָרווערטס”. נאטירלעכערוויז איז ער פארפרעמדט געוואָרן. אָבער רייזען האָט באוויזן צו פארבלייבן אָנשטענדיק, אפילו דאָרט האָט ער געזייט זיינע פערל. דער יידישער לייענער וועט אָבער זיי דאָרטן ניט איבערלאָזן, ווייל רייזענס שאפן געהערט אים.

ביי דעם רוסישן פאבוליסט קרילאָוו, איז דאָ א פאבל, ווי א האָן ראָיענדיק אין א קופּע מיסט, האָט ער דאָרט געפונען אן עכטע פערל, זי איז פארבליבן א פערל אפילו אין מיסט. אזוי וועלן די צוקונפטיקע ליטעראטור־פאָרשער מוזן זיך אראָפּלאָזן אין דעם „פאָרווערטס”, ארויסשלעפן פון דאָרט די רייזען־פערל און איינגלידערן זיי אין זיין ליטעראַרישער ירושה.

מיט אָט דעם קליינעם פּאָרטראג פּרעטענדיר איך ניט אויף א ליטעראַרישער אָפּשאצונג, איך בין אויף דעם ניט מסוגל, נאָר אלס יידישער לייענער, ווייל איך, צוזאמען מיט א סך פאָלקס־יידן, צוטראָגן אונדזער בלומען־קראנץ צום קבר פון דעם דיכטער און שרייבער א. רייזען. זאָלן אונדזערע לעצטע ווערטער דינען ווי אן אויסדרוק פון דרך־ארץ, יראת־הכבוד און דאנקבארקייט דעם קינסטלער אברהם רייזען.

**ערע זיין אָנדענק!**

# לעאָן קאָברין — דער שרייבער און דראמאטורג

שוין יאָרן זינט לעאָן קאָברין איז טויט, און מען קען נאָך, צום באַדויערן, ניט זאָגן, אז קאָברינס ליטעראַרישע ירושה איז שוין אויפגעזאמלט, אויסגעפאָרשט און ארויסגעגעבן. דער היסטאָריקער האָט נאָך פאר אונדז ניט אנטפלעקט די סודות וועגן אָט דעם טאלאנטפולן שרייבער, וואָס אזוינס האָט גורם געווען, אז עס זאָל זיך צעבליען און צעוואקסן אזא קרעפטיקער טאלאנט. קאָברינס קינדהייט און יוגנט אין צארישן רוסלאנד, זיינע 50 יאָר אין אמעריקע, זיין השפעה אויף זיינע מיטצייטלער, דאָס אלץ דארף אויסגעפאָרשט ווערן, און די ארבעט איז א פליכט פאר דער יידישער ליטעראטור.

ל. קאָברין האָט ניט בלויז געלעבט 50 יאָר אין אמעריקע, נאָר האָט אויך געקעמפט און געשאפן. ער האָט אין דעם האלבן יאָרהונדערט א סך געזען און פארצייכנט, ניט אלס כראָניקער אָדער רעפּאָרטער, נאָר ווי א טאלאנטפולער שרייבער, וואָס האָט אן אויג אויף אן אויער, און איבערהויפט א ווארעם הארץ.

ל. קאָברין האָט אין זיינע שאפונגען אריינגענומען אלע דערשיינונגען פון דער סביבה, קאָנפליקטן און פּראָבלעמען: פערזענלעכע, קאָלעקטיווע, גייסטיקע, עטישע, רעליגיעזע און עקאָנאָמישע. דאָס איז זייער א ווערטפולער מאטעריאל פאר דער געשיכטע, און ווען א היסטאָריקער וועט וועלן זיך שאפן א בילד פון דער עפּאָכע, דארף ער נאָר אויסציען די האנט צו קאָברינס ווערק און וועט האָבן מאטעריאל לרוב. די דערציילונגען און דראמען פון קאָברינען זיינען היינט ניט אלע אקטועל. אָבער אויך די ניט - אקטועלע האָבן א קאָלאָסאלן ווערט, ווי מאטעריאל פאר דער יידישער געשיכטע.

ל. קאָברין איז געבוירן געוואָרן דעם 15-טן מערץ 1872 אין וויטעבסק ביי א קרעמערישע משפּחה. זיינע עלטערן האָבן מיט זייער זאָרג פאר זיין יידישער דערציונג אויך געטראכט וועגן א תכלית פאר זייער זון. אָבער תכלית האָט דאַן געמיינט ביי יידן זיין א שוחט, א רב, אָדער א דערפאָלגרייכער סוחר. דער קליינער לייבל, דער שפּעטערדיקער ליאָזקע, האָט תכלית פארשטאנען גאנץ אנדערש ווי זיינע עלטערן. דער שפּעטערדיקער שרייבער און דראמאטורג האָט פארשטא-

נען אז תכלית הייסט לערנען און פארשטיין די יידישע געשיכטע און ליטע־ראטור און געניסן פון דעם גרויסן און טיפן קוואל, וואָס הייסט די רוסישע ליטע־ראטור, וועלכע האָט פארמאָגט אזעלכע גייסטער ווי טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי, פושקין, בעלינסקי א.אנ. קאָברין שרייבט וועגן דעם פעריאָד פון זיין לעבן אין זיין אויטאָביאָגראפיע: „די גרויסע גייסטער פון דער רוסישער ליטעראטור האָבן פאר מיר צעריסן די שווארצע געדיכטע וואָלקנס, וואָס האָבן ארומגערינגלט דעם תחום־המושב און האָבן פאר מיר ליכטיקע האָריזאָנטן געעפנט״. קאָברין האָט ווי א דאָרשטיקער געטרונקען פון אלע קוואלן, וואָס געניאלע שרייבער און דיכטער־דענקער פון אלע פעלקער האָבן געשאפן פאר דער מענטשהייט.

קאָברין איז געבוירן געוואָרן ניט נאָר אין איין צייט, נאָר אויך אין דער זעלבער שטאָט וויטעבסק, ווו עס זיינען געבוירן געוואָרן די גרויסע גייסטער, וועמענס טעאָריעס און השפעה האָבן דערגרייכט די ברייטסטע יידישע מאסן. מיר מיינען דאָ: דר. חיים זשיטלאָווסקי און ש. אנסקי. יעדער יידישער אינטעלעגענטער לייענער, וואָס וויל פארשטיין די ראָל פון דער יידישער קולטור און געשיכטע אין צוזאמענהאנג מיט די וועלט־פראָבלעמען, מוז אָנקומען צו זיי. און אויב שטעט וואָלטן דעקאָרירט ווערן מיט מעדאלן פאר זייער בייטראָג צו דער קולטור און ציוויליזאציע, וואָלטן מיר יידן באדארפט שטעלן דעם גרעסטן דענקמאָל דער שטאָט וויטעבסק: פאר חיים זשיטלאָווסקי, פאר ש. אנסקי און פאר ל. קאָברין.

געבן אן אָפשאצונג איבער קאָברינס שאפן איז כמעט אוממעגלעך, ניט נאָר פאר מיר, נאָר אפילו פאר א פאכמאן, פאר א ליטעראטור־פאָרשער, און דאָס צוליב 2 טעמים: ערשטנס, איז ער געווען אזוי פראָדוקטיוו אין זיין שאפן, אז עס מוז נעמען א גאנץ לאנגע צייט, ביז דער ריכטיקער ווערט פון זיינע ווערק און דער אמתער געשטאלט פון קאָברינען וועט קלאָר און בולט ווערן. און צווייטנס, איז ניט אלץ, וואָס ער האָט געשריבן, שוין געדרוקט. א סך פיעסן זיינע ווערן געשפילט פון מאנוסקריפט, און עס מוז נעמען צייט ביז ס׳וועט פעסטגעשטעלט ווערן, וואָס עס איז עכט און וואָס איז פסולת. איין זאך איז זיכער, אז אפילו בליז דורכשפאצירנדיק דורך זיינע ווערק קען מען פארשטיין, וואָס פאר א שווערן פארלוסט עס האָט געליטן די יידישע ליטעראטור און דער יידישער טעאטער מיט דעם טויט פון ל. קאָברין.

צוויי גרויסע שטריכן ציען זיך ווי א רויטער פאָדים אין זיין לעבן און שאפן, דאָס איז דואליזם און פאָלקסטימלעכקייט.

**דער דואליזם**

זייענדיק א קינד פון א יידישער קליינבירגעלעכער משפחה, געבוירן און דערצויגן אין א יידישער שטאָט, אין הארץ פון דער יידישער געטאָ, איז נאטירלעך, אז קאָברין זאָל זיין צוגעבונדן מיט אלע פעדים פון זיין נשמה צום יידישן פאָלק, צו זיין שפראך, צו זיין קולטור און געשיכטע, דאָך האָט ער זיין אייגענע שפראך

פארנאכלעסיקט און ניט געשאנקען איר קיין אויפמערקזאמקייט ביז זיין 20־יאָרי־קער עלטער. ער אליין דריקט זיך אויס אין זיינע מייסטערהאפטע ארטיקלען „50 יאָר אמעריקע": „מיין שפּראך יידיש איז געווען פארמיסטיקט און פארזשאר־גאָנעוועט". דערזעענדיק אין אמעריקע טשעכאָווס א נאָוועלע איבערגעדרוקט אין יידיש, איז ער פשוט נשתומם געוואָרן. קאָברין האָט ליב געהאט יידיש און דאָך געשריבן אין רוסיש. אמת, צו יענער צייט, אין די 90־ציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט ניט עקזיסטירט קיין רייכע יידישע ליטעראטור, וועלכע זאָל קענען באפרידיקן א יידישן אינטעלעגענטן לייענער, דאָך האָבן שוין געלויכטן אויפן האָריזאָנט די דריי גרויסע שטערן: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם.

אין אמעריקע שרייבט קאָברין פּיעסן פונעם אמעריקאנער לעבן, וועלכע ווערן געשפּילט מיט דערפאָלג פון די גרעסטע יידישע אקטיאָרן, ווי דער אומ־שטערבלעכער יעקב אדלער, מאָגולעסקאָ און אנדערע. זיין פּיעסע „סאָניע פון איסט בראָדוויי" איז געווען פון די ערשטע פּיעסן, וועלכע האָבן זיך צוגערירט צו די נייע פאָרמען פון יידישן אמעריקאנער לעבן. די פּיעסע איז געשפּילט גע־וואָרן אונטער דעם נאָמען „נאטור, מענטש און חיה". באלד טאקע נאָך דעם שרייבט ער א פּיעסע, וואָס האָט אויך געהאט א גרויסן טעאטער־דערפאָלג און וואָס איז אָבער געווען פונקט דער היפּוך דער יענער, א פּיעסע פון א טיפּיש יידישן דאָרף אין רוסלאנד — „יאנקל בוילע", אָדער „דער דאָרפס־יונג". דאָס באווייזט, אז מיט איין פוס איז ער געשטאנען אין אמעריקע און מיט דעם צווייטן אין רוסלאנד.

לויט קאָברין, אליין א מענטש פון סאָלידער קולטור, א טאלאנטפולער נאָוועליסט מיט א ראפינירטן געשמאק און עסטעטישן חוש, האָט ער דאָך געשריבן ראָמאנען פון ניט קיין געהויבענעם ווערט, וואָס מיר, זיינע לע־זער, וואָלטן ניט געוואָלט, אז זיי זאָלן אריינגענומען ווערן אין זיינע געזאמלטע שריפטן, וועלכע וועלן טראָגן זיין נאָמען, וואָס ווערט דערמאָנט מיט דרך ארץ און רעספּעקט פאר קאָברינס גרויסן ביטראָג צו אונדזער קולטור, ליטעראטור און טעאטער.

די שפּעטערדיקע ליטעראטור־פאָרשער וועלן אפשר דעם לעצטן דואליס־טישן מאָמענט איבערטייטשן גאנץ אנדערש, צושרייבנדיק אָט דעם איבל צו א געוויסן טייל פון דער אמעריקאנער ווירקלעכקייט, וואָס איז א גרויסער פאקטאָר אין יידישן לעבן. די גרעסטע יידישע צייטונג אויף דער וועלט „דער פאָרווערטס" האָט פארמיסטיקט די יידישע שפּראך און האָט אנטוויקלט ביי א גרויסער צאָל יידישע לייענער א געשמאק צו יאָגן זיך נאָך ביליקע בולוואר־ראָמאנען, און עקאָנאָמישע סיבות האָבן געווירקט, אז א סך שרייבער מיט טאלאנט זאָלן זיך אראָפּלאָזן צום אפּגרונט פון שאנד. א סך קרעפטיקע טאלאנטן זיינען געשטרויי־כלט און קאָרומפּירט געוואָרן, און האָבן פארטאכלעוועט זייער טאלאנט צו שפּילן

אויף די נידעריקע אינסטינקטן פון דעם מאסן-מענטש, אויסטראכטנדיק פאר אים ווילדע ניט געשטויגענע — ניט געפלויגענע מעשיות, געמישטע מיט זנות און עראָטיק. און זאָלן מיר זאָגן, אז שרייבער זיינען דאָך אויך ניט מער ווי מענטשן, וואָס ווילן עסן און צאָלן דירה-געלט, און געטריבן פון אָט דעם אייזערנעם עקאָנאָמישן פאַקטאָר, זיינען זיי געצוווּנגען מיסצובורויכן מיט אָט דער, פון דער נאטור געבענטשטער, מתנה וואָס הייסט טאלאנט.

### קאָברינס פאָלקסטימלעכקייט

ווען מען לייענט קאָברינס נאָוועלן אָדער א דערציילונג זעט מען, אז די שפראך איז אזוי היימיש און ניט געקינצלט, פונקט ווי ווען פאָלקס-יידן פירן א געשפרעך צווישן זיך. אויך אין זיינע פיעסן איז די שפראך א קערנדיקע, א זאפטיקע. זיינע מאָנאָלאָגן און דיאלאָגן זיינען הארציק-פאָלקסטימלעך און פארכאפן דעם לייענער און צושויער מיט זייער קאָלירפולקייט. קאָברינען האָט זיך איינגעגעבן צו פאראינטערעסירן דעם יידישן לייענער מיט זיין שפראך און מיט זיין סוזשעט. ווען א שרייבער דערגרייכט דעם אינטימען קאָנטאקט מיט זיין לייענער, האָט ער אלץ דערגרייכט, וואָרעם דער ציל פון דעם שרייבער איז צו דערגרייכן און אנטוויקלען דעם לייענער.

### קאָברין איז געווען פילזייטיק

וויל מען קוואליפיצירן קאברינס פארשידנארטיקע ליטערארישע טעטיקייט, דאן מוז מען אוועקשטעלן יעדער צווייג באזונדער. קאָברין איז געווען איבערזעצער און נאָוועליסט, דערציילער, ראָמאניסט, פובליציסט, דראַמאטורג און פיאָנער.

### קאָברין דער פיאָנער

די יידישע ליטעראטור אין אמעריקע פונקט ווי אין אייראָפּע האָט דורכגעמאכט א שווערן וועג, איבערהויפּט אין איר ערשטער פאזע. און אפשר איז איר וועג געווען נאָך שווערער ווי אין אייראָפּע, ווייל די אמעריקאנער עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט האָט גורם געווען, אז די ערשטע יידישע אימיגראנטן זאָלן פארכאפט ווערן פון דעם פיבער צו מאכן געלט. מענטשן וואָס האָבן אין דער אלטער היים געהאט א נויטווענדיקייט זיך אויסצולעבן קולטורעל און האָבן מיט דער גרעסטער התמדה געלייענט און שטודירט, זיינען אין אמעריקע פארוואנדלט געוואָרן אין געלט-מאשינען און אויסער מיט זייערע פערזענלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן זיך מיט גאָרניט אינטערעסירט; א פשיטא שוין — מענטשן, וועלכע האָבן בכלל געהאט ווייניק אָדער גאָר קיין קולטור ניט געהאט, — די האָבן נאָר געוואָלט „מאכן אמעריקע״. אונדזער גרויסער קינסטלער שלום אש האָט אָט דעם טיפּ „אמעריקאנעץ״ מייסטערהאפט פארקערפּערט אין זיין בוך „מיסטער

לעדערער קומט צוריק". ביי אזעלכע באדינגונגען פון א מאסן־פּסיכאָז זיך „ארויפצוארבעטן" איז אויסערגעוויינלעך שווער אוועקצולייגן א פונדאמענט פאר א קולטור־לעבן. קאַברין איז געווען איינער פון יענע וואונדערבארע פּיאָנערן, וואָס האָבן ניט בלויז צוגעטראָגן ציגל צום בנין, נאָר ממש געלייגט דעם פונדאמענט.

קאַברין האָט אויך ניט אויסגעמיטן עקאָנאָמישע נויט. ער איז געווען אַן ארבעטער אין א סוועט־שאַפּ, געמאַלקן קי, געארבעט אין א פּאפּיראָסן־פאבריק און ביי אנדערע ארבעטן. דאָס האָט אים אָבער ניט אָפּגעריסן פון זיין ציל און פון זיין אידעאַל צו בויען א קולטור־לעבן פארן צוקונפטיקן גרויסן יידישן ישוב אין אמעריקע. דער פּעריאָד אין זיין לעבן, ווען ער איז געווען א שווארץ־ארבעטער, האָט צוגעטראָגן זייער פיל צום אויסקריסטאליזירן זיין פּאָליטישע אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן אין זיין ליטערארישער ארבעט און האָט משפּיע געווען אויף דעם פּראָגרעסיוון טייל פון יידישן קיבוץ אין אמעריקע.

**קאַברין דער דראמאטורג**

אלס דראמאטורג איז קאַברין געווען זייער פּראָדוקטיוו. ער האָט אָנגעשריבן איבער 40 פּיעסן. פארשטייט זיך, אז ניט אלע זיינען געשטאַנען אויף דער זעלבער קינסטלערישער הייך און ניט אלע פּיעסן האָבן אויסגענומען ביי דעם־טעאטער־עולם. זיין פארדינסט ליגט אין דעם, וואָס ער האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין ליטערארישן שאפן געווידמעט דעם יידישן טעאטער.

כדי צו פארשטיין קאַברינס פארדינסטן פארן יידישן טעאטער, וועט מיר זיין דערלויבט צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דעם יידישן טעאטער אין אמעריקע צו יענער צייט, ווען קאַברין האָט זיך ערנסט פארנומען צוצוטראָגן עפּעס ווערטפולעס צו אָט דעם וויכטיקן צווייג פון אונדזער קולטור. יידיש טעאטער האָט דורכגעמאכט א שווערן דאָרנדיקן וועג און האָט זיך אָנגעשטויסן אויף איגנאָראַנץ, חוזק און ביטול. דער יידישער אקטיאָר איז באטראכט געוואָרן ווי א ליידיק־גייער, ווי א הפקר־יונג, און גלאט עפּעס ווי א פארשלעפּטע קרענק, אָן א דעפיניטיווע פונקציע אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט. טאנצן, זינגען, אָדער פאָרשטעלן א מענטשן ווי ער לאכט, וויינט, ליידט איז געווען א זאך, וואָס האָט אמוזירט, ארויסגערופן א געלעכטער אָדער געוויין, אָבער ערנסט האָט מען אים ניט גענומען — אָט דעם „קאָמעדיאנטשיק". אפילו ווען א יידישן אקטיאָר שפּילן איז אויך געווען אן ארבעט פאר שאָלטיקעס, שוסטערלעך, שניידערלעך, אָבער פאר א יידן א באלעבאָס, א סוחר און ווער רעדט נאָך פון א בעל תורה, — יענע האָבן געוואוסט פון יידישן טעאטער ווי פון עפּעס ניט אָנשטענדיקס.

און אזוי איז זיך געגאנגען יאָרן־לאנג דער יידישער אקטיאָר, געליטן הונגער ניט אין קעלט, א פרעמדער צווישן פרעמדע, ארומגערינגלט מיט אן אטמאָספער־

רע פון גלייכגילטיקייט. ס׳מוז אויך געזאָגט ווערן, אז דער יידישער אקטיאָר, האָט אליין אויך ניט פארשטאנען זיין אייגענעם ווערט, ער האָט ניט פארשטאנען אז ער איז א גרויסער פאקטאָר אין דער מענטשלעכער קולטור. ער האָט געקוקט אויף זיך זעלבסט, ווי אויף אן אָביעקט יענעם צו אמוזירן. אזוי איז דאָס געווען אין די וויין־קעלערס אין רומעניע, אין אָדעס, וווּ יידן זיינען געזעסן ביי א גלעזל וויין און געמאכט זייערע געשעפטן; דער אקטיאָר האָט דערווייל געזונגען א לידל, און גוט־הארציקע סוחרים האָבן צוגעוואָרפן א פּאָר גראָשן.

ווען מען נעמט אין באטראכט, אז אָט דעם וועג האָבן דורכגעמאכט אונדזערע גרעסטע בינע־קינסטלער, ווי: אדלער, קעסלער, מאָגולעסקאָ און אנדערע, דאַן ווערט קלאָר די טראגישע לאגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דאָס יידישע טעאטער און דער יידישער אקטיאָר, ניט נאָר ביים געבורט פון דעם יידישן טעא־טער, נאָר אפילו מיט א סך יאָרן שפּעטער.

אברהם רייזען דערציילט אין זיינע זכרונות, אז אין אָנהויב פון דעם יאָר הונדערט איז אין אזא גרויסן קולטור־צענטער ווי ווארשע, וווּ עס האָט זיך שטארק געפילט די השפּעה פון אונדזער אומשטערבלעכן פּרץ און וווּ עס האָט געלעבט און געווירקט די מאמע פון יידישן טעאטער אסתר רחל קאמינסקא, איז פאַרגעקו־מען פאָלגנדיקער כאראקטעריסטישער פאל, וועלכער איז אין יענער צייט ניט געווען פון די זעלטענע. דער גרעסטער יידישער קאָמיקער, וואָס איז ווען ניט גע־ווען אויף דער יידישער בינע, דער געניאלער מאָגוליעסקאָ, האָט געשפּילט עפּעס א פּיעסע, ווו ער האָט געזונגען און געטאנצט; אין דער אודיטאָריע זיינען געזעסן אונטערוועלט־מענטשן, גנבים, פרויען־הענדלער, קצבים־יונגען, דראָזשקאַזשיעס און סתם פּראָסטע מענטשן; ווען ער, מאָגוליעסקאָ, האָט אָפּגע־זונגען און אויסגעטאנצט זיינע וווּנדערלעכע טענץ, האָט דאָס פּובליקום מיט אים זיך היימיש דורכגעשמועסט און געוואָרפן אויף דער בינע הארטע קופּערנע פיאטאקעס אָדער זילבערנע מטבעות און מעשה פאני־בראט־געפאָדערט: „זעליקל, דערלאנג דאָס נאָך אמאָל".

קאָברין האָט געהערט צו דער קליינער גרופּע פּיאָנערן־דראמאטורגן, וואָס האָבן ניט בלויז אליין געשריבן פּיעסן פון א באדייטנדיקן קינסטלערישן ווערט, נאָר זיינען אויך געווען א סטימול פאר אנדערע שרייבער, וועלכע האָבן געוויד־מעט א גרויסן טייל פון זייער טאלאנט דעם יידישן טעאטער. פּרץ הירשביין, דוד פּינסקי, אָסיפּ דימאָוו, שלום אש און אנדערע האָבן אריינגעטראָגן א גרויסע וואריאציע אין הער טעמאטיק און טיפּאזש פון יידישן טעאטער. דאָס פּובליקום איז אויך געוואָרן רייפער. עס האָבן זיך באוויזן אויף דער בינע פּיעסן פון שריי־בער מיט נעמען אין דער וועלט־ליטעראטור, ווי טאָלסטאָיס „דער לעבעדיקער מת", אנדרייעווס „זיבן געהאנגענע", גאָרקיס „אין אָפּגרונט", סטרינדבערגס „דער פאָטער", די „רויבער" פון שילער און אפילו שעקספּירס אוניווערסאל ווערק

„אַטעלאָ". דער פֿאַרשריט איז מעגלעך געוואָרן אדאנק די פּיאָנערן: ל. קאָברין, י. גאָרדין און ז. ליבין.

דאָס יידישע טעאטער האָט געוואונען א היפשע צאָל טאלאנטפולע רעזשי־סאָרן, מוזיקער, מאָלערס און דער עיקר פעיקע טעאטער־קריטיקער, וואָס האָבן באנומען אלע קונסט־ און קולטור־פּראָבלעמען, וועלכע זיינען די באזע פון א גוט טעאטער. דאָס יידישע טעאטער האָט שפּעטער געהאט קאָמפּעטענטע פאכלייט, וועלכע זיינען געווען פעאיק צו געבן אָנווייזונגען, קאָריגירן, קריטיקירן און אָפּ־שאצן: וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט. אינטערפּרעטאציע, מימיק, זשעסט, דיקציע, הארמאָניע פארנעמען א וויכטיקן פּלאץ אין זייער אָפּשאצונג. דער קריטיקער פאָדערט פון דעם אויטאָר, פון דעם אקטיאָר, פון דעם מוזיקער, פון דעם גרימירער, ער ווערט א מאָנער, און אויב עס איז דאָ א מאָנער, האָט געמוזט קומען אחריות, און אחריות איז געווען דער הויפּט־עלעמענט, וואָס האָט געפעלט אין דעם יידישן טעאטער. ל. קאָברין האָט צוגעפירט צו דעם, אז אחריות־ געפיל זאָל ניט זיין קיין פרומער ווונטש נאָר א רעאלע זאך, וואָס דרינגט הורך יעדן איינעם, וועמען עס איז טייער אונדזער נאציאָנאלע קולטור. די געשיכטע וועט וויסן ווי אָפּצודאנקען אָט דעם גרויסן יידן, דעם בויער, דעם שעפער פון קולטור־ווערטן, וועלכע זיינען א כבוד פאר אונדזער פאָלק.

יעקב גאָרדינען ווערט צוגעשריבן דער היסטאָרישער כבוד צו זיין דער רענאָוואטאָר פון יידישן טעאטער. ער איז געווען דער, וואָס האָט אין זיינע פּיעסן אריינגענומען בילקער פון אמתן לעבן, טיפּן רעאלע, וואָס לעבן, קעמפן און ליידן, ליבע, האס, קנאה, שנאה, אינטריגע און ערנסט, איבערגעבנקייט און פאררעט, באציונג פון מענטש צו מענטש, פון מאן צו פרוי, פון עלטערן צו קינ־דער און פארקערט — מיט איין וואָרט: אלץ וואָס מען באגעגנט אין ווירקלעכן לעבן. פון דעם מאטעריאל האָט ער זיינע פּיעסן געשאפן. „כאסיע די יתומה", „דער יידישער קעניג ליר", „קרייצער סאָנאטע", „גאָט, מענטש און טייוול" און אנ־דערע — דאָס זיינען שטיקער פון אונדזער פאָלקס־לעבן. אויך דער אקטיאָר אויף דער בינע האָט געלעבט א רעאל לעבן. מיט זיין קינסטלערישער אינטואיציע, מיט זשעסטן, מימיק און דיקציע האָט ער ארויסגעבראכט געשטאלטן פון מענטשן און סיטואציעס, וואָס אלע האָבן זיי דערקענט, כאָטש אין לעבן האָבן זיי זיי ניט באמערקט און ניט פארשטאנען. דאָס לעבעדיקע טעאטער־בילד האָט דעם צו־שויער געמאכט דענקען און טראכטן און אויפגעוועקט אין אים חשק וואָס מער צו פארשטיין דעם מענטשן און די וועלט.

יעקב גאָרדין איז געווען אפשר דער ערשטער, אָבער ניט דער איינציקער באנייער פון יידישן טעאטער, ל. קאָברין האָט זיין חלק אין אָט דער הייליקער ארבעט. אין איר איז אויך דאָ זיין אינטעליגענץ און זיין טאלאנט, זיין ווילן

צו איבערבויען און אויפבויען א יידיש טעאטער, וואָס זאָל זיין א כבוד פאר דער יידישער קולטור. דר. מוקדוני שרייבט אין איינער פון זיינע ארבעטן וועגן יידישן טעאטער: „י. גאָרדין, ל. קאָברין און ז. ליבין האָבן געשפּילט א גרויסע ראָלע אין יידישן טעאטער. זיי זיינען געווען די, וואָס האָבן דעם טעאטער געגעבן זיין ערשטע דראמע".

אויב דאָס יידישע טעאטער איז אראָפּ פון זיינע פריערדיקע שמאָלע סטעזש־קעס און איז ארויף אויף א ברייטן שליאך פאר זיין ווייטערדיקער גלאָררייכער עקזיסטענץ, איז עס אדאנק די אויבנדערמאָנטע שרייבער און דראמאטורגן.

ניט גרינג איז אָנגעקומען קאָברינען דורכצוברעכן די וואנט פון רגילות און זעלבסט־באפרידיקונג, ווו דער אקטיאָר האָט זיך אינטערעסירט מיט דער פּיעסע אויף אזוי פיל, אויף וויפל זיין פערזענלעכע ראָל האָט אים באפרידיקט. דער אנסאמבל האָט אים ווייניק וואָס אינטערעסירט. מיר ווייסן, אז גאָרדינס פּיעסן זיינען געשריבן געוואָרן אויסגערעכנט אויף צו באפרידיקן אָט דעם קאפּריז. א שטייגער: „דער קעניג ליר" — פאר יעקב אדלער, „מירעלע אפרת" — פאר מאדאם ליפּצין.

אוודאי זיינען נאָך היינט אויך דאָ אָן א שיעור חסרונות אין יידישן טעאטער און ביי דעם יידישן אקטיאָר. ס'ווערן נאָך אלץ געשפּילט פּיעסן מער פאר דער קאסע ווי פארן אינטעליגענטן באזוכער. דער אימפּרעסאריאָ גייט אויף דעם לייכטן אויסגעטראָטענעם וועג. די עיקר־פראגע איז ביי אים: וויפל וועט דער ספּעקטאקל געבן? אָבער דאָס איז דאָך אָן אלגעמיינער כלל אין דער קאפּיטאליס־טישער געזעלשאפט, ווו אלץ איז מערקאנטיליזירט, און דאָס יידישע טעאטער קען ניט זיין קיין אויסנאם אין דעם פּרט. נאָר אין א פאָלקס־דעמאָקראטיש לאנד, ווו קונסט און ליטעראטור זיינען ניט קיין פּראָפיט־ענינים, נאָר מיטלען צו הויבן דעם קולטורעלן ניוואָ פון פעלקער, איז מעגלעך א ריכטיקער קונסט־טעאטער. אויך דער היינטיקער יידישער אקטיאָר האָט נאָך געגוג פעלערן. דער דראנג צו פיגורירן אלס סטאר איז א גרויסע שטערונג אין די אָנשטרענגונגען צו דער־הויבן דעם גאנצן קאָלעקטיוו צו א קינסטלערישער מדרגה. דאָס באנוצן זיך אויף דער בינע מיט דער אזוי גערופענער „ארבל־פּראָזע", ד. ה. ניט זיין געטריי דעם טעקסט און באנוצן פראזן פון אקטיאָר אליין אויסגעטראכטע, פּירט אָפטמאָל צו דער פארקריפּלונג פון דעם כאראקטער און סוזשעט פון דער פּיעסע. אָבער דאָך קען מען זאָגן, אז אונדזער טעאטער האָט דורכגעמאכט אין די לעצטע 50 יאָר א ריזיקן מהלך אויפן וועג פון זיין קינסטלערישן תיקון.

אין דעם פינצטערן און טראגישן מאָמענט אין אונדזער געשיכטע, ווען דער בלוטיקער וואנדאל האָט פארניכטעט און אויסגעמאָרדעט אזא גרויסע צאָל יידי־שע שרייבער, אקטיאָרן, קולטור־שעפער, פון וועלכע מיר האָבן אזוי פיל דער־

ווארט, ווען גרויסע יידישע קולטור־אוצרות זיינען צעשטערט און פארניכטעט געוואָרן, איז דאָפּלט ווייטיקלעך, ווען אפילו דער נאטירלעכער טויט רויבט פון אונדז אוועק אַזאַ ווערטפולע פּערזאָן ווי ל. קאָברין. מיר די איבערגעבליבענע זיינען מחויב צו זאָרגן, אז די גאָלדענע קייט פון אונדזער פאָלק זאָל ניט איבער־געריסן ווערן. מיר דארפן פאָרזעצן אונדזער קולטור־טראדיציע; מיר דארפן אָפּהיטן די אלטע, די איבערגעבליבענע קולטור־ווערטן און סטימולירן נייע כוחות פאר קולטור־ארבעט. מיר דארפן פאראייביקן דעם אנדענק פון די, וועלכע האָבן אונדזערע קולטור־אוצרות רייכער געמאכט.

**ל. קאָברין דער ליטעראט**

די אָפּשאצונג פון קאָברינס ליטעראַרישע ארבעט פארנעמט א גאָר חשוב אָרט אין דער יידישער ליטעראטור־קריטיק. די גרויסע צאָל פּערזאָנען, סיטוא־ציעס, קאָנפליקטן אין זיינע ווערק פאָדערן א טיפע און גרונטלעכע אָפּשאצונג. אָט די הייליקע ארבעט איז, ליידער, ניט פאר אונדזערע שוואכע כוחות, דאָס דארפן טאָן באַרופענע פאכלייט: ליטעראטור־קריטיקער. אָבער בלויז צו אילוס־טרירן וועלן מיר ברענגען עטלעכע כאראקטעריסטישע מאָמענטן פון זיינע נאָ־ וועלן און דערציילונגען. אין א גרויסער צאָל פון זיינע דערציילונגען פארנעמען די מאָטיוון: „ייד, רעליגיע, שפּראך און פאָלק — דעם אויבנאָן. זיי זיינען דאָ אין די נאָוועלן אין דערציילונגען, וועלכע זיינען פארבליבן אלס אזעלכע, ווי אויך אין די, וועלכע זיינען צוגעפּאסט געוואָרן פאר דער בינע, ווי „יאנקל בוילע" אָדער „דער דארפס־יונג", וואָס איז געשריבן געוואָרן אלס א דערציילונג.

ס'פילט זיך אין קאָברינס ווערק ווי עפּעס א מורא, א קאָשמאר פארפאָלגט קאָברינען, אז דער ייד זאָל חלילה ניט איבעררייסן די פעדים, וועלכע פארבינדן אים מיט זיין פאָלק, מיט זיין טראדיציע און שפּראך. איר פילט א סאטיספאקציע פון א געוויסנענעם קאמף ביי קאברינען, ווען ווער פון זיינע העלדן איז גובר אלע שוועריקייטן און פארבלייבט מיטן יידישן פאָלק.

אין זיינס א דערציילונג, וואָס הייסט „דער פארשטערטער שבת", דערציילט קאָברין, ווי די בת־יהודה פון זעמעלע דעם קרעמער — א ייד א באלעבאָס, א בעל־תורה — וואָס איז געווען א געראָטן יידיש מיידל, פון וועמען די עלטערן האָבן געשעפּט נחת און זיינען געווען גליקלעך, וואָס גאָט האָט זיי געשענקט אַזאַ בריליאנט צו פארזיסן זייער עלטער, האָט זיך פלוצלינג פארליבט אין א קריסט, אין אנדרושא דעם אקציזניקס א זון, זייערס א שכן, און איז מיט אים אוועק, חתונה געהאט, זיך געשמדט.

רב זעמעלע און זיין פרוי גיטעלע האָבן אָט דעם גרויסן בראָך אָנגענומען ווי א שטראָף פון גאָט, געזעסן שבעה, געריסן קריעה, ווי נאָך א טויטן. כאָטש

זייערע איבערמענטשלעכע יסורים זיינען ניט געווען איבערצוטראָגן, האָבן זיי דאָך זייער טאָכטער ארויסגעריסן פון הארצן, ווייל זי האָט פאררעטן איר פאָלק און שטאם. ווען די טאָכטער האָט זיך אומגעקערט צו איר גויאישן שווער אויף קינפּעט און אירע ווייטיקלעכע געבורט-געשרייען זיינען דערהערט געוואָרן אין שטוב פון אירע צעבראָכענע עלטערן און אויפגעוועקט אין זיי די גאנצע ליבע צו זייער בת-יחידה, האָבן זיי זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק, אָבער ניט געגאנגען זען די טאָכטער אין אירע געבורט-ווייען. און ווען די געשרייען האָבן אויפגעהערט און די דינסט האָט געבראכט די נייעס, אז זייער טאָכטער האָט געבוירן א יינגל, האָט רב זעמעלע אויסגעשריען: א ממזר! א ממזר, וואָס קערט זיך ניט אָן, ניט מיט אים, ניט מיט זיין גיטעלען, און ניט מיט זיין פאָלק.

אויך אין זיין דערציילונג „ברוך דין אמת" באריהרט קאָברין די זעלבע טעמע. אן אָרעמע אלמנה האָט געהאט אַן איינציקע טאָכטער; און ווען איר טאָכטער איז אוועק קיין אמעריקע זוכן א נייַ לעבן, האָט די אָרעמע מוטער, וואָס איז געווען עלנט ווי א שטיין נאָר געלעבט מיט דער האָפענונג, אז אָט-אָט וועט זי באקומען א בריוו, אז איר טאָכטער האָט חתונה געהאט און וועט זי נעמען צו זיך, און זי וועט זיין צוזאמען מיט איר טאָכטער, מיט איר איידעם, און אפשר וועט גאָט ווייזן א חסד און וועט איר באגליקן מיט אן אייניקל. אָבער ווען די עלנטע מוטער האָט באקומען א בריוו פון איר טאָכטער, איז זי האָט חתונה געהאט, אָבער מיט א קריסט, דאן האָט זי זיך יאָמערלעך צעוויינט און מיט א צעבראָכן הארץ אויסגעשריגן „ברוך דין אמת". איר קינד איז פאר איר געשטאָרבן צוזאמען מיט אירע טרוימען.

ל. קאָברין האָט בשום אופן ניט געוואָלט צולאָזן דעם געדאנק פון אסימילאציע. די נאציאָנאלע עקזיסטענץ פון דעם יידישן פאָלק טאָר ניט אונטערגעבראָכן ווערן. ער ווייסט, אז מיר זיינען ניט קיין אתה בחרתנו-פאָלק, מיר פארמאָגן מעלות און חסרונות פונקט ווי אנדערע פעלקער, אָבער ער זעט די געפאר, וואָס עס ברענגט מיט זיך די אויסמישונג.

אין זיין דערציילונג „דער מילכיקער בית-מדרש", זיינען די מתפללים יידן פון דער אונטערוועלט: פערד-גנבים, פרויען-הענדלער, גנבה-אויפקויפערס און נאָך אזעלכע שיינע באלעבאטים. דער שמש שלמה בויז, אן אלטער גנב, רעוואָלטירט זיך. ער האלט, אז מען באגייט קעגן אים אן עולה: דער גבאי, אָרקע קאטוף, קריגט דעם כבוד, וואָס על פי יושר קומט ער גאָר אים, דעם שמש שלמה בויז. ער טענהט: איז אָרקע קאטוף אויף דער פריי, מאכט מען אים פאר גבאי אין דעם מילכיקן בית-מדרש, זיצט ער אין תפיסה, איז ער סטאראָסטע פון די ארעסטאנטן, פארוואָס קומט דאָס אים? ער, דער שמש, שלמה בויז איז א גרעסערער גנב פון אים, ער האָט באוויזן אַרויסצוגנבענען ביי דעם איספּראווניק

פון שטעטל זיין זשערעבעץ, וואָס עס איז די העכסטע מדרגה אין דער גנבישער פּראָפעסיע. צום סוף איז אָרקע גבאי, און ער שמש. און ער שרייט אויס מיט צאָרן: יידן! וווּ איז יושר? מיר זיינען טאקע גנבים, אָבער יידן זיינען מיר!

ל. קאָברין סימפּאַטיזירט ניט מיט די פיינע לייט פון מילכיקן בית-מדרש, אָבער ער איז אָביעקטיוו און זעט אין זיי יידן. דערפאר שטויסט ער זיי ניט אַוועק און שאַקלט זיך ניט אָפּ פון זיי ווי פון פסולת, נאָר באטראכט זיי אזוי ווי זיי זיינען, און ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: וואָס איז דער אומגליק דאָ? אויף אַזאַ קרעפּטיקן בוים ווי דאָס יידישע פאָלק, מעגן זיך טרעפן עטלעכע ווערים-דיקע פירות.

אין זיין נאָוועלע „יאנקל בוילע", וואָס ווערט געשפּילט אונטער דעם נאָמען „דער דאָרפס-יונג", איז דאָרט שוין קאָברין מער צודרינגלעך, שטרענג. אין א מאָמענט פון א גרויסן נסיון פאָדערט זיך א גרויסער קרבן. דער סיפור-המעשה איז פאָלגנדיקער. אין א רוסישע דאָרף האָט געוווינט א קליינע גרופּע פון יידישע פישערס. ביי איינעם פון זיי איז געבוירן געוואָרן א יינגל און האָט געקראָגן דעם נאָמען יאנקל. ביי א צווייטן פישער איז געבוירן געוואָרן א מיידל.ביידע עלטערן האָבן זיך געגעבן א תקיעת כף, אז ווען די קינדער וועלן אויס-וואקסן וועלן זיי זיך משדך זיין. יאנקל איז געוואקסן שטארק, שיין, א פריילע-כער. דאָס מיידל, זיין צוקונפטיקע כלה, איז פארקערט געווען א מיאוסע, א נארישע, א צוריקגעהאלטענע. יאנקל אלס נאטור-קינד, וואָס איז געוואקסן צווישן וועלדער און פעלדער ביי דעם טייך, איז חוץ זיין פיזישער שיינקייט און שטאר-קייט אויך געווען פול מיט לעבנס-פרייד. ער איז געווען דער בעסטער זינגער און טענצער אין דאָרף. זיינע יוגנט-חברים זיינען געווען קריסטלעכע יינגלעך און מיידלעך, צווישן וועלכע ער האָט זיך אויסגעלעבט. סיי יאנקל און סיי זיינע קריסטלעכע חברים האָבן קיינמאָל ניט געפילט, אז עפּעס צעטיילט זיי און די פראגע: ייד און קריסט איז פאר זיי ניט געווען קיין פּראָבלעם. ווען יאנקל איז אויסגעוואקסן, האָט ער זיך פארליבט אין דעם שענסטן מיידל פון דאָרף, נא-טאשע. אויך נאטאשע האָט מיטן גאנצן ברען פון איר יוגנט און נאיווע ערלעכע נשמה זיך פארליבט אין יאנקלען. זיי ביידע, אין זייער ליבע-עקסטאז, האָבן פארגעסן די ווירקלעכקייט און נאטאשע האָט דערפילט, אז זי דארף ווערן מוטער. און אָט דאָ טאקע איז ארויסגעשווומען אין איר גאנצער ברייט די פּראָבלעם „ייד און קריסט".

ווען יאנקל און נאטאשע חלומען פון זייער צוקונפטיקן גליקלעכן צוזאמענ-לעבן, דערמאָנט מען יאנקעלען, אז ער איז א ייד. מען דערמאָנט אים דעם תקיעת-כף פון זיינע עלטערן. דאָס הייסט, אז ער איז שוין פון לאנג אָן א חתן. יאנקל בלייבט שטיין פאר דער דילעמע, וואָס ער קען ניט דעצידירן. עס ראנגלט

זיך אין אים די הייסע ליבע און די מענטשלעכע פליכט, וואָס ער פילט צו זיין געליבט מיידל און צו זיין צוקונפטיקן קינד מיט זיין אָפּשטאם אַלס ייד.

אויך די ליידן פון נאַטאשען זיינען איבערמענטשלעך. אנטוישט אין איר ליבע, באדעקט מיט שאנד און שפּאָט, פארשטויסן פון איר גוטן זיידן, פראקאָפּ, וועלכער איז פאר איר, די קיילעכדיקע יתומה, געווען א פאָטער און א מוטער, שטייט זי פאר א טיפן אָפּגרונט.

יאנקל ווערט צעריסן פון פארצווייפלונג, ער קען ניט פארלאָזן זיין ליבע נאטאשען, ער קען אָבער אויך ניט אנטלויפן פון זיין פאָלק. דער רעזולטאט איז, אז ווען מען גרייט זיך צו דער חופה, און יאנקל איז שוין אָנגעטאָן אין די חתונה־מלבושים, וואָס ער האָט געקראָגן אלס מתנה פון זיין כלה, גייט ער אריין אין שטאל און הענגט זיך אויף. דער טויט האָט פארענדיקט מיט דער פּראָבלעם: ליבע און פליכט, ליבע צום מענטש און ליבע צום פאָלק.

אָט די פּיעסע קאָברינס איז אפשר ניט די בעסטע ליטעראַרישע שאפונג זיינע, אָבער זי איז א טיף מענטשלעכע טראגעדיע. יאנקל האָט דעם נאָמען ייד געטראָגן טיף אין זיין הארצן און נשמה, כאָטש די יידישע אותיות זיינען אים ניט געווען צופיל נאָענט און די יידישע שפּראך האָט ער צעקאליעטשעט. זיין יידישקייט איז געווען א קניפּ פון דורות, פון וועלכע ער האָט זיך ניט געקענט אויסבינדן, און ווי אומוויסנד ער איז ניט געווען, האָט ער אינסטינקטיוו געפילט, אז פאָלק שטייט העכער פון יחיד.

צי איז טאקע דער טויט דאָס ריכטיקע מיטל צו לייזן אזעלכע פּראָבלעמען, ווייס איך ניט. זאָלן זיך פּסיכאָלאָגן גריבלען וועגן דעם. אָבער פאר קאָברינען איז דאָס א זיג פון דעם יידישן פאָלקס־גייסט איבער אינדיווידועלער מאטערניש.

# משה אַלגין און דר. חיים זשיטלאָווסקי

דער ערשטער אלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז פאַר־געקומען מיט 15 יאָר צוריק אין פאריז, איז מער ווי סתם א דאטע, וואָס מען דארף דערמאָנען.

עס זיינען אויף אים געהאלטן געוואָרן אמת נביאותדיקע רעדעס, וועלכע די צייט האָט שפּעטער, צו אונדזער אלעמענס ווייטיק, באשטעטיקט.

ס'איז שוין דעמלט קלאָר געווען, וועלכע פון די יידישע שרייבער און דענקער עס קוקן דעם טרויעריקן אמת פון דער פאשיסטישער געפאַר אין די אויגן אריין און ווער עס וויל מיט לאקריין־ווערטער און עין־הרע ־אַפּשפּרעכענישן פארהאלטן דעם גאנג פון דעם דעמלט וואקסנדיקן פאשיזם און מלחמה־געפאַר.

געדעכט איז געווען דער גרויסער פראנצויזישער דיכטער ראָמען ראָלאַן ווען ער האָט, אין זיין באגריסונג־וואָרט צום קאָנגרעס, געזאָגט: „די וועלט איז צעטיילט אין צוויי טיילן: איינע פון יושר און די צווייטע פון משוגענע הינט".

אָט קעגן דער טייל פון משוגענע הינט האָט מען באדארפט קעמפן, ווייל די ערשטע, וואָס זענען באדראָט צעביסן און צעריסן צו ווערן פון זיי, זיינען מיר יידן.

אויפן קאָנגרעס האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַלטן פייער־דיקע רעדעס וועגן דער יידישער ליטעראַטור, קולטור און קונסט אין דינסט פון דער אלגעמיינער מענטשהייט, פאר א פריי לעבן און שאפן, און דערנאָך האָבן זייערע פעדערס, געטונקען אין גיפט און אין גאל, געשליידערט האס אויף דעם צד, ווו עס געפינט זיך דער זייל פון פרידן און פעלקער־פרייהייט און ווו קולטור און ציוויליזאציע דינען צו דערהויבן און באפרייען דעם מענטש. דעם פאשיזם, וואָס האָט געשארפט זיינע נעגל צו צערייסן און צעפליקן מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, צעשמעטערן שטעט און לענדער, צוגרייטן קרעמאטאָריעס און קאָנצענ־טראציע־לאגערן — דעם האָבן זיי נישט באמערקט, אָדער נישט געוואָלט באמער־קן און געשאנעוועט.

איצט, אין דעם אָנבליק פון א דריטער וועלט־קאטאסטראָפע, אין וועלכער אטאָם־און הידראָגען־באָמבעס קאָנען מיט זייער טייוולאָנישער קראפט אָפּווישן

פון דער ערד אליץ, וואָס לעבט און עקזיסטירט; איצט, נאָך דעם חורבן, וואָס האָט אונדז געקאָסט זעקס מיליאָן קרבנות, גייען זיי ווידער אין שפאן פון אימפעריא־ליסטישן מלחמה־וואָגן און טרייבן, וואָס שנעלער, צו א נייער שחיטה. דאָס אליץ טוען זיי אין נאָמען פון קולטור, קונסט און קדושה. אין קעגנזאץ צו די שוועל־בעלעך, וועגן וועלכע די לעגענדע דערציילט, אז זיי האָבן אין זייערע שנעבעלעך געבראכט וואסער צו לעשן דאָס בית־המקדש, ברענגען זיי - די פאלשע יידישע קולטור־טרעגער — אויף די שפיצן פון זייערע פעדערס, פייער און העלפן אָנצינדן א נייע וועלט־שריפה.

צום גליק געהערט די מערהייט אָנטיילנעהער פונעם פאריזער קאָנגרעס צו די פאָנען־טרעגער פון א פרייער וועלט און א פרייער קולטור, פון א וועלט פון שלום און ברודערלעכקייט צווישן מענטשן און פעלקער.

צוויי גרויסע און אומשטערבלעכע נעמען פון יענעם קאָנגרעס באווירקן און סטימולירן די יידישע פאָלקס מאסן, מונטערנדיק זיי צום קאמף פאר א שיינער, יושרדיקער וועלט, פול מיט מענטשלעכער שאפונגס־פרייד, שלום און מנוחה־ דאָס זיינען משה אָלגין און דר. חיים זשיטלאָווסקי.

מ. אָלגינס פערזענלעכקייט שיינט ארויס ווי א לייכטנדער שטערן, אָפּשפּיג־לענדיק דעם מענטש, דעם געלערנטן, דעם גלענצנדיקן רעדנער און פובליציסט, דעם רעוואָלוציאָנער, דעם אידעאליסט, נאָבעלן מענטש און הארציקן חבר. זיין טיף וויסן האָט אים געהאָלפן אויפצונעמען יעדן פּראָבלעם און אים באהאנדלען טיף און אלזייטיק. א גלענצנדיקער סטיליסט, — האָט ער די שווערסטע פּראָבלעמען אויסגעטייטשט אין א זאפטיקער, צוגענגלעכער פאָלקס־שפראך, נישט פארלירנ־דיק דערביי דעם טיפן אינהאלט. זיין ריינער אידעאליזם, זיין טיפער גלויבן אין מענטשן און פעלקער־באפרייונג, זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, וואָס איז איבערגעפולט געוועז מיט זעלבסט - אָפּפער און זיין צוגעבונדנקייט צו די ארבעטער און פאָלקס־מאסן, האָבן אים אוועקגעשטעלט אלס פערזענלעכקייט אין דער ריי פון די אָנגעזעענסטע טוער אויף דער וועלט. דער טיפער גלויבן און דער גרויסער רעספעקט, וואָס די יידישע פאָלקס־מאסן האָבן צו אים גע־האָט, האָבן אים געגעבן דאָס רעכט, אז זיין וואָרט אויפן ערשטן יידישן קול־טור־קאָנגרעס אין פאריז זאָל גערעכנט ווערן ווי די אויטענטישע מיינונג און ווילן פון די מיליאָנען ארבעטער און פאָלקס־מענטשן.

אין דעם „מאניפעסט" פון קאָנגרעס, פון וועלכן מ. אָלגין איז איינער פון די מחברים, ווערט געזאָגט: „דער איצטיקער מאָמענט איז אַ טיף טראגישער אין לעבן פון יידישן פאָלק. די פינצטערע קרעפטן פון רעאקציע און פאשיזם, אין זייער קרייץ־צוג קעגן אלע פּראָגרעסיווע כוחות פון דער היינטיקער וועלט,

האָבן געמאַכט דאָס יידישע פאָלק פאַר דעם ציל־ברעט פון זייערע אטאקעס. די סאמע עקזיסטענץ פון יידיש פאָלק ווערט באדראָט".

שוין 15 יאָר זיינען אריבער פון יענעם קאָנגרעס. דער פאשיזם האָט אין דער צייט פארניכטעט זעקס מיליאָנען יידישע נפשות און צענדליקער מיליאָנען פון אנדערע פעלקער. ער האָט צעשטערט שטעט און לענדער און פארניכטעט זייערע קולטור־אוצרות. אָבער פאר א סך יידישע שרייבער איז די בלוטיקע לעקציע זעט אויס, נישט געווען גענוג און איצט האָבן זיי זיך ווידער געשטעלט צום דינסט פון דעם מלחמה־צינדערישן אימפעריאליזם, העלפנדיק אים אָנצינדן א נייע וועלט־שחיטה.

דעריבער זיינען אויך היינט אקטועל און וויכטיק די ווערטער פון מ. אלגין, ווען ער זאָגט: „מיר דארפן וואַרענען. מיר דארפן אויפלייזן די ענערגיע פון די מאסן אין קאמף פאר א בעסערער סאָציאַלער אָרדענונג".

דעריבער מוז אויך היינט דער „איקוף" שטיין אויף דער וואך און העלפן אויסמיידן מלחמות און טרעבלינקעס.

דר. חיים זשיטלאָווסקי, דער גרויסער ייד און מענטש, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַזאַ טיפן איינפלוס אין דער יידישער קולטור, איז צוליב זיין שלעכטן געזונט־צושטאנד נים ביי געווען דעם קאָנגרעס. אָבער זיין גייסט האָט דאָרט געשוועבט: זיין צוגעשיקטער רעפעראט, וועלכער איז געלייענט געוואָרן דורך זישע וויינפער, האָט נאָכאמאָל באוויזן זיין צוגעבונדנקייט צו די פאָלקס־מאסן, צו זייער שפראך און קולטור און איבערהויפט צו זייערע נויטן און קאמפן.

יאָרן־לאַנג האָט דר. זשיטלאָווסקי, מיט זיין וואָרט און פען, געקעמפט קעגן די פארשטעלטע פען־שארלאטאנעס, וואָס גלאָצן מיט די אויגן און דורך שמד־שטיק פארפירן זיי די יידישע פאָלקס־מאסן.

חיים זשיטלאָווסקי האָט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג זיך געפונען אין די רייען פון די פּראָגרעסיווע שרייבער, אָנווייזנדיק, אז פארטיידיקן דעם מענטש, הייסט פארטיידיקן דעם ייד, באשיצן די וועלט־קולטור, הייסט פארהיטן די אייגענע קולטור, קעמפן קעגן מלחמה, הייסט אויסמיידן שחיטות אויף אונדזער פאָלק.

זיין וואַגיק וואָרט, זיין טיפע און גרויסע געלערנקייט האָבן נאָך מער אויפגערייצט די פאַשיסטישע משרתים און ער איז דורך זיי באוואָרפן געוואָרן מיט ולזולים פאר זיין טריישאפט צו די פאָלקס־אינטערעסן. אפילו נאָך זיין טויט האָבן זיי געפרווט פארשמירן מיט בלאָטע זיין אָנדענק.

אָבער דאָס וועט זיך קיינעם נישט איינגעבן. אפילו אין דער איצטיקער צייט, ווען אלע בייזע רוחות האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער קייט און ווילן ארייננוואַרפן

די וועלט אין א חשכות, אין א תהום,וועלן זיי בשום אופן נישט דערגרייכן צו פארטונקלען דעם ליכטיקן נאָמען און פארקלענערן די ליבע און אכטונג, וואָס די יידישע פאָלקס-מאסן האָבן פאר דר. חיים זשיטלאָווסקי.

איצט, ווען מיר פייערן די דאטע פון 15 יאָר „איקופ", ווען מיר מאכן א חשבון פון דער צייט, פון די מענטשן און זייערע מעשים, זעען מיר טאקע, אז די וואָס האָבן נאָר גערעדט וועגן יידישער קולטור און אין דער אמתן אין זינען געהאט די „דעמאָקראטיע" און קולטור" פון טרומאן און אייזענהאוערן, זיינען פארבליבן פון יענער זייט פלויט צוזאמען מיט אלע לויפער-איבערלויפער און מלחמה-צינדער.

דר. חיים זשיטלאָווסקי איז פארבליבן אויף דער זייט פון די קעמפער פאר פרייהייט, פעלקער-פארברידערונג און שלום.

# דער 41־טער יאָרצייט נאָך מאַקסים גאָרקי

שוין 41 יאָר, ווי איבער דער גאַרער וועלט האָט זיך פאַרשפּרייט די פּיינפולע ידיעה, אַז דער געניאַלער שרייבער, דיכטער און וווּנדערבאַרער מענטש, מאַקסים גאָרקי, האָט אויף אייביק פאַרמאַכט זיינע אויגן — די אויגן, וואָס האָבן געקענט אַזוי אַריינדרינגען אין יעדער מענטשלעכער באַשעפעניש, פון יעדער שיכט און קלאַס, אַרויסברענגען דאָס פּינטעלע מענטש, וואָס איז פאַראַן ביי יעדן לעבעדיקן מענטשן.

מאַקסים גאָרקי האָט געגלויבט און געפּרעדיקט, אַז יעדער מענטש האָט אין זיך געטלעכעס, און דעריבער זיינען די אומצאָליקע ווערק, וואָס אָט דער וועלט־גאון האָט געשאַפן דורכגעווייקט מיט גרויסער מענטשן־ליבע, וועלכע קומט צום אויסדרוק אין יעדער דערציילונג גאָרקיס — מעג דאָס זיין וועגן דעם בראָדיאַגע און גנב טשעלקאַטש אָדער וועגן דעם קליינבירגערלעכן קופּעץ טאַראַסאָוו. וועגן דעם פריערדיקן רעוואָלוציאָנער רעמעליאַן און אפילו וועגן דעם צאַרישן ביוראָקראַט־אינטעליגענט.

א סך פון גאָרקיס טיפּן, איבערהויפּט די באָסיאַקעס, וואָס דער געוויינלעכער מענטש זעט אין זיי אויסערלעך בלויז געשפּענסטער, אָפּגעריסענע, באָרוועסע און שיכורע, מיט פּנימער צעקרימטע פון שמוץ און אַלקאָהאָל, גרייט צו באַפאַלן יעדן דורכגייער, הפקר־מענטשן, אָן דעם מינדסטן באַגריף פון פּערזענלעכער אָדער געזעלשאַפטלעכער אחריות — און במילא זיינען זייערע נשמות געווען פאַררעכנט פאַר א מיסט־קאַסטן — אין אָט דעם מיסט־קאַסטן האָט דער גרויסער מייסטער געפונען עכטע בריליאַנטן פון מענטשלעכער שיינהייט און דערהויבונג איבער דעם געוויינלעכן און אַלטעגלעכן. גאָרקי האָט די בריליאַנטן אונטער־געטראָגן דעם פאָלק ניט נאָר מיט זיין געטלעכער פּען, נאָר אויך מיט זיין נאָבע־לער פּערזאָן. ער האָט ניט אומגעוואַנדערט צווישן דעם מענטשן־אָפּפאַל מיט א פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, וואָס האָט זיי פיקסירט, נאָר ער אַליין האָט געלעבט צווישן זיי און מיט זיי. אַזוי האָט ער געהאַט א מעגלעכקייט אַריינצודרינגען אין די טיפעניש פון זייער דענקען און פילן. ער האָט אָט די טיפּן אַרויסגעבראַכט

פאר דער געזעלשאפט, ניט כדי אויפצושטעלן פון זיי א לאַמבראָזאָ־גאַלעריע, נאָר צו ווייזן דער זעלבער געזעלשאפט, אז אדאנק דער פארברעכערישער סאָציאַלער אָרדענונג איז מעגלעך געוואָרן, אז אזעלכע, נוצלעכע, שיינע מענטשן, אין פולן זין פון וואָרט, זאָלן פארוואנדלט ווערן אין פארהאסטע, געיאָגטע, פארפאָלגטע חיות און „פאריעס".

אלס א קליינעם ביישפיל, ווי דער געניאלער שרייבער געפינט אויס די פערל פון דעם מענטשן אינעם „אָפפאל", קאָן דינען א קליינינקע דערציילונג. גאָרקי האָט געוווינט אין א בוידעם־שטיבל אויף א „טשערדאק" אין איינער א גרויסער שטאָט. ביי דער זייט, פונקט אין אַזאַ שטאלעכל ווי זיינס, האָט געוווינט אַ גאַסן־פרוי. איינמאָל קומט זי אריין און פרעגט גאָרקין, צי ער קאָן שרייבן. ווען גאָרקי האָט איר געענטפערט, אַז ער איז א „גראַמאָטנער", האָט זי אים געבעטן, אז ער זאָל אנשרייבן פאר איר אַ בריוו צו איר חתן, וואָס געפינט זיך אין א צווייטער שטאָט. אין דעם דאָזיקן בריוו האָט זי אויסגעגאָסן איר ליבע און בענקשאפט נאָך אים, איר האָפענונג, אז זיי וועלן זיין גליקלעך, מיט אַן אייגענער שטוב, מיט קינדערלעך, און ווי זי וועט ליב האָבן און זאָרגן פאר איר מאַן און קינדערלעך. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז זי ווידער געקומען צו גאָרקין און געבעטן ער זאָל אָנשרייבן א צווייטן בריוו, אַן ענטפער אויף איר חתנס אַ בריוו. אין דעם נייעם בריוו האָט זי צוגעזאָגט זיין אים געטריי און אז גאָט און לייט וועלן זיי מקנא זיין, ווען זי מיט איר מאַן, ד. ה. מיט אים, וועלן שפּאַצירן מיט זייערע שיינע קינדערלעך אויף דער גאַס. מיט איין וואָרט: בריוו הייסע, פלאַמענדיקע ברענענדיקע... ביז איינמאָל איז גאָרקין איינגעפאלן א פרעג טאָן: ווער עס לייענט פאר איר די בריוו פון דעם חתן אירן. דאַן האָט זי זיך אויפגעהויבן, אַ שפּיי געטאָן אויף גאָרקין און מיט האָס א וואָרף געטאָן א גראָב זידל־וואָרט. מער האָט זי אים קיין מאָל ניט געגריסט אפילו, נאָר מיט פאראכטונג געשיקט אים גיפטיקע בליקן. גאָרקי האָט דאַן פאַרשטאַנען, אַז ניט די גאסן־פרוי באקומט בריוו און ניט זי האָט א חתן, נאָר אז זי האָט אין איר פאנטאזיע זיך געשאפן א מאַן, וועמען זי האָט ליב און ער ליבט זי, און די אילוזיע האָט זי געהאלטן אלס א טרייסט אין איר ביטערן לעבן ביז ער, מיט זיין פראגע, האָט די אילוזיע צעשמעטערט.

פון סאמע אָפּגרונט פון שמוץ, „נאַ דניע", ברענגט ארויס גאָרקי, דער קינסטלער פון דער מענטשלעכער נשמה, די שיינע, ריינע געפילן פון מענטשן־ליבע, פרויען־ליבע, מוטער־ליבע. אזעלכע פּערל זענען צעשאָטן אין אלע זיינע מייסטערווערק, וואָס זיין געניאלע פּען האָט געשאפן פאר דער ליטעראטור פון די צוקונפטיקע דורות.

דער מענטש, און דאָס מענטשלעכע, איז דער עיקר אין דעם קיום פון דער וועלט. דער מענטש — דאָס איז דאָס שענסטע און טייערסטע אינעם לעבן. דער

דאָזיקער גרונט־פּרינציפּ, ניט נאָר אין זיין עטישן זין, נאָר אויך אין זיינע פּאָלי־טישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן — דער דאָזיקער פּרינציפּ האָט עס באַפליגלט די רעוואָלוציאָנערע רעאַליזירונגען, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט און צעשמעטערט די צאַרישע אימפּעריע.

מיט זיינע אויגן און נשמה פון אן אומפאַרגלייכלעכן קינסטלער, האָט ער געקענט זען דאָס אינעווייניקסטע און דעם אַרום. זיין מייסטערהאַפט מאָלן פּיי־זאַזשן פאַרכאַפּט דעם לייענער. די רחבותדיקע סטעפּעס און אוראַלטע רוסישע וועלדער באַקומען אונטער זיין קינסטלער־פעדער א נשמה. ביי גאָרקין פילט מען און מ׳פאַרשטייט די שפּראַך פון דער סאָסנע, פון דעם קרעפטיקן דעמב. די פאַרבאָרגענע סודות פון וואַלד ווערן אן אָפענער בוך. עס דערשיינען פולסירנ־דיק די ברייטע, אומענדלעכע רוסישע שליאַכן וועלכע גאָרקי האָט אויסגע־מאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט און וועלכע ער האָט אזוי ליב געהאַט. ווי האָט גאָרקי זיך אויסגעדריקט: „צו זעטיקן מיין בענקשאַפט נאָך די רוסי־שע וועגן און שטעגן, דאַרף איך גאָר ווייניק, בלויז א פּאָר שטאַרקע שטיוול...״ לייענענדיק גאָרקין ווערט פאַרשטענדלעך פאַרוואָס די גרויסע, שטורמישע וואָלגע ווערט אָנגערופן „מאַמע וואָלגע״ און פאַרוואָס אזוי פיל ליבע־לידער זיינען איר געזונגען געוואָרן. אין דעם צייבער פון דער וואָלגע ליגט די גרויסע רוסישע נשמה. אויף דער וואָלגע האָבן יערמאַק טימאָפעיעוויטש, סטיענקע ראַזין און אנדערע, זייערע בונטאַרישע גייסטער פאַנאַנדערגעוויקלט. אויף דער וואָלגע הערט איר האַרצרייסנדע לידער פון שווערע אַרבעט, נויט און פּיין פון די בורלאַקעס. ביי גאָרקין ווערט דאָס צוזאַמענגעגאָסן אין א געטלעכער סימפאָניע.

מען קאָן זיך אָפּרייסן פון די בילדער און פּייזאַזשן, געשאַפענע דורך גאָרקין. ריכטיק האָט אונדזער אייגענער שלום עליכם געזאָגט: „ווערטער זיינען פאַרבן״. איין קליינער פאַל וועט גענוג זיין צו כאַראַקטעריזירן גאָרקין אלס מאָלער־שרייבער.

אין דעם רוסישן זשורנאַל „בילאָיע״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּאַריז אין יאָר 1912 פון דעם געוועזענעם רעוואָלוציאָנער וואָלדימיר בורצעוו, דערציילט זיך אַט־וואָס:

ווען גאָרקי האָט געוווינט אין זשענאָווא, איטאַליע, האָט דאָרט אויך געוווינט און געאַרבעט דער לעגענדאַרער רעוואָלוציאָנער־מאַטראָס אַפאַנאַסיענקאָ, וועל־כער האָט אָנגעפירט מיטן אויפשטאַנד אויפן קרייצער „אָליאַג״. ווי ס׳איז באַוווּסט, האָט גאָרקי געשטיצט די רעוואָלוציאָנערע אימיגראַנטן און אויך אַפאַנא־סיענקאָ האָט געהאַט קאָנטאַקט מיט גאָרקין. ווען אין יאָר 1911 האָט זיך אויפ־געהויבן די באַלטישע עסקאַדרע, האָט אַפאַנאַסיענקאָ ניט געקאָנט מער רוען. ער האָט אַרויסגערופן גאָרקין און אים געזאָגט, אז ווי ס׳בונטעווען זיך מאַטראָסן,

מוז ער אויך זיין. גאָרקי האָט געפּרוּווט אים אָפּרעדן פון פאָרן קיין רוסלאנד. אפאנאסיענקאָ איז געווען פארמשפּט צום טויט און האָט ריזיקירט מיט זיין יונגן לעבן. אפאנאסיענקא האָט באשטימט, אז אויפן צווייטן טאָג באדארף גאָרקי זיך מיט אים טרעפן, כדי זיי זאָלן זיך געזעגענען.

„צוליב א ווערטער־אויסטויש אין פאָרבינדונג מיט גאָרקיס קומען א פארשפּע־טיקטער אויף דער באגעגעניש, האָט דער שרייבער־רעוואָלוציאָנער געפרעגט דעם מאטראָס־רעוואָלוציאָנער: — זאָג מיר, וואָס זעסטו אויף אָט דער גאס, ווו מיר שטייען? אפאנאסיענקאָ האָט געענטפערט: — גאָרניט: מענטשן, שטיבער, טראמ־וויען, אויטאמאָבילן. איך זע ניט קיין אויסערגעוויינלעכעס. דאן האָט דער שריי־בער מיט זיין קינסטלערישער פאנטאזיע אָנגעהויבן מאָלן די זעלבע גאס פארן מאטראָס. ער האָט אים אריינגעפירט אין א צויבער־וועלט. און דאָס שענסטע: — דערציילט אפאנאסיענקאָ פאר בורצעוון און סאווינקאָוון — ער האָט געזען און געפילט, אז אַלץ, וואָס גאָרקי מאָלט מיט ווערטער עקזיסטירט טאקע. אפילו די מענטשן האָבן מיר זיך באוויזן אין אן אנדער ליכט. איך קאָן ניט פארגעסן דאָס בילד. און איך וועל עס אייביק געדענקען". און ווער ווייסט, אפשר האָט דער וואונדערבארער רעוואָלוציאָנער־מאטראָס טאקע געקוקט אויף דעם בילד, וואָס גאָרקי האָט פאר אים אין זשענאָווע געמאָלן, ווען 12 צארישע סאָלדאטן האָבן דורכגעלעכערט זיין יונג הארץ, וואָס האָט געקלאפּט פאר דעם ארבעטער־קלאַס און פאר דער באפרייונג פון דער מענטשהייט מיט אַזוי פיל ליבע און האָפענונג.

מיט רעכט ווערט גאָרקי פאררעכנט אלס א גרויסער וואָרט־מייסטער אין דער וועלט - ליטעראטור. די רוסישע שפּראך אין גאָרקיס ווערק באקומט נאָך מער זאפט און זיסקייט. דאָס איז שווער איבערצוגעבן. נאָר די, וואָס קאָנען רוסיש און פילן איר וויבראציע און ניואנסן, נאָר זיי וועלן עס פארשטיין. פּונקט ווי שלום עליכם׳ס שפּראך פון טוביהן, שימעלע סאָראָקער און מנחם־מענדל, קאָנען נאָר מיר יידישע פאָלקס־מענטשן, פילן.

דער 14־טער יאָרצייט נאָך מאקסים גאָרקי איז א דאטע, ווען יעדער מענטש, צו וועלכן פאָלק ער זאָל ניט געהערן, דערמאָנט דעם אוניווערסאלן שרייבער פון זיין צייט, אלעקסיי פּעשקאָוו־מאַקסים גאָרקי, מיט רעספּעקט, מיט יראת הכבוד און מיט ווייטיק, אָבער אויך מיט דער סאטיספאקציע, אז גאָרקיס הומאניטארע שטרעבונגען באהערשן דעם באוווסטזיין פון אלץ גרעסערע טיילן פון דער מענטשהייט.

# צו דער געשיכטע פון ישוב אין ריאָ דע זשאַניירא

מיר שטייען פנים אל פנים מיט צוויי גרויסע געשעענישן, וועלכע האָבן א גענוואַלטיקע באַדייטונג אין לעבן פון דעם יידישן ישוב אין ריאָ דע זשאַניירא. איינע איז די נאָענטסטע פייערונג פון 40־יאָריקן יובל פון דער ביבליאָטעק „שלום־עליכם” און חנוכת הבית פון איר אייגענער היים; די צווייטע איז דער קויף און חנוכת הבית פון דעם אייגענעם בנין פאר דעם „אינסטיטוט פאר קולטור און דערציונג”, וואָס איז פאַרגעקומען דאָ ניט לאַנג.ביידע געשעענישן זיינען א רעזולטאַט און אן אויסדרוק פון דער לאַנגיאָריקער אַנטוויקלונג און כסדרדיקן אויפשטייג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ישוב.

מיין באַרעכטיקטע פרייד מיט די דערגרייכונגען פון דער עלטסטער און פון דער יינגסטער קולטור־אינסטיטוציע אין ישוב האָט מיך באַוויגן איבערצוגעבן פאר די קומענדיקע דורות אייניקע פאַקטן, דאַטן און ציפערן, וואָס זיינען נוגע דער פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין ריאָ.

פון דעם קליינעם הייפעלע יידן, וועלכע זיינען דאָ געווען פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיינען דאָ פאַרבליבן די גאנצע צייט, וואָס די מלחמה האָט געדויערט, האָבן בלויז, געציילטע אפשר, געדענקט זיך דאָ צו באַזעצן. די גרעסטע מערהייט האָט געציילט די טעג, ווארטנדיק אויף דער געלעגנהייט, זיך צו קענען אומקערן צו זייערע היימען. צו דעם האָט גורם געווען קודם־כל דאָס, וואָס זייערע פאַמיליעס זיינען פאַרבליבן אין אייראָפּע. אויף מיטצונעמען זיי מיט זיך, ווען זיי זיינען אהערגעקומען, האָבן זיי ניט פאַרמאָגט די נויטיקע געלט־מיטלען. און ווען זיי האָבן שוין דערגרייכט צו פאַרמאָגן די נויטיקע סומע, האָט זיך אָנגעפאַנגען די מלחמה, וועלכע האָט איבערגעריסן יעדן קאָנטאַקט.

די צווייטע סיבה איז געווען די פרעמדקייט פון דער סביבה און שפּראַך. די דריטע — די קלימאַטישע באַדינגונגען. צו די דערמאָנטע סיבות דאַרף מען נאָך צוגעבן די חשבונות, אז די עטלעכע פאַרהאָרעוועטע מילרייסן וועלן אויסמאַכן אין דער אַלטער היים א סומע, פון וועלכער זיי האָבן אפילו ניט געוואַגט צו דענקען פאַר זייער אהערקומען. ס'האָט ניט געהאָלפן די גוטע מענטשלעכע באַציונג, וואָס דאָס בראַזיליאַנער פאָלק האָט געהאט צו אויסלענדער, וואָס פאר די יידן, וועלכע

זיינען געקומען פון די לענדער, ווו דער גרויזאמער צאַריזם האָט געהערשט מיט זיינע אַנטיסעמיטישע אויסנאַם-געזעצן, האָט דאָס זייער פיל באַדייט. עס האָט זיי געצווינגן צוריק אַהיים.

ביז דער מלחמה פון 1914 האָט אין ריאָ דע זשאַניירא זיך געקענט געפינען פון 300 ביז 400 יידן צום העכסטן. און מענער, וואָס האָבן געהאַט פרויען מיט קינדער אין ריאָ, אפשר 20. קיין זיכערע סטאַטיסטיק האָבן מיר ניט.

דאָ ווילן מיר שטאַרק אונטערשטרייכן, אַז מיר רעדן בלויז וועגן **אַנשטענדיקע** יידן און ניט וועגן די טמאים. זיי זיינען געווען אונדזער שאַנדע. זיי האָבן געשענדעט דעם נאָמען ייד. מיר האָבן דעריבער מיט זיי קיין מגע-ומשא ניט געהאַט. אַזוי ווי מצורעים האָבן זיי געוווינט אויף אַנדערע גאַסן און זיך ניט באַוויזן אין די קאַוויאַר-ניעס, ווו אונדזערע יידן האָבן זיך געטראָפן. אָט די שטרענגע מחיצה איז אָפּגעהיט געוואָרן פון יעדן. טאָמער האָט זיך געטראָפן, אַז מען האָט געזען אַ יידן רעדן מיט אַזאַ שרץ, האָט ער באַדאַרפט דערקלערן די מאָטיוון, כדי ניט צו ציען אויף זיך אַ חשד. דאָס אינטערעסאַנטע קאַפּיטל: קאַמף פאַר אַ ריין מאָראַלישן יידישן ישוב אָן פרויען-הענדלער, וועט נאָך דאַרפן געשריבן ווערן.

ביי אַזאַ צושטאַנד, ווען מען איז געשטאַנען מיט איין פוס, גרייט יעדער מינוט זיך צו לאָזן אין וועג, האָט ניט געקענט זיין קיין רייד וועגן בויען אַ געזעל-שאַפטלעך לעבן. דער פּעריאָד פון 1914 ביז 1918 איז געווען אַ פּעריאָד פון אָפּוואַרטן, פון אַ דערוויייל. יעדער האָט זיך געמאָלן זיין צוקונפט אויף זיין אייגע-נעם שטייגער, אָבער ניט דאָ צו פאַרבלייבן.

די נייע באַדינגונגען נאָך דער מלחמה האָבן אַ סך חשבונות צו נישט געמאַכט. אַ גרויסער טייל יידן פון אוקראַינע האָט זיך בכלל ניט געקענט אַהין דערשלאָגן. אויך פאַר די פּוילישע יידן האָט זיך געשאַפן אַ נייע סיטואַציע. דאָס זעלבע פאַר די בעסאַראַביער — מיט דעם צוטיילן בעסאַראַביע צו רומעניע. מיט איין וואָרט, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז קלאָר געווען פאַר אַ סך יידן, אַז אַלע פריערדיקע פּלענער זיינען בטל געוואָרן און מען מוז אָנהויבן בויען אַ היים אין בראַזיל.

ס'וואָלט געווען ניט ריכטיק, ווען מען זאָל דענקען, אַז ביז דעם סוף פון דער מלחמה איז גאָרניט געווען צו פאַרצייכענען אויפן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן געביט. ס'איז געגרינדעט געוואָרן די פאָלקס-ביבליאָטעק „שלום-עליכם", ס'איז געווען אַ פאַריין, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „אחיעזר", עס זיינען אויך געווען 2 שולן: „בית ישראל" און „בית יעקב". אַ קורצע צייט האָט עקזיסטירט אַ זעלבסטבילדונגס-גרופּע. דאָס זיינען אָבער געווען די ערשטע שפּראָצונגען פון אַן אָרגאַניזירט יידיש לעבן.

היינט איז די שול „בית ישראל" אין אַן אייגענער שיינער געביידע און די שול „בית יעקב" האָט אַ פּראַכטפולן טעמפּל. פון קליינינקע צימערלעך אויף סאַבראַ-

דאָס ביז דער היינטיקער לאַגע איז א גאַנץ פיינער שפּאַן. אָבער דעם גרעסטן שפּאַן האָט געמאַכט די שלום-עליכם-ביבליאָטעק. פון א קליין שאַפקעלע ביכער איז דאָס פאַרמעגען פון דער ביבליאָטעק אויסגעוואקסן צו טויזנטער ביכער אין יידיש, רוסיש, העברעאיש, פאָרטוגעזיש. גענוי: ביכער אין יידיש — 5.687; אין פּאָרטוגעזיש — 2.154; אין רוסיש — 490; אין פויליש — 311; אין העברעאיש — 470; חוץ קינדער-ליטעראַטור אין יידיש, ש"ס, תנ"ך, אוצר-ישראל.

די שלום-עליכם-ביבליאָטעק טאָר מען אָבער ניט מעסטן בלויז לויט דער צאָל פון אירע ביכער, אָדער לויט איר מאטעריעלן פאַרמעגן. מען דאַרף שטענדיק זעמען אין אַכט איר השפעה אויף דער אָנטוויקלונג פון אונדזער ישוב, געזעלשאַפטלעך און קולטורעל.

אין ערשטן יאָר נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1919, איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר 2 ביז גאָר וויכטיקע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען זיך ריזיק צעוואַקסן. דאָס איז דער „רעליף" און די „חברה-קדישא", וועלכע האָט א יאָר שפּעטער געשאַפן דעם בית עולם פון ווילא-ראַזאַלי. אין 1918, ווען די שרעקלעכע עפּידעמיע, די „הישפּאַנקע", וואָס האָט פאַרשניטן מיליאָנען לעבנס, האָט אויך אַרויסגעריסן פון אונדזער קליינעם ישוב ביי א 10 מענטשן, האָבן מיר נאָך דאָ קיין אייגענעם בית-עולם ניט פאַרמאָגט און מיר האָבן אונדזערע מתים מקבר געווען אויף דעם קריסטלעכן „סעמיטעריאָ קאַזשו" — הגם ס'האָט שוין צו יענער צייט עקזיסטירט א יידישער אויף אינהאַומאַ. דער האָט געהערט צו די טמאים און מיט זיי האָבן מיר ניט געוואָלט זיין צוזאַמען, ניט ביים לעבן און ניט נאָכן טויט.

דער „רעליף" האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין א קליינער סאָבראַדע אויף דער גאַס מאַרקעז דע פּאָמבאַל. דער שטראָם פון אימיגראַנטן איז געווען גרויס. די פּוילישע פּאָגראָמען און די רומענישע רציחות האָבן אַרויסגעריסן יידן פון זייערע היימען און זיי געטריבן צו עמיגרירן. בראַזיל איז געוואָרן א לאַנד, צו וועלכן יידן האָבן זיך געצויגן. דער ישוב אין בראַזיל איז געווען קליין, און געלטמיטלען צו העלפן די אימיגראַנטן זיך איינצואָרדענען האָט זיך געפאָדערט גרויסע. עס איז דעמאָלט געקומען צו א געווויסן אָפּמאַך מיטן אַמעריקאַנער רעליף, וועלכער האָט זיך מתחיב געווען צו דעקן א טייל. פון דעם נעמט זיך דער פאַר אונדז, פרעמדער נאָמען: „רעליף".

נאָך 35 יאָר וואַנדערן איבער פאַרשידענע דירות געפינט זיך די דערמאָנטע אינסטיטוציע היינט אין איר פּרעכטיקער געביידע אויף „לוסיאָ דע מענדאָנסאַ". זי רופט זיך שוין ניט מער „רעליף" נאָר „יידישער פּאָליקליניק" און איז פּאַקטיש א יידישער שפּיטאָל אין מיניאַטור. איר נויטיקע און גוטע אַרבעט פאָדערט, אז מיר זאָלן וואָס שנעלער די פּאָליקליניק פאַרוואַנדלען אין א גרויסן שפּיטאָל. דער ישוב וואַקסט. און אָרעמקייט פעלט ניט.

די עלטסטע פון די יידישע פרויען־אינסטיטוציעס אין ריאָ איז דער „יידישער פרויען־פאַריין". זיין אויפגאַבע איז א פילאַנטראָפּישע. שוין 30 יאָר ווי דער פאַריין עקזיסטירט און טוט גוטע אַרבעט. מען קען זיין אין פּרינציפּ קעגן פילאַנטראָפּיע, אָבער, ווען מיר דערמאָנען זיך די נויט און הילפלאָזיקייט, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די „גרינע" אימיגראַנטן, און די אָנשטרענגונגען, וואָס עס האָט געמאַכט די קליינע גרופּע פרויען פונעם „יידישן פרויען־פאַריין", בכדי צו לינדערן די נויט פון אָרעמע פרויען און קינדער, מוז מען אָנערקענען, אַז זייער 30־יאָריקע עקזיסטענץ איז געווען זייער א נוצלעכע, איבערהויפּט, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די צאָל קראַנקע, וואָס זיי האָבן אויסגעהאַלטן אין פאַרשידענע שפּיטאָלן און קליניקעס.

די צווייטע אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך די יידישע פרויען אין ריאָ, איז די „קינדער־היים", וועלכע עקזיסטירט שוין קנאַפּע צוואַנציק יאָר. וועגן דעם אַנשטאַלט איז ניט נייטיק קיין סך צו שרייבן. ער איז גענוג באַקאַנט און ער געניסט די סימפּאַטיע פון דעם גאַנצן ישוב. זיין ציל איז צו געבן א היים און דערציאונג פאַר די קינדער, וואָס האָבן ניט דאָס גליק דערצויגן צו ווערן דורך זייערע עלטערן.

די „קינדער־היים" פאַרמאָגט היינט אַלע איינריכטונגען, וואָס זיינען נויטיק אויף צו דערציען די קינדער אין פּאַסיקע אומשטענדן און באַקוועמלעכקייטן, וואָס פילן אויס, טיילווייז, דעם אומגליקלעכן בלויז אין זייער לעבן. דערצו קומט נאָך צו די גרויסע ליבע צו די קינדער און די צערטלעכקייט, מיט וועלכער זיי ווערן באַשאַנקען פון דער נאָבעלער און זעלטענער פרוי, ראָזאַ וויסמאַן. מיט רעכט ווערט זי באַצייכנט אַלס די מאַמע פון „קינדער־היים". אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב, וועט די איבערגעגעבענע גרופּע פרויען, וואָס פירט אָן מיטן „קינדער־היים", פאַרנעמען א זייער בכבודיקן פּלאַץ.

די סאַמע יינגסטע פרויען־אָרגאַניזאַציע (סך־הכל 8 יאָר אַלט) איז די יידיש־בראַזיליאַנער פרויען־אָרגאַניזאַציע, געוועזענע „וויטע קעמפּנער". אירע צילן זיינען ניט בלויז הילף, נאָר אויך קולטור און דערציונג. זי איז א לאַנד־אָרגאַניזאַציע מיט אָפּטיילונגען איבערן גאַנצן לאַנד און מיט א סך טויזנטער מיטגלידער. זי שטיצט קינדער־היימען אין פראַנקרייך און ישראל, און האָט געשיקט הילף אין אַנדערע לענדער. דאָ אין לאַנד שטיצט זי קינדער־קלובן און העלפט מיט אין דער אַרבעט לטובת די יידישע פאָלקס־שולן. זי האָט אויך געשאַפן לייענקרייזן איבערן גאַנצן לאַנד. בכלל איז די פרויען אָרגאַניזאַציע א וואַגיקער כוח אין אונדזער ישוב. זי פאַרמאָגט א קינדער־קאָלאָניע פון 800 טויזנט קוואַדראַט מעטער, וווּ די קינדער־לעך געניסן פון דער גוטער לופט אונטער דער אויפזיכט פון געניטע דערציער, וועלכע נוצן אויס די צייט און די אומשטענדן אויף צו אַנטוויקלען ביים קינד א געפיל פאַר אַלץ, וואָס איז שיין, גוט און יושרדיק.

די אָרגאַניזאַציע האָט שוין דורכגעפירט צוויי לאַנד־צוזאַמענפאָרן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד און געסט פון אויס־לאַנד. דער גרויסער אַקטיוו און די פּראָגרעסיווע אידייע, וואָס די יידיש־בראַזי־ליאַנער פרויען אָרגאַניזאַציע באַזיצט, ווי אויך דער סכום פון אירע גרויסע דער־גרייכונגען אין די עטלעכע יאָר פון איר עקזיסטענץ, פאַרזיכערן איר א בכבודיקן פּלאַץ אין אונדזער ישוב.

פון די עלטערע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט א געוויסע צייט אין ישוב, דאַרף דערמאָנט ווערן דער „יידישער יוגנט־קלוב”. האָבנדיק לכתחילה פאַר א ציל בלויז ספּאָרט און פאַרוויילונג, האָט ער זיך אין א קורצער צייט פאַרוואַנ־דלט אין א הערלעכן קולטור־און פאַרוויילונגס־פּלאַץ, ווו עס זיינען פאָרגעקומען רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן, ליטעראַרישע משפּטים, לעבעדיקע צייטונגען. ביים „יוגנט־קלוב” האָט עקזיסטירט א ביבליאָטעק, א לייענזאַל, א דראַמקרייז און א כאָר. דער קלוב איז געוואַקסן און געהאַט ברייטע פּלענער. ער האָט אָפּט גענו־מען שטעלונג צו געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון ישוב אין הסכם מיט די פּאָרגעשריטענע עלעמענטן. אין „יוגנט־קלוב” איז געגרינדעט געוואָרן דער קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט פאַר אן אויפגאַבע צו שיקן הילף פאַר די יידישע איבערוואַנדערער אין ראַטן־פאַרבאַנד, וועלכער האָט שפּעטער געטראָגן דעם נאָמען „בראַזקאָר”.

אזוי איז דער קלוב אָנגעגאַנגען ביזן יאָר 1928, ווען עס איז אָנגעקומען קיין ריאָ דער פאַרשטאָרבענער זשורנאַליסט און פּועלי־ציוניסטישער פירער, אהרן בערגמאַן. ער האָט גלייך אָפּגעשאַצט דעם כוח פון „יוגנט־קלוב” און האָט מיט א גרופּע פון זיינע אָנהענגער געזוכט צו פאַרוואַנדלען דעם קלוב אין א באַזע פאַר זיין פּאַרטיי. דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, הגם דער ווידערשטאַנד איז געווען א שוואַכער. די סאַמע אַקטיווסטע האָבן פאַרלאָזט דעם קלוב און די פּועלי־ציוניסטן צוזאַמען מיט די ציוניסטן האָבן דעם קלוב ניט געקענט אָנהאַלטן און ער האָט זיך געשלאָסן.

שפּעטער האָבן די פריערדיקע אַקטיוויסטן געפּרוווט אויפצולעבן די אינסטי־טוציע אין אן אַנדערן לאָקאַל, אויף גאַס האַדאָק לאָבאָ, 142. עס האָט זיך אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות ניט איינגעגעבן און אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער „יידישער יוגנט־קלוב”. זיין אינוועטאַר איז איבערגעגעבן געוואָרן דער שולע „שלום עליכם”. אַ סך פון זיינע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן געקראָגן זייערע ערשטע לעקציעס פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט ביי דעם טיש פון „יוגנט־קלוב”, זיינען היינט טעטיק אין די פּראָגרעסיווע יידישע אָרגאַניזאַציעס: אין דער שולע און אינעם אינסטיטוט. פיל פון די געוועזענע מיטגלידער פון „יוגנט־קלום” זיינען היינט זיידעס און באָבעס און זייערע אייניקלעך זיינען תלמידים פון די יידישע שולן, און זיי אַליין זיינען פריינט און שטיצן די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס.

איצט עפּעס-וואָס וועגן דעם „פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן". זיין געשיכטע הויבט זיך אָן אין יאָר 1926. ער אנטשטייט אַלס קולטור-צענטער, אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. קיין לאנגע עקזיסטענץ האָט ער ניט געהאַט. אין יאָר 1930 איז ער ווידער אַנטשטאַנען אונטער דעם נאָמען „פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן". די פאַר־וואַלטונג איז געווען א ציוניסטישע. זי האָט אויסגענוצט דעם פאַרבאַנד אין קאַמף קעגן די פּראָגרעסיסטן און צו טאַנצן מה־יפית פאַר דעם פאָרשטייער פון דער פּוילישער פאַשיסטישער רעגירונג אין ריאָ. נאָך עטלעכע גילגולים איז דער פּוילישער פאַרבאַנד אריינגעפאַלן אין די ריכטיקע הענט, אין די הענט פון פּראָ־גרעסיווע קולטור-געזעלשאַפטלעכע טוער, און זייט דאַן קאָאָפּערירט ער מיט די פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס. ער איז היינט א ווירדיקער קולטור-געזעלשאַפטלע־כער כוח. די אימפּאָזאַנטע געטאָ-פייערונגען שטייען אונטער זיין אָנפירונג. ער האָט שוין אָרגאַניזירט צוויי צוזאַמענפאָרן פון די פּוילישע יידן אין בראַזיל און ער גיט אַרויס צוזאַמען מיט אַנדערע פאַרבאַנדן און לאַנדסמאַנשאַפטן פון די פּוילישע יידן די פיינע און אינטערעסאַנטע אויסגאַבע „דער פּוילישער ייד". דער פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן איז אָנגעשלאָסן אין „איקוף".

ס'פאָדערט זיך א לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער אַנטשטייונג פון דער יידישער פּרעסע אין בראַזיל, און אויך וועגן דער אַנטשטייונג פון אונדזער שול־וועזן. דאָס וועלן זיין הערלעכע בלעטלעך אין אונדזער געשיכטע. די שווערע קאַמפן, די קרבנות, וועלכע האָבן זיך געפאָדערט, אַז עס זאָלן געעפנט ווערן יידישע שולן און דערציונגס-אַנשטאַלטן, וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן. בלויז די שלום-עליכם-שול מיט איר 26-יאָריקער עקזיסטענץ, אָנהויבנדיק פון איר ערשטן לערער, דעם גענינאַלן אליעזער שטיינבאַרג, איז א שטיק גלאָררייכע געשיכטע. עס איז אָבער ניט מעגלעך אין איין אַרטיקל צו פאַרצייכענען אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן ישוב. עס איז געווונטשן, אַז אויך אַנדערע זאָלן זיך פאַרנעמען מיט דעם ביז גאָר וויכטיקן ענין: „געשיכטע פון דעם יידישן ישוב אין בראַזיל". צום גליק זיינען נאָך דאָ אַזעלכע, וואָס זיינען געווען פון די ערשטע פונדאַמענט-לייגער. דאַרפן זיי טאַקע דערציילן, ביז וואַנען ס'איז נאָך דאָ צייט.

מיר האָבן אָנגעוואָרפן פאַרצייכענונגען בלויז פון אייניקע אינסטיטוציעס, ווייט ניט פון אַלע. דאָס איז נאַטירלעך ניט קיין געשיכטע פון דעם יידישן ישוב אין ריאָ דע זשאַניירא, און וואָס מיר פּרעטענדירן מיט דער אַרבעט, איז צו געבן עפּעס, וואָס זאָל דינען אַלס רוי-מאַטעריאַל פאַר די קאָמפּעטענטע גשיכטע־שרייבער, וואָס וועלן זיך נעמען ערנסט צו פאָרשן די אַנטשטייונג פון אונדזער ישוב. מאַטעריאַל איז דאָ גענוג. אין היסטאָרישן אַרכיוו פון דער „שלום-עליכם"־ביבליאָטעק איז פאַראַן ווערטפולער דאָקומענטאַלער מאַטעריאַל. מיר האַלטן, אַז ניט קוקנדיק וואָס אונדזער ישוב איז נאָך יונג, סך-הכל 50 יאָר, איז שוין צייט וועגן דעם צו טראַכטן. לאָזן דאָס גיין ווי עס גייט, וועט א סך פאַרלוירן גיין.

# פון אלבערט איינשטיינס באזוך אין ריאָ דע זשאניירא

די גאַנצע וויסנשאפטלעכע וועלט האָט ניט לאנג געפייערט דעם 70 יעריקן יובילעום פונעם גרויסן וויסנשאפטלער אלבערט איינשטיין. מיר וועלן דאָ ניט רעדן וועגן די פאַרדינסטן פונעם גרויסן גאון פאַר דער וויסנשאפט, ווייל ווי מבינים זאָגן, זיינען אויף דער גאַנצער וועלט פאַראַן, אפשר, א צענדליק מענטשן, וועלכע פאַרשטייען די רעלאטיוויטעט-טעאָריע און מיר זיינען געוויס ניט איינער פון זיי... אָבער דער נאָמען אַלבערט איינשטיין איז אין געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט דער אנטוויקלונג און איינשטעלונג פונעם יידישן ריאָר ישוב, און די פאָלגן פון דער פאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט 25 יאָר צוריק. בשעת פּראָפ. איינשטיינס באַזוך אין בראַזיל, שפּיגלען זיך אָפּ אויפן געזעלשאפטלעכן לעבן פונעם יידישן ישוב אין ריאָ דע זשאניירא ביז היינט צו טאָג.

געווען איז דאָס אין 1924, ווען דער גרויסער וויסנשאפטסמאַן איז איינגע־לאַדן געוואָרן קיין בראזיל פון דער רעגירונג און פון וויסנשאפטלעכע קרייזן אויף אייניקע פאָרלעזונגען וועגן זיין בארימטער טעאָריע.

די בראַזיליאַנער אינטעלעקטואלן ׳מיטן שוין פאַרשטאָרבענעם אינזשעניער דר. פאולאָ פראָנטין בראש האָבן צוגעגרייט פאַר דעם יידישן וויסנשאפטסמאַן אַ גאָר פייערלעכע אויפנאַמע. די פּרעסע האָט טאָג טעגלעך פאַרעפנטלעכט אר־טיקלען און אָפּשאצונגען וועגן דעם גאון, אין וועלכע מ׳האָט געלויבט זיין ביישטראָג פאַר דער וויסנשאפט. די בראַזיליאנער פּרעסע האָט אויך אונטערגעשטראָכן זיין יידישן אָפּשטאַם, ניט חלילה לגנאי, נאָר לשבח, ווייל אין יענער צייט איז דער אַנטיסעמיטיזם נאָך פרעמד געווען אויף דער גאַסטפריינטלעכער, פרידלעכער בראַזיליאנער ערד.

מיר, די יידן אין ריאָ, האָבן נאַטירלעך אויך גענומען טראַכטן אויף וואָס פאַר אַן אופן אויסצודריקן אונדזער אָנערקענונג דעם גרויסן געלערנטן און אין דער זעלבער צייט אויך דעמאָנסטרירן פאַר דער בראַזיליאַנער עפנטלעכקייט אונד־זער שטאָלץ, וואָס אלבערט איינשטיין איז א זון פון דעם יידישן פאָלק.

נאָר אײדער װאָס װען, האָבן אַלע אונדזערע אינסטיטוציעס באַקומען אַן אײנלאַדונג זיך צו רעפּרעזענטירן דורך זײערע פֿאָרשטײער צו באַטראַכטן דעם ענין אין דער הױזונג פֿון אַ ספרדישן ייד. אַ סוהר, ה. איזידאָראָ קאָהען אױף פֿלאַמענגאָ.

אינעם באַשטימטן אָװנט זײַנען זיך צונױפֿגעקומען פֿאָרשטײער פֿון אונדזערע אינסטיטוציעס און אױך פֿון די ספרדישע אינסטיטוציעס כדי צו שאַפֿן אַ קבלת פּנים־קאָמיטעט אױפֿצונעמען דעם חשובֿן גאַסט, אַזױ װי אינקסטנס האָט געלױטעט די אײנלאַדונג.

אָבער צו אונדזער פֿאַרװוּנדערונג האָט דער ה. איזידאָראָ קאָהען אונדז דערקלערט, אַז אַלין װאָס האָט צו טאָן מיט דער אױפֿנאַמע פֿון פּראָפֿ. אײנשטײַנען איז שױן באַשלאָסן פֿון פֿאָרױס, װײַל ער, קאָהען, שטעלט מיט זיך פֿאָר די ספרדים, און זש.שנײַדער שטעלט מיט זיך פֿאָר „אונדזערע" אינסטיטוציעס. דער ערשטער װידערשטאַנד איז געקומען מצד נתן בעקער, װעלכער איז אָנװעזנד געװען אַלס דעלעגאַט פֿון אַן אינסטיטוציע. ער האָט דערקלערט, אַז ה. שנײַדער פֿאַרטרעט בלױז זײַן אינסטיטוציע, און ניט ער, און ניט קײנער קאָן זיך אַלײן נאָמינירן אַלס פֿאָרשטײער פֿון אַלע עקזיסטירנדיקע ייִדישע אינסטיטוציעס.

דער צװײטער אינצידענט, װאָס איז געװען פֿיל שאַרפֿער, האָט געבראַכט ערנסטע קאָנסעקװענצן און האָט צעטײלט דעם ישוב אַזױ, אַז יענער אױפֿדערנאַכט האָט גורם געװען צו דער װײטערדיקער אַנטװיקלונג פֿון צװײ פֿאַרשײדענע לאַגערן...

די דעלעגאַטן פֿון דער ביבליאָטעק „שלום עליכם", װעלכע איז געװען פֿאַרטראַטן דורך אירע פֿאַרװאַלטונגס - מיטגלידער בערל הערלמאַן און דעם שרײַבער פֿון די שורות, האָבן אָנגעװיזן, אַז דער קבלת פּנים - קאָמיטעט דאַרף צונױפֿגעשטעלט װערן פֿון געװײלטע פֿאָרשטײער. אַלײן זיך צו באַשטימען אַלס פֿאָרשטײער פֿון די עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס איז אַנטי־דעמאָקראַטיש. אױף אַט דער לאָגישער באַמערקונג האָט זיך אַ שאָט געטון פֿון ה. קודאשעװיטש אַ שטראָם מיט זידל־װערטער אױף די קעפּ פֿון די ביבליאָטעק־פֿאָרשטײער. דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט די גערעכטע פֿאָדערונג, אַז די ביבליאָטעק־פֿאָרשטײער זאָלן אױך זאָגן זײער מײנונג, אױף װאָס פֿאַר אַן אופֿן דער קאָמיטעט און דער פּראָגראַם דאַרפֿן צונױפֿגעשטעלט װערן.

און דאָ קומט דאָס שענדלעכסטע, װאָס האָט באַדאַרפֿט אָנרירן יעדן ייד (ניט יענע, װאָס װילן אױף כּוח פֿאָרשטעלן ייִדן). הער גאָלאָך, אַ פֿאָרשטײער פֿון אַ ספרדישער אינסטיטוציע, װעלכער האָט ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן אַזאַ חוצפּה, װי װעלן װידערשפּעניקן כּבֿודיקע רײַכע לײַט איז אַרױס מיט אַזאַ לשון: — „די ביבליאָטעק איז גאָרניט מיט גאָרניט, די ביכער פֿון דער „שלום עליכם" ביב-

ליאָטעק זיינען געקויפט געוואָרן פאַר גנבישע געלטער און דער נאָמען „שלום עליכם" אין אַן אומווירדיקער". פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ אומדערהערטע באַליידיי־קונג האָט אַרויסגערופן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט מצד די ביבליאָטעק־פאַרשטייער. זיי האָבן זיך ניט געווענדעט צו דעם ספרדישן פאַרשטייער, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן דעם, וואָס איז אונדז טייער און הייליק, אָבער מיר האָבן זיך געוואָנדן צו די פאַרשטייער פון אונדזערע אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען אויך געווען מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק, אַז זיי זאָלן, צוזאַמען מיט אונדז, רעאַגירן אויף דער שענדלעכער באַליידיקונג. אָבער אומזיסט! זיי האָט דאָס ניט אָנגערירט! עדואַרדאָ האַראָוויטש האָט נאָר געזאָגט, אַז די ביבליאָטעק איז אַ פיינע אינסטיטוציע, און אַז ער איז דאָרט אַ מיטגליד. אויך לעאָן שוואַרץ האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן, בכן אַז די ביכער זיינען זייער ווילע, ס'זיינען דאָרט פאַראַן אויך עטלעכע העברעישע ביכער... זעענדיק, אַז מער האָבן זיי דאָרט ניט וואָס צו טון, האָבן די פאַרשטייער פון דער ש.ע. ביבליאָטעק מיט צאָרן און פּראָטעסט פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג.

דעם זעלבן אויפדערנאַכט איז פאַרגעקומען אַ. י. ל. פּרץ־אַקאַדעמיע אינעם לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק. ס'האָט דאַן גערעדט דער דיכטער און רעדאַקטאָר פון „דאָס יידישע וואָכענבלאַט", ה' יעקב נאַכבין. די דעלעגאַטן זיינען צוריקגע־קומען, האָבן זיי נאָך געטראָפן דעם גרויסן אָנווזנדן עולם אויף דער אַקאַדעמיע. ווען די אַקאַדעמיע האָט זיך געשלאָסן, האָט דער שרייבער פון די שורות פאַרנומען די טריבונע און אויספירלעך דערציילט, אויף וואָס פאַראַ אופן אונדזער ביבליאָ־טעק איז באַליידיקט געוואָרן. אַ שטורעם פון צאָרן איז אויסגעבראָכן צווישן די אָנוועזנדע. נאָך לאַנגע, העפטיקע פּראָטעסטן איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָ־לוציע, (געפינט זיך אין די אַרכיוון פון דער ביבליאָטעק), וואָס פאָדערט אויף די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק צו רופן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, נאָכדעם ווי פּראָפ. אַלבערט איינשטיין וועט אַוועקפאָרן. אויך די ביבליאָטעק־מיטגלידער, וועלכע זיינען אין יענעם אָוונט געווען דעלעגירט פון אַנדערע אינסטיטוציעס און האָבן ניט רעאַגירט, זאָלן אויפגעפאָדערט ווערן צו געבן דערקלערונגען פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג.

דער פייערלעכער קבלת - פּנים לכבוד פּראָפ. איינשטיין איז פאָרגעקומען מיט גרויס אָנזען אין „אויטאָמאָביל־קלוב". די ביבליאָטעק איז ניט געווען פאַר־טראָטן אינעם קאָמיטעט, אָבער זי האָט איינגעלאַדן דעם גאון אויף אַ ספּעציע־לער אויפנאַמע אין לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק. ער איז געקומען און גערעדט אין דער דייטשישער שפּראַך. די ביבליאָטעק האָט אים צוגעטראָגן אַ מתנה, אַ בוך פון שלום עליכמען, געבונדן אין אַ פּרעכטיקן לעדערנעם איינבאַנד, מיט אַ גאָלדע־נעם טאָוול און אַן אויפשריפט, אויסגעקריצט אין יידיש פון אונדזער שוין פאַר־שטאָרבענעם הבר גבריאל פיינגאָלד. איינשטיין האָט געשאָנקען דער ביבליאָטעק

זיין בילד מיט זיין אונטערשריפט, וואָס באַצירט ביז היינט די וואַנט פון דער ביב־ליאָטעק.

די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען און די איינגעלאַדענע מיט־גלידער האָבן געגעבן זייערע דערקלערונגען. נאַטירלעך, האָבן זיי ניט געוואָלט אָנערקענען זייער שולד, און געפרוווט וואַרפן די גאַנצע שולד אויף די ביבליאָטעק־פאַרשטייער, אויף זייער היציקן טעמפּעראַמענט און ניט אויסגעהאלטנקייט... די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג האָט זיי אָבער אָנערקענט פאר שולדיק אין ניט פאַרטיידיקן דעם כבוד פון דער ביבליאָטעק און מיט אַ גרויסער מערהייט באַ־שלאָסן זיי אויסצושליסן אַלס מיטגלידער.

דער באַשלוס איז אויסגעפירט געוואָרן. די הערן זשאַקאָב שניידער, מענדל קאָזלאָווסקי, יהודה האָראָוויטש, שלום לינעצקי און נאָך איינציקע זיינען זייט יענער דאַטע פאַרבליבן אויסער דער „שלום עליכם" ביבליאָטעק.

די וועלבע פערזאָנען זיינען דערנאָך געוואָרן די גרינדער פון דער „חיים נחמן ביאַליק־ביבליאָטעק".

אָט אַזוי האָט פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, הגם ניט דירעקט, גורם געווען צו דער דעפינירונג פון צוויי לאַגערן אינעם יידישן ישוב פון ריאָ דע זשאַניירא נאָך מיט 25 יאָר צוריק.

ריאָ — 1949

# די נויטווענדיקייט פון א יידישער שול

**פארעפנטלעכט אין דער צייטונג „דאָס אידישע וואָכענבלאט" *)**

**אין ריאָ דע זשאנייראָ**

שוין עטלעכע יאָר ווי פערזאָנען פון אונדזער יידישער קאָלאָניע, וועלכע קענען בשום אויפן ניט שלום מאכן מיטן געדאנק, אז זייערע קינדער, וואָס ווערן דאָ געבוירן און דערצויגן זאָלן גענצלעך אָפּגעריסן ווערן פון דער יידישער שפראך און פון דער יידישער ליטעראטור, טומלען זיך וועגן שאפן דאָ א מאָדערנע יידישע שול, וווּ דאָס קינד זאָל דערצויגן ווערן אין דער שפראך פון זיין פאָלק, — אין דער שפראך פון זיינע עלטערן.

אָט דער געדאנק וועגן דער שול האָט אין משך פון די לעצטע פאָר יאָר, אמאָל אויפגעפלאקערט העלער, אמאָל טונקעלער, נאָר קיין דערפאָלג האָט ער ניט געהאט. זיין עכאָ האָט זיך ניט צעטראָגן אויף דער יידישער גאס, זיין אָפּקלאנג האָט ניט דערגרייכט און ניט אריינגעדרונגען אין די פארגליווערטע הערצער פון די יידישע טאטעס און מאמעס. די שטימע איז ניט געווען אזוי מעכטיק, אז זי זאָל קאָנען אָפּשטעלן דעם שטענדיק-לויפנדיקן, דעם שטענדיק-פארטראָגענעם טאטן, און צווינגען אים צו פארטראכטן זיך איבער דער פראגע: „וואָס וועט זיין מיט דיין קינד, וואָס איז שוין אָפּגעריסן פון דיר, און וועט וואָס ווייטער אלץ מער אָפּגעריסן ווערן פון זיינע עלטערן און פון זיין פאָלקס-שפראך?" ער פארשטייט ניט די שפראך פון זיינע עלטערן און די עלטערן פארשטייען ניט די שפראך פון זייער קינד, וועלכער האָט זיך שוין אריינגעגאָסן, אָדער וועט זיך אריינגיסן אין א פרעמדער סביבה, אין א פרעמדער קולטור, און פון אונדזער קולטור וועט ער אפילו קיין השגה ניט האָבן.

אָבער, ווי געזאָגט, איז דער געדאנק געווען אמאָל שוואכער, אמאָל שטארקער, אָבער אינגאנצן, איז ער נישט פארלאָשן געוואָרן און האָט ניט געקענט פארלאָשן ווערן! ווייל צו גרויס און צו הייליק איז די ליבע פון די עלטערן צו זייערע קינדער, אז זיי זאָלן זיך ניט קימערן פאר דער צוקונפט און אנטוויקלונג פון זיי.

---

*) די ערשטע יידישע צייטונג אין בראַזיל.

צו טייער זיינען פאר די עלטערן די אוצרות, וואָס ליגן באהאלטן אין דער יידישער שפּראַך און אין דער יידישער ליטעראַטור, אז זיי זאָלן ניט צוגרייטן, אז די קינדער זאָלן אויך קענען שעפּן און טרינקען פון דעם הערלעכן קוואל, וואָס הייסט יידיש. און דערפאר באמערקן מיר טאקע אין די לעצטע פאָר וואָכן די אקטיוויטעט, וואָס קומט פאָר אין דער איניציאַטיוו־קאָמיסיע ביי דער פאָלקס־ביבליאָטעק „שלום עליכם", פאר גרינדן א מאָדערנע יידישע שול, מיט א קינדער־גאָרטן, דאָ אין ריאָ. די פראגע איז איצט ניט מער קיין אבסטראקטע, וועגן וועלכער מען קען זיך בלויז דורכשמועסן, און לאָזן ווייטער ווי ביז אהער. ניין! די פראגע איז איצט א ברענענדיקע, אן אקטועלע, וואָס מוז גלייך געלייזט ווערן. און ווירקלעך, קוקט זיך צו נענטער, וועט איר באמערקן אין דער יידישער שטוב, ווי די עלטערן רעדן מיט זייערע קינדער פּאָרטוגעזיש, ווייל די קינדער פארשטייען ניט קיין אנדערע שפּראַך. און זאָל דאָ, אגב אורחא, געזאָגט ווערן דאָס, וואָס יעדער פון אונדז ווייסט, אז 99 פּראָצענט פון די יידישע עלטערן רעדן אזא פּאָרטוגעזיש, וואָס איז ענלעך צו כינעזיש. זייער פּאָרטוגעזיש איז א חוזק, א מין קאריקאטור פון דער שפּראַך. דאָס ניט קענען רעדן מיטן קינד זיין שפּראַך, שאפט אין דעם קינד א געפיל פון אומרעספּעקט צו זיינע עלטערן די „גרינגאָס".

דארף מען דען נאָך אמאָל איבערצייגן וועגן דער נויטווענדיקייט פון א יידישער שול? ניין! איך גלויב אז ניט. ווייל עס איז אזוי קלאָר, אזוי דייטלעך, אז נאָר די, וואָס האָבן ניט קיין חוש, אָדער פארשטייען ניט די גרויסקייט פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, אָדער דעמאגאָגן, וואָס דענקען, אז דעמאגאָגיע קען גובר זיין קלאָרע און רעאַלע פאקטן, וועלן ניט וועלן, און ניט קענען דאָס פארשטיין, אָבער אזעלכע איז ניט נויטיק צו איבערצייגן.

אָבער וואָס ס'איז יאָ כדאי, איז צו ענטפערן די העבראַיסטן, וועלכע ביי זיי הייסט יידיש „זשארגאָן", א „דינסט־מויד", און זיי אליין פארגעסן, אז אין טאָג־טעגלעכן לעבן, מיט זייער פרוי, מיט באקאַנטע, רעדן זיי יידיש, און אז אָן יידיש וואָלט זיי להלוטין ניט געקענט זיך באגיין אין דער סביבה, וווּ זיי לעבן. און אויך א פּאָר ווערטער צו די ציוניסטן, וואָס זאָגן, אז יידיש איז א גלות־שפּראַך, און ניט מער ווי פאר אן איבערגאַנגס־פּעריאָד. דאָס ארטיקל האָט ניט דעם צוועק צו פּאָלעמיזירן מיט קיינעם, און דערפאר וויל איך ענטפערן בלויז מיט א פּאָר ווערטער. די כאמע היציקסטע קעפּ ביי די ציוניסטן זיינען דאָך ניט אויף אזוי פיל נאאיוו צו גלויבן, אז זיי קענען דאָס גאנצע יידישע פאָלק אין איין „שמע ישראל" אריבערפּעקלען קיין פּאַלעסטינע. און וועלכער אויפריכטיקער ציוניסט וועט דען צוגעבן, אז די אלע אוצרות, וואָס מיר האָבן אָנגעזאמלט אין דעם צוויי־טויזנט יעריקן „גלות", — „דארף אינגאנצן אויסגעמעקט ווערן פון דער יידישער געשיכטע? איך ווידערהאָל נאָכאמאָל, אז איך פיר ניט קיין פּאָליטיק און וויל אויך ניט באהאנדלען די טעכנישע און די פּעדאגאָגישע אספּעקטן פון דער שול. נאָר

איין געדאנק וויל איך בלויז פעסטשטעלן: די נויטוועגדיקייט פון א יידי־שער שול. און אויב דאָס איז יאָ נויטיק, מוז דאָס גלייך געשאפן ווערן, ווייל דער פראָגרעס פון דער יידישער קאָלאָניע האָט שוין דערגרייכט צו אַזאַ שטופע אז מער קיין צייט צו פארלירן אין דיסקוסיעס קען מען ניט און טאָר מען ניט. דער גורל פון אונדזערע קינדער. פון דער יידישער שפראך, יידישער קולטור, פאָדערט פון אונדז, אז מיר זאָלן גלייך צוטרעטן צו דער ארבעט און שאפן עפּעס אזעלכעס, וואָס זאָל פארענטפערן די פראגע אין פולן זיך פון וואָרט.

שליסנדיק דעם ארטיקל ווילט זיך אויסדריקן די אָנערקענונג צו דער איני־ציאַטיוו־קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך ארייגעוואָרפן אין דער ארבעט מיט אזא ענטוזיאַזם און מיט אַזאַ אָפּפערוויליקייט. אָבער צי זייער גרויסע ליבע פאַר דעם יידישן קינד, זייער זאָרג פאר דער יידישער ליטעראטור און שפראך וועט געפינען אן אָפּקלאנג ביי די יידישע טאטעס און מאַמעס, דאָס דארף באווייזן די עלטערן־פארזאמלונג, וואָס די איניציאטיוו־קאָמיסיע וועט אין גיכן פאַררופן.

# דאָס יידישע לעבן אין בראַזיל *)

דאָס דערשיינען פון „דער וועג״ אלס א טעגלעכע צייטונג איז געווען פאר דער פראָגרעסיווער יידישער באפעלקערונג פון ריאָ דע זשאנייראָ, און גאנץ בראזיל, א פריידיקע פאסירונג. זיין מאָטאָ: „פאר א פריי לעבן אין א באפרייטער וועלט״ איז אויך אונדזער מאָטאָ. און דעריבער איז קיין חידוש נישט, וואָס די צייטונג איז אונדז נאָענט, ליב, און היימיש. די ארטיקלען און נאָטיצן ווערן קאָלעקטיוו קאָמענטירט און געלערנט, ווייל די פראָבלעמען, וואָס ווערן באהאנדלט שטייען ביי אונדז אויפן טאָג־אָרדענונג הגם יעדער לאנד האָט זיך זיינע אייגענע ספעציפישע פראָבלעמען, דאָך זיינען די יידישע פראָבלעמען אין אונדזערע שכנותדיקע לענדער ניט אזוי ווייט איינע פון די אנדערע. און דעריבער איז „דער וועג״ טאקע דער ריכטיקער וועג־ווייזער פאר אונדז, בכדי מיר זאָלן ניט בלאָנדזשען, ווי דאָס קאָן לייכט פאסירן. מיר האָבן דעם ריכטיקן קאָמפאס, וואָס הייסט „דער־וועג״.

א גאנצן צענדליק יאָרן זיינען מיר געווען אָפגעריסן פון אלץ, וואָס הייסט יידיש. קיין יידישע צייטונגען זיינען ניט אריינגעקומען, צו רעדן עפנטלעך אין יידיש, איז געווען פארבאָטן. אפילו די פארוואלטונגס־זיצונגען זיינען געפירט געוואָרן אין פאָרטוגעזיש מיט א שומר ביי דער זייט, אָפצוהיטן, אז דאָס הייליקע ווארגאס־געזעץ זאָל ניט פארשוועכט ווערן. עס איז געווען פשוט צו דערשטיקט ווערן. מען האָט גענומען א לעבעדיקן אָרגאניזם, וואָס האָט געשפרודלט מיט אקטיוויטעט, מיט אידעאַלן און פארלאנגען, און מען האָט אים פאַראַליזירט, אטראָפירט. דאָס האָט זיך זייער ווייטיקלעך און שעדלעך אָפגערופן אויף אונדזער קולטורעלער אנטוויקלונג, מיר זיינען ארויסגעשטויסן געוואָרן פון די טאָג־טעגלעכע יידישע פאסירונגען. מיר האָבן ניט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר אין די יידישע ישובים אויף דער וועלט, ווי אזוי און וועלכע פראגן זיינען ארויפגעשווומען און ווי אזוי מען האָט אויף זיי רעאַגירט. מיט איין וואָרט א חשכות, א שוואַרצער שלייער האָט פאַרדעקט אלץ, וואָס אונדז איז געווען טייער. די עלטערע טוער האָבן זיך אָפגעוווינט פון ארבעט, און זיינען פשוט עלטער געוואָרן מיט 10 יאָר. און די יונגע, וואָס זיינען צו יענער צייט געווען נאָך פריש אין

*) פון קאָרעספאָנדענץ־מאטעריאלן.

דער ארבעט, האָבן ניט באוויזן פארהארטעווען צו ווערן, און זיינען זיך צעלאָפן אויף פארשידענע וועגן. און איצט, ווען די צייטן האָבן זיך א ביסל געביטן און מיר קוקן זיך אום אויף אונדזער גייסטיקן חורבן, פארקלעמט ביים הארצן, ווי קליין איז אונדזער שארית הפליטה.

פון די עטלעכע שורות וועט פאר די לייענער פון „דער וועג" פארשטענדלעך ווערן, פארוואָס מיר פרייען זיך אזוי מיט אייער־אונדזער צייטונג.

ווי אזוי האָט מען דורכגעמאכט די 10 יאָר און וואָס האָט מען דאָך געטאָן פאר אונדזער קולטורעל־גייסטיקן לעבן? דאָס איז א באזונדער רייך און העלדיש קאַפיטל, וואָס וועט געשריבן ווערן אין דער געהעריקער צייט, היינט איז נאָך ניט דער פאסיקער טאָג פאר אָט דעם היסטאָרישן קאפיטל.

און איצט וועגן דעם היינט. אויך דאָ אין בראזיל האָבן די פראָגרעסיווע טוער ארויסגערוקט די פראגע פון אייניקייט. צו ערשט האָבן די ציוניסטישע רעדל־פירער ניט געוואָלט הערן פון אזעלכעס. עס זיינען, למשל, איינגעאָרדנט געוואָרן פראָטעסט־מיטינגען קעגן ווייסן בוך, קעגן די שחיטות אין פאלעסטינע. שוין אין די אונטערנעמונגען האָבן די פראָגרעסיווע עלעמענטן געוואָלט נעמען אָנטייל, נאָר די ציוניסטן האָבן ניט דערלאָזט און אָפגעשטויסן די אויסגעשטרעקטע האַנט. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז ווען די יוגנטלעכע אָרגאניזאציע „קאביראס" האָט איינגעאָרדנט א פראָטעסט־מיטינג קעגן ענגלאנדס האנדלונג אין פאלעסטינע אין באצוג צו די „אומלעגאלע" יידישע אימיגראנטן, האָבן די ציוניסטן ניט דערלאָזט, אז זייער יוגנט זאָל זיך באטייליקן. מען האָט דעם מיטינג געשטערט אויף אלע אופנים, און זאָל דאָ געזאָגט ווערן: מיט מיאוסע מיטלען. אָבער ס'האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. דער מיטינג איז געווען א ריזן־דערפאָלג, א 3 טויזנדיקער עולם האָט אָנגעפאקט דעם זאַל פון אויטאָמאָביל־קלוב. עס האָבן גערעדט פארלאמענט־דעפוטאַטן פון אלע פארטייען, אָנהויבנדיק פון דער רעגירונגס־פארטיי, ביז א דעפוטאט פון דער קאָמוניסטישער פארטיי. דער דערפאָלג קומט פון דעם, וואָס דער דורכשניטלעכער ייד איז א פאָלקס־מענטש, מעג ער זיין אפילו ציוניסטיש געשטימט. די ווערטער פון די זעלבסט־געקרוינטע מנהיגים — און זייערע באשלוסן אין די ענגע קאבינעטן, זיינען נאָר הל אויף זיי אליין און ניט אויף די פאָלקס־מאסן.

דער רוף וועגן א פאראייניקטער הילפס־אקציע האָט אויך אָנגעטראָפן אויף פארשטאָפטע אויערן פון די ציוניסטן, וואָס אין דעם פאל זיינען דאָס געווען די פירער פון „סענטראָ העברעאָ בראזיליירא", די בראזיליאנער אפטיילונג פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. מען האָט געמוזט דורכמאכן אָנצאָליקע זיצונגען און דיסקוסיעס, נאָר דאָך, אונטער דעם דרוק פון די מער פראָגרעסיווע ציוניסטישע עלעמענטן זיינען די פארהאַנדלונגען אָנגעגאנגען ביז עס איז געלונגען צו שאפן א פלאַטפאָרם פון אייניקייט. דער פראָגרעסיווער לאגער האָט פאָרגעשלאָגן הילף

פאר אלע ייִדן, איינשליסנדיק אויך די ייִדן אין סאָוועטנלאנד, און ספּעציעל פאר די יתומים אין בירא־בידזשאן. און דאָ איז געקומען דער אָפּהאלט. דאָס סאָוועטישע ייִדנטום האָבן זיי ניט געוואָלט דערמאָנען און בירא־בידזשאן אוודאי ניט, „הזיר־טריף". ס'האָבן ניט געהאָלפן די ארגומענטן, אז די ייִדן אין סאָוועטן־פארבאנד שטעלן מיט זיך פאָר דעם גרעסטן ייִדישן קיבוץ אין איראָפּע און אזוי ווייטער. די פארהאנדלונגען זיינען אָפּגעהאקט געוואָרן, ביז דר. טארטאַקאָווער איז געקומען, און איסהערנדיק ביידע צדדים, און ווּסנדיק אויך וועגן דער ווירקונג פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן אויף דער ייִדישער גאס, האָט ער געפונען, אז די ארגומענטן פון פּראָגרעסיוון לאגער זיינען גערעכטע און בארעכטיקטע. דאן איז דער אָפּמאך צושטאנד געקומען. די פּלאטפאָרם איז אָנגענומען געוואָרן און דער פאראייניקטער קאמפּיין־קאָמיטעט איז שוין צונויפגעשטעלט געוואָרן אויף גלייכע יסודות. אין דעם פאראייניקטן קאמפּיין גייען אריין פאָלגנדיקע קערפּערשאפטן: „כענטרא העברעא", „פּוילישער פארבאנד", „דער ייִדישער דעפּארטאמענט ביי דעם רוסישן הילפס־קאָמיטעט", „האיאס", אָרט־אָזע". די אסימילירטע „יהודים" גייען ניט אריין, זיי פירן זייער קאמפּיין אונטער דעם נאָמען „רישאַינט". אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן האָבן זיי ניט די מינדעסטע השפּעה. דער פאראייניקטער קאָמיטעט דערווארט די שליחים פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, דר. גאָלדמאן און דר. עמיל זאָמערשטיין. זיי דארפן אָנקומען אין די נאָענטסטע טעג, און מיט זייער קומען וועט פּראָקלאמירט ווערן דער פאראייניקטער הילפס־קאמפּיין. אזוי געפינען מיר פאר נייטיק אונטערצושטרייכן די פּראָצענטן פון יעדן קאָמיטעט. די צעטיילונג פון די געלטער איז פאָלגנדיקע: 30 און א האלב פּראָצענט פאר דעם „כענטרא העברעא", 21 פּראָצ. פארן „פּוילישן פארבאנד", 17 און א האלב פּראָצ. פאר דעם „ייִדישן דעפּארטאמענט ביי דעם רוסישן הילפס־קאָמיטעט", 15 פּראָצ. פאר „האיאס", 12 פּראָצ. „אָרט" און „אָזע" 4 פּראָצ. די אלע געלטער וועלן צעשיקט ווערן אויף די געהעריקע אדרעסן אין נאָמען פון פאראייניקטן קאָמיטעט.

עס איז צו האָפן, אז אָט דער ערשטער פאראייניקטער קאמפּיין וועט ברענגען די געהעריקע פינאנציעלע און מאָראלישע רעזולטאטן, ווען, נאטירלעך, מען וועט שטעלן דעם טראָפּ אויף אונדזער נאציאָנאלן היסטאָריש־טרייעריקן מאָמענט, און ניט אויף פארטיי־רעזאָלוציעס.

דער פּראָגרעסיווער עלעמענט פארשטייט דאָס, און וועט זיין מענטשלעכן און ייִדישן חיוב דערפילן אויף אלע 100 פּראָצ. און די אנדערע . . . ?

* * *

עס וואָלט געקענט זיין א שמחה פאר דער ייִדישער באפעלקערונג אין בראזיל, אָבער ארויסגעקומען איז א טרויער, א חייטיק און א שאנדע! נאָך 10 יאָר פון געזעלשאפטלעכן פארבאָט אויף ייִדיש, איז דערשינען א ייִדיש וואָכנבלאט „די אידישע פּרעסע", אונטער דער רעדאקציע פון איר באלעבאָס, א.בערגמאן. און

וואָס מיינט איר האָט די צייטונג אינזינען אין אירע ערשטע צוויי נומערן? יידישע נויט?, יידישע הילף?, אייניקייט?, אָדער יידישע קולטור?, הלילה, איר איינציקע זאָרג זיינען די „רויטע יידעלעך״ קעגן וועלכע זי באנוצט אַ געבעלס-שפּראַך. א פאשיסטישער ארטיקל פון י. פאט, וואָס פארנעמט א דריטל פון דער צייטונג, איז איבערגעזעצט גראָד אויף פּאָרטוגעזיש, און זאָלן די גויים זען ווי מיר טוען א ריין שטיקל פאשיסטישע ארבעט. ארויסגעשלעפּט פון דעם „פּאָרווערטס״-הקדש דאָס שמוציקסטע, און מיט דעם פארנעמט זיך די „אידישע פרעסע״ צו שפּייזן אונדזערע יידן.

דער וועלט-קאָנגרעס האָט ביי אונדז פיל געארבעט, אז מען זאָל קומען צו אייניקייט צווישן פארשידענע ריכטונגען. און דער וועג פון דער „אידישע פרעסע״ פירט צו אייניקייט? בשום אופן ניט! דאָס וואָס דער „פּאָרווערטס״ טוט אין אמעריקע, קען אין בראַזיל פירן צו יידישע פּאָגראָמען. יעדנפאלס, קיין כבוד און נוצן וועט דאָס אונדז ניט ברענגען.

* * *

מיר האָבן שוין געזאָגט, אז די פּראָגרעסיווע עלעמענטן זיינען קליין אין צאָל, איך מיין די פירנדיקע קולטורעלע כוחות, און דאָך ווערט געפירט אן אינטענסיווע ארבעט אויפן קולטור-געביט, אריינרעכענענדיק אנדערע געביטן. די טוער פארשטיין, אז אויף זיי, און נאָר אויף זיי ליגט דער גורל פון דער פּראָגרעסיווער קולטור דאָ אין בראזיל, גיבן זיי טאקע אוועק אלע כוחות צו דערהויבן אַונדזער ישוב צו א העכערן קולטור-ניוואָ.

מיר וועלן נעמען אלס ביישפּיל דעם לעצטן האלבן מאָנאט פון אויגוסט, וועט קלאָר ווערן, אז כאָטש מיר קענען זיך ניט פארגלייכן מיט גרעסערע יידישע ישובים, וואָס פארמאָגן א סך מער קולטורעלע כוחות פון אונדז, האָבן מיר ניט מיט וואָס זיך צו שעמען.

דעם 17-טן איז דורכגעפירט געוואָרן א לעבעדיקע צייטונג אין שלום-עליכם-ביבליאָטעק. עס זיינען געווען פארטראָטן מיט פארשידענע ארטיקלען אויף געזעלשאפטלעכע טעמעס: **גלאזמאן, גרינער, זיגמונט טורקאָוו** און **לאנדע** מיט אייגענע לידער אויף בראזיליאנער טעמאטיק. אגב מוז געזאָגט ווערן, אז י. לאנדע פארמאָגט טאלאנט און זיינע לידער צייכענען זיך אויס מיט רייפקייט. אַויך דער שרייבער פון די שורות האָט זיך באטייליקט מיט אן ארטיקל וועגן מ. גאָרקי.

דעם 19-טן איז אויפגעפירט געוואָרן די פּיעסע „בר כוכבא״ אונטער דער רעזשי פון דעם בינע-קינסטלער, זיגמונט טורקאָוו, דורכגעפירט דורכן דראמקרייז ביי דער ביבליאָטעק „שלום עליכם״. די פּאָרשטעלונג איז געשטאנען אויף א גרויסער קינסטלערישער הויך. די פּיעסע איז געשפילט געוואָרן צום צווייטן מאָל

מיט א פול־געפאקטן טעאטער. דאָס איז שוין די 4טע פּיעסע, וואָס דער דראַמאַטי־שער קרייז ביי דער ביבליאָטעק „שלום עליכם" פירט דורך אונטער דער לייטונג פון זיגמונט טורקאָוו: „די קראָכמאַלנע גאַס" פון ז. טורקאָוו, „קידוש־השם" פון שלום אש, „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם און „בר כוכבא" פון א. גאָלדפאַדן. איין ספּעקטאַקל שטייגט איבער דעם צווייטן מיט זיין קינסטלערישער רייפקייט.

דעם 24־טן האָט די שול „שלום עליכם" איינגעאָרדנט א גרויסן ליטעראַרישן אָוונט צום 30־טן יאָרצייט פון אונדזער אומשטערבלעכן קלאַסיקער שלום עליכם. דער אָוונט קען פאַרצייכנט ווערן אלס א גרויסע דערגרייכונג אויפן געזעלשאַפט־לעכן געביט. איבער 2000 מענטשן האָבן אָנגעפילט דעם ריזיקן סאַלאָן פון „אינס־טיטוטאָ נאַסיאָנאַל דע מוזיקא", און מיטן גרעסטן אינטערעס נאָכגעפאָלגט דעם פּראָגראַם. דער דירעקטאָר פון דער שול, פ. טאַבאַק האָט געהאַלטן א גייסטרייכן רעפעראַט אויף דער טעמע: „שלום עליכם, זיין לעבן און שאַפן". דאַן זיינען געקומען די תלמידים מיט יידישע דעקלאַמאַציעס אין א שיינעם, זאַפטיקן יידיש. דער קינדער־כאָר פון דער שול אונטער דער אָנפירונג פון מאַעסטראָ פליישמאַן האָט געזונגען פאַרשידענע שול־און פאָלקס־לידער. און צום סוף האָט אונדזער כמעט תושב, זיגמונט טורקאָוו אינטערפּרעטירט דעם לעצטן אקט פון „טביה דער מילכיקער".

דעם 25־טן איז פאָרגעקומען א פּיקניק מיט פאַרלעזונגען, געזאַנג און דעקלאַ־מאַציעס. און אין דעם זעלבן אויפדערנאַכט איז נאָנט פון ריאָ, אין דער שטאָט ניטעראָוי, געפייערט געוואָרן דער 24־טער אניווערסאַר פון דער דוד פרישמאַן־ביבליאָטעק, צוזאַמען מיטן חנוכת הבית פון א נייעם גרויסן סאַלאָן. אויך דער אָוונט איז געווען א דערגרייכונג. עס איז פאָרגעקומען א פאַרלעזונג איבער דר. חיים זשיטלאָווסקי און דאָס קינסטלערישע פּאָר חבל בוזגאַן און רבקה שילער האָבן אויך אָנטיילגענומען.

דעם 26־טן איז פאָרגעקומען אין א גרויס טעאַטער אן אָוונט מיט זייער א רייכער קינסטלערישער פּראָגראַם, דורכגעפירט פון בוזגאַן־שילער. דער טעאַטער איז געווען געפּאַקט און דאָס דורכפירן די פּראָגראַם דאַרף איך איך אַרגענטינער, ניט דערציילן. איר קענט בעסער פון אונדז. נאָר דאָך דאַרף איך זאָגן, אז בוזגאַן און שילער זיינען ביי אונדז זייער באַליבט און רעספּעקטירט אלס אקטיאָרן און אלס נאָענטע מענטשן. אלזאָ מיט אָט דעם ביסל כראָנאָלאָגיע וועל איך פאַרענ־דיקן, ווייל די קאָרעספּאָנדענץ איז שוין צו לאַנג.

ריאָ, דעם 3־טן אויגוסט 1946

# זאַכן פון נעכטן!

ס'איז קאָמיש און לעכערלעך, ווען ס'קומט אויס צו הערן ווי צוויי לאָקאַל־פּאַטריאָטן דיסקוטירן וועמענס שטאָט איז שענער און בעסער. ס'פאַרשטייט זיך, אַז סיי די אַרגומענטאַציע און סיי דער דיספּוט זעלבסט, האָט ניט קיין זין און איז פּשוט נאַריש, ווייל יעדער שטאָט האָט זיך איר חן און איז ליב דעם, וואָס איז דאָרט געבוירן. אָבער דאָס ווערט געפערלעך, ווען מען וויל אָט דעם אומגע־לומפּערטן אַרגומענט אַריינשלעפּן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און נאָך ערגער, ווען מען וויל אויף אָט דער פונדאַמענטלאָזער פראַגע אויפשטעלן א טעאָריע.

ליידער האָט אַזעלכעס פּאַסירט אין אונדזער ישוב. און געוויסע עלעמענטן האָבן צוליב פאַרשידענע אינטערעסן — פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע — גע־זוכט צו פאַרוואַנדלען דאָס אין א פּראָבלעם און געוואָלט אויפבויען א מחיצה צווישן יידן, וועלכע זענען געבוירן אין פּוילן, און אַנדערע וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין אַנדערע פּראָווינצן פון אַמאָליקן רוסלאַנד.

אין דעם עמבריאָן פון אונדזער יידישן ישוב אין ריאָ, געפינען מיר רוסישע און פּוילישע יידן און ווי קליין דער ישוב איז ניט געווען, וואָס כמעט דער גאַנ־צער ישוב האָט זיך קאָנצענטרירט אין איין גרויסער „אַווענידאַ" אויף דער גאַס סאַן לעאָפּאָלדאָ, 63 (היינט זשוליאָ דאָ קאַרמאָ), און אַלע האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם זעלבן מסחר — קליענטעלע — האָט געהערשט אין אים אַ געוויסע פאַנאַנדערטיילונג. אמת, פון קיינעם ניט אַרויסגערופענע, נאָר א נאַטירלעכע. לאַנדסלייט האָבן זיך גרופּירט אַרום לאַנדסלייט. פון איין זייט פּוילישע יידן, וועלכע מען האָט גערופן „די וואַרשעווער" אָדער די „בערד". „וואַרשעווער" האָבן זיי געהייסן — ווייל א רוסישער ייד קלייבט זיך ניט פאַנאַנדער אַזוי לייכט אין די נעמען פון פּויליש־יידישע שטעטלעך, און דעריבער איז געווען באַקוועמער צו באַצייכענען זיי אַלעמען אלס „וואַרשעווער". אויך היינט זענען נאָך דאָ יידן, וועלכע מען רופט מיט דעם ביינאָמען „וואַרשעווער", כאָטש זיי זענען סתם פון ערגעץ א שטעטל אין פּוילן און זיינען אין וואַרשע קיינמאָל ניט געווען. „בערד" האָבן זיי געהייסן — ווייל זיי האָבן נאָך געטראָגן יענע בעזים־בערד מיט וועלכע זיי זיינען געקומען פון דעם היים. דאָס אָפּהיטן פון זייערע בערד האָט געהאַט זיין שטאַרקן מאָטיוו. יעדער ייד, וואָס איז געקומען אהער, איז

געקומען מיטן געדאַנק צו מאַכן עטלעכע קערבלעך און אהיימפאָרן, כאָטש די ערשטע וועלט־מלחמה האָט א סך פון די פּלענער צונישט געמאַכט. און דעריבער איז געווען גערעכט יענער בערדלדיקער ייד, ווען ער האָט אויף דער פראַגע פון דעם שרייבער פון די שורות — צוליב וואָס ער דאַרף אַזאַ באָרד געענטפערט: „דו ווייסט דאָך, איך וועל באלד אהיימפאָרן, נו וואָס פאר א פּנים וועל איך האָבן, ווען איך וועל מיך ווייזן אין שטעטל אָן אַ באָרד!"

אויסער דעם האָבן זיך די פוילישע יידן אויסגעלעבט כמעט באַזונדער צוליב זייער אָפּהיטן כשרות און שבת. האָבנדיק זייער אייגענעם מנין, האָבן זיי זיך געהאַלטן ווי אָפּגעזונדערטע פון די רוסישע יידן. אָבער דאָס וויל ניט זאָגן, אַז די פוילישע יידן האָבן ניט אָנטיילגענומען אין אלגעמיינע, יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע פראגן. אין דעם ערשטן פאריין „תפארת ציון" און דערנאָך „אחי־עוזר", זיינען געווען פאַרטראָטן פוילישע יידן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די יידישע אימיגראציע קיין בראזיל האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט זיך די פאנאָראמע אינגאַנצן געביטן. דער נייער אימיגראַנט פון פוילן האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פּראַקטיק אין קולטור־געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט און אויך א ווילן אָנצווענדן זיינע פעאיקייטן אין דינסט פון דעם ישוב. אַזוי, אַז אין אַלע אינסטיטוציעס, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע, האָט דער נייער פוילישער אימיגראַנט פאַרנומען א בכבודיקן פּלאַץ.

צוליב די צוקונפטיקע דורות, צוליב דעם אמת און צוליבן כבוד פון אונדזער ישוב, וויל איך פעסטשטעלן, אַז אין משך פון די 36 יאָר, וואָס איך בין טעטיק אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס, בין איך נאָך קיין איין מאָל ניט בייגעווען א פאַל, אַז א ייד זאָל דיסקרימינירט ווערן צוליב זיין געבורטס־פּלאַץ. הגם פּרווון זיינען געמאַכט געוואָרן אָט דעם שאָוויניזם אריינצוברענגען, אָבער צום גליק זיינען די איניציאַטאָרן אויסגעשפּיגן געוואָרן.

אין 1924-25 האָבן זיך איניקע באַוווּסטע אָנגעהייבן ארומצוטראָגן מיטן געדאַנק צו טיילן דעם ישוב אין 2 פיינטלעכע לאַגערן, רוסישע און פוילישע. די טרויעריקע מיסיע האָט אויף זיך גענומען צווישן אַנדערע, איינער יאַקובאָוויטש, איצט אין פּאָרטאָ אַלעגרע, וועלכער שלעפּט זיך אויפן דראָנזשיק ביי די ציוניסטישע רעאַקציאָנערע עלעמענטן. דער אויסרייד איז געווען, אַז די פּויילישע יידן ווערן פאַרדאַמט און באַליידיקט דורך די אַנדערע יידן, דעריבער — האָבן זיי געהאַלטן — דאַרף מען גרינדן אָן אויסשליסלעך פוילישע אינסטיטוציע ווו מען זאָל זיך קענען אויסלעבן און נישט באַליידיקט ווערן. אַזאַ אינסטיטוציע האָט מען געגרינדעט אויף וויסקאָנדע איטאַונאַ 155, אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ. אָבער די אויפריכטיקע קולטור־טוער פון פאַריין האָבן שנעל די גיפט־מישער באַזייטיקט און דער י. ל. פּרץ־פאַריין האָט צוגעטראָגן צום ישוב פּרוכטבאַרע און גוטע קולטור־אַרבעט.

שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער „פּוילישער פאַרבאַנד” אלס לאַנדס־מאַנשאַפט־אינסטיטוציע מיט ברייטע אויפגאַבן.

דער „פאַרבאַנד” פונקט ווי א סך אַנדערע אינסטיטוציעס האָט אין זיין 25־יאָריקער עקזיסטענץ דורכגעמאַכט פאַרשידענע פּעריאָדן. איבערהויפּט די לעצטע יאָרן האָט ער זיך ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט און פירט א רייכע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין די רייען פון „איקוף”.

מיר פּרעטענדירן נישט צו שרייבן די געשיכטע פון די פּוילישע יידן אין בראַזיל, אָבער ווען זי וועט געשריבן ווערן, וועט קלאָר ווערן, אַז אין דעם שווערן געראַנגל פון פאַרמירן און בויען א יידישן ישוב אין בראַזיל, וועלכער זאָל פאַר־זעצן די בעסטע טראַדיציעס פון אונדזער פאָלק אין דעם נייעם לאַנד, האָבן פּוילישע יידן, פון זיין בראשית ביז היינט, צוגעטראָגן א זייער גרויסן בייטראָג מיט זייער ווילן, פאַרשטענדעניש און פּראַקטיק אין ענגער האַרמאָניע מיט יידן פון אַנדערע לענדער. און די אלע, וועלכע האָבן געזוכט צו שאַפן מחלוקת און דיסהאַרמאָניע אין ישוב, האָבן זיך ביטער אַנטוישט אין זייערע אספּיראַציעס.

# „פון דאָ און דאָרט״

אין בוענאָס איירעס איז דערשינען א בוך אונטערן טיטל „פון דאָ און דאָרט״, פון אינזשעניער ראובן זיגער. דער נאָמען פונעם מהבר איז אונדז, בראזיליאנער יידן, גוט באקאנט. ער האָט עטלעכע יאָר געלעבט צווישן אונדז און איז געווען א מיטארבעטער אין דעם „יידישן וואָכנבלאַט״, וואָס איז צו יענער צייט דערשינען אונטער דער רעדאקציע פון אהרן קויפמאן.

אין דעם „וואָכנבלאט״ האָט זיגער, מיט זיינע פעליעטאָנען, אונטערן קעפל „קולות און ווידערקולות״, רעאגירט אויף א זעלטן-ווירקזאמען אופן אויף דערשיינונגען אין אונדזער קולטור-געזעלשאפטלעכן לעבן. זיגער פארמאָגט א רייכע, פאָלקסטימלעכע שפראך, דורכגעוועבט מיט געזונטן הומאָר. ער באזיצט א טיפע יידישע קולטור — דאָס יידישע וויסן האָט ער אין זיך איינגעזאפט אין דער אלטער היים, אין וואָלין, און די וועלטלעכע קולטור — אין אמאָליקן דייטשלאנד. אדאנק דעם אלעמען, און אדאנק זיין נאטירלעכער חכמה, האָט זיך זיגערס פען פארוואנדלט אין א שארף געווער, פון וועלכן א סך מנהיגים, רעדלפירער און פאָלקס-אָפנארער האָבן קיין הנאה ניט געהאט.

געקומען איז זיגער קיין בראזיל גלייך אין די יידישע קאָלאָניעס פון ריאָ גראנדע דאָ סול, ווו ער האָט געדענקט זיך צו באזעצן. אָבער די טשינאָווניקעס פון דער „איקא״, וועלכע האָבן זיך איזדעקעוועט איבער די יידישע קאָלאָניסטן, האָבן גלייך דערפילט, אז דער נייער קאָלאָניסט איז ניט געקנאָטן פון דעם זעלבן טייג, ווי אלע אנדערע. ווייל זיגער האָט באלד דורך דער פרעסע אין בראַזיל און ארגענטינע אראָפגעריסן די מאסקע פון די „איקא״-ביוראָקראטן, דערציילנדיק אויף זיין שטייגער פון זייערע שיינע מעשים. ס'איז דעריבער „נאטירלעך״, אז אלע מיטלען זיינען אָנגעווענדעט געוואָרן, כדי פטור צו ווערן פון אים.

איך דערמאָן וועגן דעם, ווייל אלץ, וואָס זיגער האָט אָנגעשריבן אין בראַזיל, איז אריין אין זיין איצט דערשינענעם בוך — סיי די זאכן, וואָס ער האָט פארעפנטלעכט אונטער זיין אייגענעם נאָמען, סיי אונטער זיין פען-נאָמען „לייבעלע דרינגער״.

אין דעם בוך זיינען אויך אריין דערציילונגען און פעליעטאָנען פון דער אלטער היים, וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין דער ווארשעווער יידישער

פּרעסע, אָדער זיינען דערשינען אין דער בראזיליאנער יידישער פּרעסע און אין דער ארגענטינער פּראָגרעסיווער יידישער פּרעסע.

דאָס בוך שפּיגלט אָפּ דאָס יידישע לעבן און איבערהויפּט די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דעם יידן פון דער אלטער היים ביי זיין צופּאסן זיך צו די נייע אמעריקאנער לענדער — זיין דענקען, זיינע השגות און זיין אקטו־אירן אויפן געזעלשאפטלעכן געביט. זיגערס שרייבן שפּיגלט ניט בלויז אָפּ, נאָר עס צילט אויך צו טרעפן וועמען מען באדארף. און טרעפן טרעפט עס אין ציל.

אין זיין פאָרוואָרט שטעלט דער מחבר זיך אליין פאָר: „איר וועט פארשטיין, אז איך בין ניט פון דידאַזיקע הארציקע פארשווינדלעך, וועלכע הערן אויס יעדע קיילעכדיקע טפּשות און שאָקלען צו כיטרע לעקעשעוואטע מיטן קאָפּ". און טאקע צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געקאָנט שמייכלען צו יעדן טפּש, האָט ער זיך ניט געקאָנט לאנג האלטן אין קיין רעדאקציע.

זיין איצטיקן צושטאנד פון א רייכן סוחר האָט ער צו „פארדאנקען" די שטערונגען, וועלכע ער האָט געפונען אין דער פּרעסע. דאָס בוך איז ארויסגע־געבן געוואָרן אויף זיין אייגענעם חשבון און אזוי ארום האָט זיגער געקאָנט פאָרעפנטלעכן אלץ, וואָס ער האָט געשריבן.

דאָס בוך איז בלי־ספק א ווערטפולער בייטראָג צו דער יידישער ליטערא־טור און איבערהויפּט צו דער נייער ליטעראטור, וועלכע ווערט געשאפן אין אונד־זערע נייע היימען. דאָס בוך איז געשריבן אין א לייכטער שפּראך און שיינעם סטיל. יעדע דערציילונג איז בילדעריש, פול מיט הומאָר און סארקאזם און לייענט זיך גרינג און פארשטענדלעך.

הגם אין בוך זיינען אריין אייניקע פארעלטערטע זאכן, האָבן זיי אָבער די מעלה, וואָס זיי דערמאָנען אין א צייט און אין פּערזאָנען, וועלכע דער צוקונפ־טיקער היסטאָריקער וועט ניט קאָנען פארבייגיין.

„פון דאָ און דאָרט" וועט אָפּפרישן דעם זכרון פון א סך געזעלשאפטלע־כע און קולטור־טוער און וועט זיי דערמאָנען אָנגענעמע און אומאָנגענעמע מאָמענטן.

דער מחבר דריקט זיך אויס: „ווען איינער פון א שטאָט און צוויי פון א פאמיליע וועלן ביים בלעטערן דאָס בוך א קרעכץ טאָן, ווו איך האָב געוואָלט מ'זאָל קרעכצן, און א שמייכל טאָן דאָרט, ווו איך האָב טאקע געוואָלט מ'זאָל שמייכלען, וועל איך זיין צופרידן". דער יידישער לייענער, וועלכער וועט לייענען דאָס בוך, וועט מסכים זיין, אז ס'איז דאָ פון וואָס צו קרעכצן און צו שמייכלען.

און דאָ ליגט דער פארדינסט פון ראובן זיגער.

# אונדזערע קולטור־פּאָזיציעס

לייענענדיק מיט אויפמערקזאַמקייט די נאָרדאַמעריקאַנער יידישע פּראָגרע־סיווע פּרעסע, סיי פאַר דעם אַמעריקאַנישן „איקוף"־צוזאַמענפאָר און סיי די מערערע אָפּהאַנדלונגען וועגן די דעבאַטן און רעזאָלוציעס פונעם צוזאַמענפאָר, און פאַרגלייכנדיק זיי מיט די דעבאַטן און באַשלוסן פון אונדזער ערשטן יידישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין בראַזיל, קומט מען צום אויספיר, אַז ביידע צוזאַמענ־פאָרן זיינען כמעט אידענטיש.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַזוי זאָל דאָס זיין, ווייל אונדזערע צילן און צוועקן זיינען געמיינזאַמע און די זעלביקע: פאַרשפּרייטן און פאַרברייטערן אַלע קולטור־צווייגן צווישן די יידישע מאַסן; פאַרבינדן דעם קינסטלער מיט די מאַסן און צו־גרייטן די מאַסן, אַז זיי זאָלן אייפנעמען די קולטור־ווערטן, וואָס אונדזערע קינ־סטלער שאַפן.

און דאָך קאָנען מיר אַ סך לערנען פון די נאָרדאַמעריקאַנער איקוף־טוער, איבערהויפּט פון דער זעלבסט־קריטיק, וואָס די אָנגעזעענסטע שרייבער און קול־טור טוער האָבן אַרויסגעבראַכט אין זייערע אַרטיקלען וועגן די ניט אויסגעפירטע באַשלוסן פון זייער פריערדיקן צוזאַמענפאָר. דער אַלגעמיינער איינדרוק, וואָס די אַרטיקלען מאַכן, איז, אַז די רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר פון 1948, זיינען ניט דורכגעפירט געוואָרן אין דער פּראַקטיק. דערי־בער קומט מען צום צוזאַמענפאָר פון 1950 מיט אַ גרויסן קולטור־דעפיציט. אונדזער קולטור־צוזאַמענפאָר האָט אויך אָנגענומען רעזאָלוציעס איבער אַלע קולטור־פראַגן, וואָס דאַרפן באַקומען תיקון אין דער פּראַקטישער קולטור־אַרבעט. אין קעגנפאַל וועט אונדזער קולטור־לעבן אין בראַזיל דעגראַדירן.

עס שטעלט זיך אַלזאָ די דרינגענדע פראַגע: זיינען מיר בכוח אַלע רעזאָלו־ציעס, אָדער כאָטש אַ טייל פון זיי, אויסצופירן? מיר גלויבן אַז יאָ. אָבער נאָר דאַן ווען מיר וועלן זיין ניכטער און פּראַקטיש און ניט מיטגעריסן ווערן פון די, וואָס ווילן בויען אונדזער קולטור־לעבן ניט פונעם באָדן, נאָר פונעם דאַך. צום ביישפּיל:

— אונדזערע ביבליאָטעקן האָבן אַ גרויסן אויסוואַל פון ביכער, אָבער זיי מאַכן ווייניק מיטגלידער און נאָך ווייניקער שטענדיקע לייענער. דעריבער דאַרפן מיר קודם־כל אָנהייבן אַ קאַמפּיין פאַר מיטגלידער. אַרום דעם קאַמפּיין קאָן געפירט

װערן אַ גרויסע אויפקלערונגס־אַרבעט — װעגן דער ראָל, װאָס עס שפּילט דאָס בוך אין לעבן; װעגן די שרייבער, װעגן זייער לעבן און שאַפן, װעגן גוטע און שלעכטע ביכער — דאָס אַלץ, נאַטירלעך, מיטן כיוון צו דערנענטערן דעם לייענער צו דער פאַרגעשריטענער יידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור. דאָס דאַרף געטון װערן מיט אַ סדר, פּלאַנמעסיק, מיט דער הילף פון אונדזערע אייגענע כוחות איבערן גאַנצן לאַנד. אַזאַ אַרבעט װאָלט מיט זיך געבראַכט די געװונטשנסטע רעזולטאַטן.

מיר פאַרמאָגן אַ קליינע צאָל יידיש - בראַזיליאַנער װעלטלעכע שולן און נאָך װייניקער לערער. מיר באַדאַרפן טראַכטן װי אַזוי צו פאַרגרעסערן די נעץ פון שולן און צו באַזאָרגן זיי מיט לערער. דאָס איז אונדזער צענטראַלע אויפגאַבע און עס מוזן אָנגעװענדעט װערן אַלע אונדזערע כוחות. אָבער ביז װאַנען מיר װעלן באַקומען נייע לערער דאַרף דער עקזיסטירנדיקער לערער־פּערסאָנאַל ראַציאָנעל אויסגענוצט װערן. עס דאַרפן אָנגעפירט װערן אָװנט־קורסן, איבערהויפּט פאַר אונדזער דערװאַקסענער יוגנט, מיט אַ געהעריקן פּראָגראַם, װאָס זאָל פאַראינטערעסירן אונדזער יוגנט די קורסן צו באַזוכן, װייל איר אינטערעסירט די יידישע שפּראַך, געשיכטע און קולטור. אָנגייענדיק מיט די קורסן סיסטעמאַטיש, װאָלטן זיי געבראַכט אומגעהויערע פּאָזיטיװע רעזולטאַטן.

די לייען־קרייזן װעלן מיט דער צייט װערן אַ װיכטיקער קולטור־כוח. שוין היינט זיינען זיי אַ װיכטיקער קולטור־פאַקטאָר אין אונדזער לעבן, אָבער זייער אַנטװיקלונג קומט נאָר פאָר כמעט אין די צענטערן, דאָס אויך ניט אין אַלע. דעריבער מוז געלייגט װערן גרויס געװיכט, אַז די לייען־קרייזן זאָלן זיך פאַרמערן דאָרט, װו זיי זיינען פאַראַן און זאָלן געשאַפן װערן דאָרט, װו זיי זיינען דערװייל נאָך ניטאָ. און איבערהויפּט דאַרפן לייען־קרייזן געשאַפן װערן אין די קלענערע ישובים. דערצו זיינען ניט נויטיק קיין גרויסע געלט־מיטלען און אויך ניט קיין ספּעציעלע לעקטאָרן. די טוער פון די לייען־קרייזן אין די גרעסערע צענטערן דאַרפן זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די לייען־קרייזן פון די קלענערע ישובים און זיך טיילן מיט זייער פּראַקטיק און דערפאַרונגען. דאָס װאָלט אויסגעברייטערט אונדזער קולטור־פּעריפעריע.

עס װאָלט אויך נויטיק געװען צו רעדן װעגן די רעזאָלוציעס פון אַנדערע קולטור־צװייגן — װי דראַמקרייזן, כאָרן, אָרקעסטערס א. אז. װ. אָבער אין איין אַרטיקל איז ניט מעגלעך צו באַהאַנדלען אָט די אַלע פּראָבלעמען.

דערװייל איז נויטיק צו זען, װי אַזוי עס גייט צו די אַרבעט אין די צענטערן, װעלכע זיינען געװען פאַרטראָטן אויפן קולטור־צוזאַמענפאָר, אין משך פון די עטלעכע װאָכן, װאָס זיינען פאַריבער. לויט די נאָטיצן און קאָמוניקאַטן און די ידיעות, װאָס זיינען אָנגעקומען צום צענטראַל־קאָמיטעט פון יידישן קולטור־

פאַרבאַנד, ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָ און דאָרט האָט זיך דאָס אייז געבראָכן און קולטור-געזעלשאַפטלעכע טוער גרייטן זיך צו דער אַרבעט. דער צוזאַמענפאָר האָט ניט נאָר אָנגעצייכנט אַ פּראָגראַם פאַר אונדזער ווייטערדיקער אַרבעט, נאָר האָט אונדז אויך פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר דעם ווייטערדיקן פּראָגרעס פון אונדזער קולטור-לעבן. די צייט פון דיסקוסיעס און דעבאַטן אַרום אַ פּראָגראַם האָט דער צוזאַמענפאָר פאַרענדיקט. איצט איז געקומען די צייט, מיר זאָלן אויספילן אונדזערע פאַרפליכטונגען פאַרן יידישן ישוב אין בראַזיל, כדי מען זאָל שפּעטער אויך אונדז ניט שטעלן די באַרעכטיקטע פראַגע, ווי מ׳שטעלט אין נאָרד-אַמעריקע, — „פאַרוואָס זיינען די רעזאָלוציעס ניט אויסגעפירט געוואָרן?"

די יידישע געזעלשאַפטלעכע קולטור - טוער זיינען אלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער פאַראַנטוואָרטלעך, אַז די רעזאָלוציעס זאָלן ניט בלייבן קיין פּאַפּירענע, נאָר זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין בלוט און פלייש. אָט דאָס דאַרף זיין דער פּועל יוצא פון ערשטן יידישן קולטור-צוזאַמענפאָר אין בראַזיל.

אינעם איצטיקן מאָמענט, ווען די יידישע רעאַקציע וויל צעשטערן אַלץ, וואָס איז פּראָגרעסיוו, דאַרפן מיר פאַרשטאַרקן און צעמענטירן אונדזערע קולטור-אָרגאַניזאַציעס. אַזוי אַרום וועלן מיר קאָנען באַצאָלן אונדזער חוב, וואָס מיר האָבן זיך פאַרפליכטעט פאַרן יידישן ישוב אין בראַזיל.



דער ערשטער פלענום פון ייִדישן קולטור־פֿאַרבאַנד אין בראַזיל, דעם 14־טן אַפּריל, 1951



אהרן שענקער צווישן די דעלעגאטן צום ו־טן איקוף־צוזאמענפאָר. ר״אַ, אין די טעג פון 27, 28 און 29־טן יאנואר 1950.

# וועגן דעם ערשטן יידישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין בראַזיל

אָפּמאָל פלעגט אונדז אויסקומען צו הערן, ווי פאַרשידענע קלאָג־מוטערס און שוואַרץ־זעער זאָגן אָפּ דאָס לעבן דעם יידישן ישוב מיט דער טענה, אז דאָס בויען קולטור־לעבן דאָ אויפן אָרט איז אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט. די שווערע אַרבעט פון די, וואָס האָבן זיך ניט אונטערגעוואָרפן אָט דעם שעדלעכן פעסימיזם, און האָבן עקשנותדיק געזייט און געפלאַנצט, קערנדל נאָך קערנדל, אז פון דעם זאָל אויסוואַקסן אַ נאָרמאַלער ישוב מיט אַ שעפעריש קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן — אַזעלכע זיינען באַטראַכט געוואָרן, ווי פון פוסטע פאַנאַטיקער אין בעסטן פאַל, אָדער ווי פון ווילדע משוגעים אין ערגסטן פאַל.

די ציוניסטן, אַרויסגייענדיק פון זייער פאַלשן אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, אַז אין „חוץ לארץ" דאַרף מען בכלל ניט בויען קיין יידיש לעבן, האָבן אודאי מיט ביטול זיך באַצויגן צו די, וואָס זיינען פעסט און אַנטשלאָסן געגאַנגען אויפן וועג צו דערהויבן אונדזער יידישן ישוב צו אַ הויכער מדרגה, כדי ער זאָל מיט רעכט זיך קאָנען שטעלן אין די רייען פון די פּראָגרעסיווע יידישע ישובים אין דער וועלט.

מיט דער אנטשטייונג פון מדינת ישראל, האָבן די ציוניסטן מיט אַ ווילדער שנאה אָנגעהויבן זייער העצע קעגן יעדן קולטור־בנין, וואָס ווערט דאָ געבויט, זעענדיק אין דעם א שטערונג צו דער עקזיסטענץ פון דער יידישער מלוכה. זייער גוט באַלוינטע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט באַצאָלט מיט געלט פון די געזאַמלטע פאָנדן, אַרבעט אויף כלים, צו פאַרטומלען די מוחות פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. זיי ווילן אַלעמען איינרעדן, אז אונדזערע שולן, ביבליאָטעקן, טעאַטער זיינען אומנוצלעך און אַפילו שעדלעך. זיי פּרעדיקן, אז אין „גלות" דאַרף מען ניט בויען, נאַטירלעך דערציילן זיי ניט, אַז פאַר זיך בויען זיי גראָד יאָ אַפּאַרטאַמענט־הייזער און פּאַלאַצן.

די יידישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע קולטור־טוער, לערער און דערציער גייען גלייכגילטיק פאַרביי אָט די גוט־באַצאָלטע גיפט און גאַל־פּראָפּאַגאַנדע און זיינען טיף איבערגענומען מיטן גאַנצן ערנסט און אחריות, וואָס דער גורל האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

מיר מוזן אויך אַ דירעקטן אופן העלפן דעם אַרבעטנדיקן ישוב אין ישראל. די, וואָס בויען ישראל מיט מי און שווייס, דאַרפן קריגן די מאָראַלישע און מאַטעריעלע אונטערשטיצונג פונעם היגן יידישן ישוב. עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן אויסשטרעקן אונדזער ברודערלעכע האַנט צו די, וואָס קעמפן פאַר דער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דער יונגער מדינת ישראל און קעגן די אַמעריקאַנער־ענגלישע אימפּעריאַליסטישע רויב־פויגלען, וועלכע גרייטן זיך אונטערצוצינדן אַ נייע וועלט־שחיטה.

אַט די און נאָך אַנדערע פּראָבלעמען אין שייכות מיט אונדזערע פאָלקס־אינטערעסן האָבן אונדז באַוויזן, אַז מיר אַלע זאָלן זיך געמיינזאם פאַרשטענדיקן. קולטור־טוער פון גאַנצן לאַנד האָבן זיך געמוזט טרעפן, כדי געמיינזאם צו באַהאַנדלען אַלע וויכטיקע פּראָבלעמען פון אונדזער ישוב און פון אונדזער פאָלק. דאָס האָט נאָר געקאָנט געטאָן ווערן אויף אַ צוזאַמענפאָר, ווו אַקטיווע טוער פון אונדזערע ביבליאָטעקן, קלובן, שולעס, דראַמקרייזן פונעם גאַנצן לאַנד זאָלן באַריכטן וועגן זייערע דערגרייכונגען און וועגן די נויטן פון אַלע יידישע ישובים אין בראַזיל.

דאָס איז געווען דער צוועק פון ערשטן יידישן קולטור־צוזאַמענפאָר אין בראַזיל.

דער קולטור־צוזאַמענפאָר האָט דערוויזן, אַז די יידישע פאָלקס־מאַסן אין בראַזיל שלאָגן אָפּ מיט עקל די גיפטיקע גוט־באַצאָלטע, צעשטערערישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס עס פירט די תקיפישע ציוניסטישע רעאַקציע קעגן דעם אויפבוי פונעם היגן יידישן לעבן.

די פאַרשטייער פון די ווייטסטע ווינקעלעך פונעם לאַנד, און פון די סאַמע גרעסטע ישובים האָבן אַלע, ווי איינער, מיט דער גרעסטער אחריות, ארויסגעוויזן דעם פעסטן ווילן ווייטער צו בויען אונדזערע קולטור - געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס — צו פאַרגרעסערן אונדזערע ביבליאָטעקן און קלובן, צו פאַרברייטערן די נעץ פון די פאָלקס־שולן, צו בויען אַ לערער־סעמינאַר, צו עפענען גימנאַזיעס, און קורסן פאַר דערוואַקסענע, כדי צו באַקענען אונדזער יוגנט און דערוואַקסענע מיט די העראָישע בלעטער פון דער יידישער געשיכטע און מיט אונדזער קולטור, צו בויען אייגענע בנינים, אייגענע געביידעס פאַר אונדזער טעאַטער, צו שאַפן אַ היסטאָרישן ארכיוו און צונויפזאַמלען די מאַטעריאַלן, וואָס האָבן צו טון מיט דער פאַרמאַציע פונעם יידישן ישוב אין בראַזיל, צו שטיצן אונדזערע יונגע קינסטלער אויפן געביט פון מוזיק, מאַלעריי, סקולפּטור, א. אז. וו. צו באַקענען אונדזער, דאָ אויסגעוואַקסענע יוגנט, מיט דער יידישער שפּראַך און אין דער זעלבער צייט איבערצוזעצן אין פּאָרטוגעזיש די בעסטע ווערק פון אונדזער ליטעראַטור.

אָט די אַלע באַרירטע פּראַגן האָבן דערוויזן, אַז די יידן פון בראַזיל ווילן פאַר־בלייבן אַ ווירדיקע צווייג פון דעם פיל־טויזנט יאָריקן דעמב, וואָס רופט זיך יידיש פאָלק.

אונדזער יוגנט איז געקומען צום צוזאַמענפאַר מיט געהויבענע קעפּ, שטאָלץ מיט זייער יידישן שורש. מיט פאַרדרוס האָבן זיי צוריקגעשליידערט דעם בלבול, אַז זיי גייען צו אַסימילאַציע. זייער ריכטיק האָט זיך אויסגעדריקט אַ יוגנט־לעכער, „אז אויב האָבן אין אונדזערע יוגנט ־ אָרגאַניזאַציעס קורסן פאַר יידישער שפּראַך און געשיכטע, שפּילן יידיש טעאַטער, נעמען אָנטייל אין אַלע יידישע פּראָבלעמען קאָן אָנגערופן ווערן אסימילאַציע, טאָ זיינען מיר אַסימילאטאָרן...״

די טעזיסן פון די לערער צו שאַפן אַ שול ־ פּראָגראַם פאַר אַלע יידישע שולן אין בראַזיל איז פון גרויס וויכטיקייט. מ׳דאַרף צופּאַסן די שול און די לימודים צו די באַדערפעניש פון היגן יידישן קינד.

כאָטש דער ערשטער יידישער קולטור ־ צוזאַמענפאָר האָט באַהאַנדלט יידישע פראַגן, דאָך איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז מיר גרעניצן זיך ניט אָפּ, מיר איזאָלירן זיך ניט, פון די אינטערעסן פון דעם פאָלק, צווישן וועלכן מיר לעבן, נאָר פאַרקערט — דער ערשטער יידישער קולטור־צוזאַמענפאָר אין בראַזיל, האָט אָפּגעשלאָסן די עפּאָכע פון דער ערשטער איינוואַנדערונג, ווו אַלץ איז געטאָן געוואָרן אויף דערווייל, ווען מ׳איז נאָך ניט זיכער געווען, אַז דאָ שאַפן מיר אונדזער פּערמאַנענטע היים; דער ערשטער יידישער קולטור־צוזאמענפאָר האָט געעפנט אַ ניי בלעטל אין אונדזער לעבן. יאָ, דאָ איז אונדזער היים! דאָ איז די היים פון אונדזערע קינדער און אייניקלעך, דאָ דאַרפן מיר בויען אונדזער יידיש לעבן אויף פעסטע יסודות. אונדזער קולטור־ אַנטוויקלונג דאַרף גיין מיט אַ סדר, אונדזערע אינסטיטוציעס דאַרפן זיין אָנגעזאַפּט מיט יידישן גייסט. אונדזערע שולן דאַרפן ווערן אַ כבוד פאַר אונדז. אונדזער קינד דאַרף דערצויגן ווערן אין יידישן פאָלקס־גייסט, כדי דאָס קינד זאָל זיין פאַרבונדן מיט אַלץ, וואָס איז יידיש־פּראָגרעסיוו, און מיט אַלע ישובים אויף דער וועלט, ווו יידן לעבן.

מיט איין וואָרט — דער צוזאַמענפאָר האָט באַרעכטיקט זיין ציל און אָט די געשעעניש וועט פאַרבלייבן אין אונדזער געשיכטע ווי אַ מאָנומענט פאַר די, וואָס טראָגן אין זייער מוח און אין האַרצן דעם זאָרג פאַר אונדזער היינט און פאַר אונדזער ליכטיקן מאָרגן!

פעברואר 1950

# „איקוף"־טעטיקייטן אין בראַזיל ערב 3־טן לאנד־צוזאמענפאַר

דער וועג פונעם „איקוף" אין בראַזיל איז נישט קיין שטענדיקער בארג־ארויף. די סיבות זיינען אלעמאָל די זעלבע. דאָס פעלן פון פראָפעסיאָנעלע באַאמטע, וועלכע זאָלן קענען ווידמען זייער גאנצע ענערגיע און צייט דער באשטימטער אָרגאניזאציע, באַשווערט און פארלאנגזאמט די ארבעט.

אויב דער דאָזיקער מאָטיוו שטערט די אנטוויקלונג פון „איקוף" אין ריאָ, באַשווערט ער נאָך מער די ארבעט אויף דער פראָווינץ. די קלענערע ישובים וואַרטן שטענדיק אויף דער הילף פון די גרעסערע, בכדי דורכצופירן די ארבעט. דער פולער פראָגראַם פון די אָנגענומענע קולטור־געזעלשאפטלעכע אימפּרעזעס דורך די פּלענומס פון „איקוף", ווערט נישט שטענדיק און נישט אומעטום דורכגעפירט. מיר ווייסן די סיבות, אָבער נישט שטענדיק קאָן מען זיך העלפן. חברים, באַשעפטיקטע מיט די טעגלעכע הצטרכותן, קאָנען זיך פילמאָל נישט דערלויבן צו פאָרן אין אנדערע שטעט דורכצופירן קולטור־געזעלשאפטלעכע שליחותן. דעריבער איז קלאָר, אז דער „איקוף" איז נאָך נישט, וואָס ער דאַרף זיין. זיינע „טעמפּן" זיינען צו לאנגזאמע. דאָס איז א גרויסער מינוס אין אונדזער ארבעט, אָבער דער „איקוף" טוט אלץ אויפצוהייבן נאָך מער זיין טעטיקייט און אנטוויקלען זיינע דערגרייכונגען.

דאָך, ווען מיר בלעטערן דורך דעם סך־הכל פארן יאָר 1955, באקומט זיך, אז מיר האָבן פאקטיש דורכגעפירט א גוטע ארבעט. די צייט, אָבער, פאָדערט פון די פּראָגרעסיווע טוער א מער אינטענסיווע טעטיקייט, סיי אויפן קולטור־געביט, סיי אויפן געביט פון געזעלשאפטלעכער טעטיקייט און פּאָליטישער אויפקלערונג. די רעאקציע שווייגט נישט. זי באנוצט זיך מיט אלע מעטאָדן צו פארלוימדן און פארקריפּלען אלץ וואָס איז פּראָגרעסיוו. זי טרייבט איר פּאָליטיק אין דער ריכטונג פון פעלקער־האס און פארניכטונג. עס ווערט נאָך אָנגעהאלטן די „קאלטע מלחמה" און די „הייסע" מלחמה־געפאר איז נאָך נישט איבערגעמיטן. פאָדערט זיך דערפאר, צו שטיין אויף דער וואך, און צונישט מאכן אירע כוונות.




צווייטער איקוף צוזאמענפאָר. דערעפענונג
אין לאָקאל פון דער שלום־עליכם ביבליאָטעק



צווייטער צוזאמענפאָר פון „איקוף. דער
פרעזידיום פון דער שלוס־זיצונג. יוני, 1952

דער „איקוף" האָט לויט זיינע מעגלעכקייטן געהאָלפן אויפקלערן דורך וואָרט און טאַט די קאַרדינאַלסטע פּראָבלעמען פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן. דער „איקוף" האָט זיך דורך זיינס א דעלעגאַט, באַטייליקט אין דער אלוועלט־לעכער יידישער קאָנפערענץ קעגן דער ווידערבאַוואָפענונג פון דייטשלאַנד, וועל־כע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז. דער „איקוף" האָט פּאָפּולאַריזירט די אידייען פון דער קאָנפערענץ צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן אין בראַזיל.

די היסטעריע, וואָס די יידישע רעאַקציע האָט פאַרשפּרייט אומעטום, און אויך ביי אונדז, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאָליטישער און מיליטערישער סיטואַציע פון ישראל, האָט געפאָדערט א סיסטעמאַטישע אויפקלערונג. באַנוצנדיק זיך מיט זייער אַפּאַראַט פון פּרעסע, ראַדיאָ און שליחים, האָבן זיי אונדז געוואָלט אויסשטעלן ווי שונאים פון ישראל.

דער „איקוף" האָט רעאַגירט. בעת א גרויסער פאַרזאַמלונג פון קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, איז אָנגענומען געוואָרן א רעזאָלוציע, וועלכע האָט פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן קלאָר געמאַכט אונדזער באַציונג צו ישראל, ווי א מלוכה, און וועלכע האָט אויך אויפגעדעקט דעם פּרצוף פון די פריידיקער פון א „פּרעווענטיווער מלחמה", די משרתים פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם אויפן מיטעלן־מזרח.

בעת דעם נאַצי־אַנטיסעמיטישן אַרויסטריט אין סאַן פּאַולאָ, ווען היטלער־יורשים האָבן פאַרשפּרייט דאָס גיפטיקע פלוג־בלעטל „ייד, שונא נומער 1 פונעם לאַנד", האָט דער סאַנפּאַולער „איקוף" רעאַגירט אויף א ווירדיקן אופן. עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן א קאָמיטעט, וואָס האָט געפירט א ברייטע אויפקלע־רונגס־אַרבעט קעגנצווווירקן אָט דעם סם. מען האָט באַזוכט רעדאַקציעס, גע־רעדט מיט בראַזיליאַנער פּערזענלעכקייטן, אויפגעהויבן דעם פּראָבלעם אין דער מוניציפּאַלער קאַמער, אין דער עסטאַדואַלער געזעצגעבערישער פאַרזאַמלונג. קאָנסעקווענטמעסיק האָבן דעפּוטאַטן און ווערעאַדאָרן פּראָטעסטירט פון זייערע טריבונעס קעגן דער העסלעכער אַנטיסעמיטישער העצע, זשורנאַליסטן האָבן געשריבן אין די צייטונגען און אינטעלעקטואַלן האָבן געגעבן דערקלערונגען. דידאָזיקע אַקציע איז געקרוינט געוואָרן מיט א גרויסן עפנטלעכן מיטינג, צו וועלכן עס זיינען געקומען צוויי טויזנט מענטשן, און אויף וועלכן עס האָבן געהאַלטן שאַרפע פאַרדאַמונגס־רעדעס דער וויצע־פּרעפעקט פון סאַן פּאַולאָ, ה' טאָלעדאָ פּיזאַ, דער וויצע־גאָווערנאַדאָר, גען. פּאָרפירא דאַ פּאַז און א גרע־סערע ריי אַנדערע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן.

דער קולטור־פּראָגראַם פונעם „איקוף" פאַרן יאָר 1955, וועלכער איז אָנגע־נומען געוואָרן אויף דעם פּלענום אין בעלאָ האָריזאָנטע, איז כמעט ווי אויסגע־פירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. גרויסע גערטאָ־פייערונגען, 8 יאָר „אונדזער

שטימע" פייערונגען פון דער פראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל, פרץ־אקאדע־מיעס — אויסער די רעגלמעסיקע ארבעטן, וואָס ווערן אין יעדער שטאָט געפירט באזונדער, ווי פּאַרלעזונגען איבער קולטור־און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, קליינקונסט־אָוונטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, כאָר און אָרקעסטער־קאָנצערטן א. א. וו., — זיינען אומעטום דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. עס איז קיין צווייפל נישט, אז דער „איקוף" איז דער לעבעדיקסטער כוח אין אלע אונדזערע ישובים.

אויפן געביט פון באהילפיק זיין אונדזער שול־וועזן, האָט דער „איקוף" געשטעלט זיינע ערשטע טריט. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן, אין ריאָ דע זשאַ־ניירא, א לערער־קורס. יידישע מיידלעך, וועלכע האָבן געענדיקט, אָדער האַלטן אין ענדיקן, נאָרמאַלע בראַזיליאַנער הויכשולן פאר פּעדאגאָגיע, האָבן אין אן אינטענסיוון קורס דערגענצט זייער וויסן מיט יידישע לימודים, און אזוי ארום זיך צוגעגרייט צו ווערן יידיש־לערערנס אין אונדזערע שולן. בעת דעם ערשטן עקזאמען זיינען באוויזן געוואָרן זייערע דערגרייכטע קענטענישן אויפן געביט פון יידישער שפּראך, געשיכטע און ליטעראטור. עס איז צו דערוואַרטן אינקורצן דעם ערשטן „ארויסלאָז" פון בראַזיליאַנער־געבוירענע יידישע לערערנס, מיט וועלכע עס וועט טיילווייז געלייזט ווערן א וויכטיקער פּראָבלעם פון אונד־זערע פּראָגרעסיווע יידישע שולן אין בראַזיל.

אויפן געביט פון פארלאג־וועזן אין טאָקע דאָ ווייניק וואָס צו דערציילן. אָבער דער זעקסטער נומער „דער פוילישער ייד" (370 זייטן) האָט געהאט אן אָפּרוף ווייט אריבער די גרענעצן פון בראַזיל. דער ביולעטין צום 40־טן יוביליי פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק „שלום עליכם" שטעלט מיט זיך פאָר, אחוץ אלעמען, א וואָגיקן ביישטײַער צו דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין בראַזיל. און עס איז אויך ארויסגעגעבן געוואָרן דער „איקוף"־קאַלענדאר פארן יאָר 1956.

אויפן דאַזיקן געביט וועט דער „איקוף" געקאָנט אויפטאָן פיל מער. עס איז צו דערוואַרטן, אז מיט א פארשטאַרקטער טעטיקייט פון די שרייבער־קרייזן פון סאַן פּאַולאָ און ריאָ, וועט דערמעגלעכט ווערן די גרינדונג פון א פאקטישן פארלאג, וואָס זאָל, אויסער דעם „איקוף" זשורנאַל, ארויסגעבן די שאַפונגען פון יידישע שרייבער און דיכטער אין בראַזיל, ווי אויך איבערזעצונגען פון בראַזי־ליאַנער שריפטשטעלער.

ווי אן אויסלענדישן קולטור־גאַסט, האָט דער „איקוף" דאָס יאָר אויפגענו־מען דעם דיכטער שניאור וואַסערמאַן, וועלכער איז געקומען אין שליחות פונעם ארגענטינער „איקוף"־פארלאג דאָ צו פארשפרייטן זיינע אויסגאַבן. שניאור וואַסערמאַן איז אין פארשידענע שטעט ארויסגעטרעטן מיט ליטעראַרישע פאַר־לעזונגען. ער האָט געהאט גרויס דערפאָלג, סיי מיט זיינע פאַרלעזונגען, סיי

מיט דעם ביכער־פאַרקויף. לויידער, האָט שניאור וואַסערמאַן געמוזט איבעררייסן זיין טור איבער אונדזער לאַנד, צוליבן אומגליקלעכן צופאַל פונעם טויט פון זיין פרוי.

דער „איקוף" האָט אויך אויפגענומען די דעלעגאַציע פון די ניי־גראַדואירטע יידישע לערער און לערערנס פון אַרגענטינע, אונטער דער אָנפירונג פון דער ענערגישער פּעדאַגאָגן רבקה וואָלאַנסקי. דער אַרגענטינער „איקוף" האָט זיי פּרעמירט מיט אַ רייזע אין אונדזער לאַנד און דער בראַזיליאַנער „איקוף" האָט זיי דאָ אויפגענומען. עס איז געווען אַ חודש פון אינטענסיווער קולטור־טעטיקייט און פרייד. עס איז מיט זיי דורכגעפירט געוואָרן פאַרזאַמלונגען, שמועסן, ליטעראַרישע אַרויסטריטן, צוזאַמענטרעפן מיט יוגנט, שפּאַצירן א. א. וו. עס איז אַלץ געטאָן געוואָרן, צו מאַכן וואָס אינטערעסאַנטער און פריידיקער זייער ווײַלן צווישן אונדז. אַזאַ קולטור־קאָנטאַקט האַלטן מיר פאַר גאָר וויכטיק פאַר אונדזערע ביידע ישובים און עס איז נויטיק, אַז ער זאָל אויסגעברייטערט ווערן.

מיר האָבן אויך צו פאַרצייכענען אין פאַרלויף פון פאַרגאַנגענעם יאָר דעם חנוכת־הבית פונעם קולטור־הויז אין קוריטיבאַ, די גרינדונג פון אַ יידישער שול און פון אַ יידישן ראַדיאָ־פּראָגראַם אין דער זעלבער שטאָט, דאָס לייגן דעם גרונטשטיין פון אַ יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פּאַלאַץ אין בעלאָ האָ־ריזאָנטע, דעם חנוכת־הבית פון דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק „שלום עליכם" אין ריאָ דע זשאַנייראָ און אַ גאַנצע ריי אַנדערע דערגרייכונגען.

פון דעם אַלעמען איז צו זען, אַז דער „איקוף" האָט במשך דעם לעצטן יאָר געמאַכט וויכטיקע שריט פאָרויס. עס איז אָבער נאָך נישט גענוג. אונדזערע קולטור־אַספּיראַציעס זיינען נאָך נישט באַפרידיקט. לייגן מיר דעריבער גרויסע האָפענונגען אויף דעם פאָרשטייענדיקן, 3־טן צוזאַמענפאָר פון „איקוף", וועלכער וועט פאָרקומען קומענדיקן יוני, אין סאַן פּאולאָ. מיר זיינען זיכער צו קענען געפינען די מיטלען צו פאַרבעסערן און פאַרטיפערן די קולטור־געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט פונעם „איקוף" אין בראַזיל, מיט דער פּערספּעקטיוו צו פאַרנע־מען אַ בכבודיק אָרט צווישן אַלע איקוף־אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער.

# דערעפענונגס־וואָרט אויפן דריטן צוזאמענפאָר פון „איקוף״

חשובער פרעזידיום, חשובע דעלעגאטן און געסט.

מיט דעם פולסטן באוווסטזיין פון אחריות קומט היינט די צענטראלע פון „איקוף״ צו אייך, חברים ־פאָרשטייער פון יידישע פראָגרעסיווע אינסטיטוציעס פון בראזיל, אָפּצוגעבן דין־וחשבון פון איר ארבעט אין דער צייט צווישן דעם צווייטן לאנד־צוזאמענפאָר און דעם היינטיקן, דעם דריטן צוזאמענפאָר פון „איקוף״, ד. ה. פון די 4 יאָר, וועלכע טיילן אָפּ די ביידע קאָנגרעסן. אייער קריטיק וועט אונדז זאָגן, אויף וויפל אונדזער טעטיקייט האָט בארעכטיקט דעם כבוד און צוטרוי, וואָס דער לעצטער קאָנגרעס האָט אונדז געשאָנקען, אויסוויילנדיק אונדז אין זיין צענטראלער אָנפירונג.

קודם־כל זאָל מיר דערלויבט ווערן אייך אָנצוגעבן די מאָטיוון, פארוואָס אונדזער צוזאמענפאָר האָט פארשפּעטיקט אויף גאנצע 2 יאָר. וועלכע זיינען די סיבות וואָס האָבן גורם געווען אזא לאנגע פארשפּעטיקונג? מיר האלטן, אז א קאָנגרעס איז זייער א וויכטיקער און נייטיקער ענין. די באריכטן, דעבאטן, פאָרשלאָגן, רעזאָלוציעס זיינען ביז גאָר נוצלעך פאר אונדזער ווייטערדיקער ארבעט. עס איז אָבער נייטיק, אז זיי זאָלן צעטראָגן ווערן איבער אלע ישובים און דאָרטן זאָלן זיי פאר דעם ברייטן עולם אויסגעטייטשט און פארטייטשט ווערן, בכדי זייער אינהאלט און זין זאָל קלאָר ווערן. דאָס ווערט, נאטירלעך, געטאָן דורך די געהעריקע דעלעגאטן. די רעזולטאטן זיינען אָבער אומגעהויער גרעסער, ווען די ארבעט פון די חשובע דעלעגאטן ווערט באגלייט פון אן אלגעמיינער אויפקלערונג מצד א קאָמפּעטענטן קולטור־גאסט. דער גאסט מיט זיין געזעלשאפטלעכן פּרעסטיזש און קולטורעלן באגאזש, מיט זיין פראקטיק אין אן אנדער לאנד טראָגט זייער פיל צו, אז דאָס פּראָגרעסיווע וואָרט זאָל דערגרייכן דעם שיכט, וועלכער איז נאָך דערווייל ניט מיט אונדז. די פראקטיק האָט אונדז געלערנט, אז דער וועג איז א ריכטיקער. דאָס ביי־זיין פונעם שרייבער און קולטור־טוער אברהם ביק אויפן צווייטן צוזאמענפאָר פון „איקוף״ און דערנאָך זיין קולטור־רייזע איבער די ישובים פון בראזיל האָט אָן־שום צווייפל אונדז פיל געהאָלפן.

די צענטראַלע פון „איקוף״ האָט דעריבער געוואָלט, אַז אויך דער דריטער צוזאַמענפאָר זאָל האָבן אַ קולטור־גאַסט. כדי דאָס צו רעאַליזירן, האָבן מיר זיך געווענדעט קיין אַמעריקע. צום באַדויערן האָבן איניקע ניט געקענט אַרויס־פאָרן פון לאַנד, אַנדערע האָבן די פינאַנציעלע שוועריקייטן ניט דערמעגלעכט צו קומען אויך אַנדערע פּרווון זיינען געמאַכט געוואָרן אָן שום פּאָזיטיוון רעזולטאַט. צום סוף האָט זיך אונדז איינגעגעבן זיך צו פאַרשטענדיקן מיטן דר. סלאָוועס אין פראַנקרייך און ער האָט שוין באַדאַרפט אַרויספאָרן קיין בראַזיל, אָבער צוליב אַ שטרייק, וועלכער האָט אים פאַרהאַלטן אין דער שווייץ, איז פון דעם אויך גאָרניט געוואָרן. אונדזער לעצטער פאַרזוך אַראָפּצוברענגען דעם חשובן פּראָ־פעסאָר אייזנשטאַט פון ישראל איז אויך דורכגעפאַלן. דאָס, חברים, איז אין קורצן די מאָטיוון, וועלכע האָבן צוגעטראָגן, אַז אונדזער 3־טער צוזאַמענפאָר זאָל פאַרשפּעטיקן.

חברים, מיר האָבן אויף דעם פאָריקן צוזאַמענפאָר אָנגענומען גוטע רעזאָ־לוציעס, וועלכע וואָלטן, נאַטירלעך, באַדאַרפט דורכגעפירט ווערן אין דער פּראַקטיק. דאָס לעבן זעלבסט אין אונדזער ישוב רוקט אַרויס פּראָבלעמען, וועל־כע פאָדערן אַ לייזונג, און דער באַרופענער זיי צו לייזן וואָלט באַדאַרפט זיין נאַטירלעכערווייז דער „איקוף״. אָבער כדי ער זאָל דאָס זיין, וואָלט דער „איקוף״ באַדאַרפט זיין דאָס, וואָס מען פאָדערט פון אים, און ניט דאָס, וואָס מען גיט אים די מעגלעכקייט צו זיין.

די אָפּגעשטימטע רעזאָלוציע צו שטיין אין נאָענטן פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אַלע ישובים, אָריענטירן, שיקן רעפערענטן, באַזאָרגן מיט די נויטיקע מאַטעריאַלן איז ניט אויסגעפירט געוואָרן פולקאָם פון דער צענטראַלע, און מיר זייגען מודה, אַז די אַרבעט האָט פון דעם געליטן גאָר אַ סך. אָבער כדי דאָס אויסצופירן וואָלט דער „איקוף״ באַדאַרפט האָבן די געהעריקע עלעמענטן וועלכע זאָלן זיך קענען ווידמען אָט דער נאָבעלער אַרבעט רעגלמעסיק און סיסטעמאַ־טיש. דער „איקוף״ פאַרמאָגט דאָס ניט, זיין באַשטאַנד איז פון מענטשן. וועלכע דאַרפן זאָרגן פאַר זייער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ.

אָבער דאָך האָט די צענטראַלע עפּעס געטאָן אויף דעם געביט. כמעט אַלע ישובים זיינען באַזוכט געוואָרן, מיטן אויסנאַם פון פּאָרטאָ אַלעגרע. איניקע שטעט זיינען באַזוכט געוואָרן צו עטלעכע מאָל.

דאָס פּראָבלעם פון באַזאָרגן די דראַמקרייזן מיט אַ פּאַסיקן רעפּערטואַר און די כאָרן מיט מוזיקאַלישן מאַטעריאַל, און פאַר זיי באַזאָרגן דיריגענטן און רע־זשיסאָרן, האָט זיך דערווייל ניט געריירט פון אָרט. מיר, דאָ אין בראַזיל, האָבן ניט קיין מעגלעכקייט די פראַגן צו לייזן, און נאָך פיל ווענדונגען פון אונדזער „איקוף״, צו די חברים אין אַמעריקע און אַרגענטינע, האָבן מיר באַקומען בלויז צוזאָגן, אָבער מער ניט. דער ריאָ־ער דראַמקרייז האָט אויף אונדזער ווענדונג אי־בערגעשריבן פּיעסן און איינאַקטערס, וואָס ער פאַרמאָגט, און מיר האָבן צעשיקט

אין די שטעט. דער ריאַר דראמקרייז האָט אויך באזוכט די שטעט: גיטערוי, סאן פאולאָ, בעלאָ האריזאָנטע, באהיא. מיר ווייסן, אז דאָס איז ניט גענוג, אָבער, ליידער, איז מער ניט מעגלעך געווען.

די שול־פּראָבלעמען זיינען די סאמע וויטאלסטע אין זיי פאָדערן אונדזער גאנ־צע איינפמערקזאמקייט. עס איז דאָ א גרויסער ווילן ביי די עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין יידישע שולן. און זאָל דאָ קאָנסטאטירט ווערן, צו אונדזער גרויסער פרייד, אז גראָד ביי די יונגע עלטערן, וועלכע זיינען דאָ געבוירן און דערצויגן געוואָרן איז דער ווילן צו לערנען זייערע קינדער אין יידישע שולן א פעסטער. עס פאָדערט זיך צו עפענען נייע שולן, מען דארף באזאָרגן מיט לערער די אלטע ווי די נייע שולן, מען דארף זיי צושטעלן די פאסיקע לערן־ביכער און קינדער־ליטעראטור. אָבער ווו זאָל דער „איקוף" דאָס אלין נעמען? לערער קען מען אויך ניט אויסבילדן פון היינט אויף מאָרגן. דאָך איז א פרווו געמאכט געוואָרן פון ריאָר שטאָט־קאָמיטעט „איקוף", מיט דער קאָאָפּעראציע און פינאנציעלער שטיצע פון דער צענטראלע. און מיט פרייד זאָלן מיר דאָ זיך גראטולירן מיט די דער־גרייכטע גלענצנדע רעזולטאטן. אינגיכן וועלן אין אונדזערע שולן זיך באווייזן די ערשטע יונגע איבערגעגעבענע לערערקעס פון אונדזער אייגענעם לערער־קורס. זיי זיינען אונדזער שטאָלץ און אויך אונדזער האָפענונג.

חברים! פארלאג און פרעסע זיינען כמעט דער עיקר ביי די „איקוף"־אָרגאני־זאציעס אין אמעריקע און ארגענטינע. און ביי אונדז? בלויז א קליינער אָנפאנג. כדי עס זאָל קלאָר ווערן. מיט וויפל הוצאות דאָס איז פארבונדן, זאָל מיר דער־לויבט ווערן אייך צו מעלדן, אז דער בולעטין פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק „שלום־עליכם" פון 130 זייטן האָט געקאָסט 75 קאָנטעס. און דער לעצטער נומער „דער פוילישער ייד" קאָסט 175 קאָנטעס. פון דעם וועט איר פארשטיין, אז פארן „אי־קוף" קען אזא זאך ווי ארויסגעבן ביכער זיין בלויז א הייסער ווונטש. הוין איין נומער „פונקען", 3 קאלענדארן, דעם בולעטין פונעם „חודש פון יידישן בוך" האָבן מיר גאָרניט באוויזן ארויסצוגעבן. דער בולעטין פון דער ביבליאָטעק, „דער פוילישער ייד" זיינען ארויסגאבן פון אָנגעשלאָסענע אינסטיטוציעס.

די פראגע יוגנט איז זייער א קאָמפּליצירטע, און איך וואָלט געזאָגט א פּאראַ־דאָקסאלע. מיר זוכן די יוגנט צוצוציען צו אונדז, זי באהעפטן מיט דער יידישער שפראך און קולטור, ארויפלייגן אויף אירע פּלייצעס די אחריות פון אונדזער המשך; אויך זי פון איר זייט זוכט די דערנענטערונג, אויך זי זוכט ענגער זיך צו פארבינדן מיטן יידישן לעבן און גרופירט זיך ארום אונדזערע קולטור־געזעל־שאפטלעכע אָרגאניזאציעס; און דאָך איז נאָך דערווייל אלין פּליסיק, ניט סטאַ־ביל און ניט זיכער. עס איז ניט שייך צו זוכן ווער עס איז שולדיק; דער עיקר איז: זוכן און געפינען דעם ריכטיקן שליסל צו דער פּראָבלעם.

חברים דעלעגאטן! מיט דעם קליינעם שפּאציר, וואָס מיר האָבן געמאכט איבער די רעזאָלוציעס פון פּאריזן צוזאמענפאָר, האָבן מיר אבסאָלוט ניט אין

זינען צו פארלויפן דעם וועג פאר אייער בארעכטיקטער קריטיק, דאָס איז אויך ניט קיין באריכט, א פולן באריכט וועט אייך אָפּגעבן דער חבר סעקרעטאר. אונדזער ווילן איז, אז מיר זאָלן זיך אָפּגעבן א חשבון פון די שווערע אויפגאבן, וואָס עס שטעלט פאַר אונדז דער דריטער צוזאמענפאָר פון איקוף. אָבער ווי שווער די אויפגאבן זאָלן ניט זיין, זיינען זיי דאָך, לויט אונדזער מיינונג, דורכפירבאר. מיר האָבן אלע מעגלעכקייטן דאָס צו רעאליזירן. נאָר צו דעם פאָדערט זיך פון די פראָגרעסיווע אקטיוויסטן א מער טיפערע פארשטענדעניש פארן „איקוף", פאר זיינע צילן און מעגלעכקייטן.

חברים, מיר וועלן אָנרירן אן ענין, וועגן וועלכן קיין רעזאָלוציעס זיינען ניט אָנגענומען געוואָרן, נאָר דאָס לעבן אליין האָט ארויסגערוקט: דאָס איז דער ענין וועגן שאפן א געזעלשאפטלעכן אָרגאן, וואָס זאָל פאראייניקן דעם ישוב ארום די ברענענדיקסטע פראגן פון יידישן לעבן. אונדזער מי צו שאפן אן אייניקייט צווישן די יידישע פאָלקס-מאסן ווערט געשטערט מצד דער יידישער רעאקציע. די פעדעראציע, קאָנפעדעראציע און די אוניפיקאדע מיט אלע אירע צווייגן פירן א גרויל - פראָפּאגאנדע קעגן אלץ, וואָס איז פראָגרעסיוו, און קעגן אלץ, וואָס שטעלט זיך קעגן זייערע תקיפישע אַמביציעס. זיי פארמאָגן א מעכטיקן אפּאראט: צייטונגען, זשורנאלן, ראדיאָס, א שטאב פון פראָפעסיאָנעלע, גוטבאצאָלטע משרתים, א ריזיקע פינאנציעלע באזע און דאָס אלץ איז אין פולן גאנג אונדז צו דיסקרעדיטירן און צו באאיינפלוסן דעם פשוטן ייד קעגן אונדז. די מחיצה ווערט אַלץ מאָל גרעסער. יעדער פון אייך ווייסט דאָס פון זיין שטאָט. און וואָס פאר א וואָפן שטעלן מיר אנטקעגן? בלויז איין צייטונג. איז דאָס גענוג? ניין, חברים, אונדזער קאָנגרעס וועט מוזן זיך ערנסט פארטראכטן וועגן דעם. מיר מוזן אונדזער אָנפירנדיקן אָרגאן געבן די מיטלען, מיט וועלכע ער זאָל קענען מיט דערפאָלג אָפּעררירן קעגן דער רעאקציע. אונדזער אָנפירנדיקער אָרגאן דאָס איז דער צענטראל-קאָמיטעט פון „איקוף".

דער 3-טער צוזאמענפאָר וועט אויך מוזן געבן אן ענטפער אויף א ריי אנדערע פראגן. צווישן זיי אונדזער שטעלונג צו ישראל און ישראל-פראָבלעמען. דער ענטפער דארף זיין א קלאָרער און פארשטענדלעכער פארן פאָלקס-ייד, כדי פארשידענע פאָליטישע שווינדלערס זאָלן אויפהערן צו ספעקולירן מיט דעם יידישן פאָלקס-סענטימענט אויף אונדזער חשבון. מיר דארפן אויך לאָזן הערן אונדזער וואָרט וועגן דעם פיין און ווייטאָג, וואָס מאטערט אונדז צוליב דעם אומקום פון די יידישע שרייבער און קולטור-טוער אין ראטנפארבאנד, ווו א באנדע פארברעכער האָט פארניכטעט די יידישע קולטור און אירע שעפער, און אויך געשענדעט דעם סאָציאליסטישן אידעאל. דער „איקוף" אין בראזיל טרויערט נאָך דעם גרויסן נאציאָנאלן פארלוסט — דעם אומקום פון די יידישע שרייבער אין ראטנפארבאנד און וויל פאראייביקן, זייער ליכטיקן אָנדענק. מיר זיינען צוגעטראָ־

טן ארויסצוגעבן א בוך פון די בעסטע שאפונגען פון די אומגעקומענע שרייבער און דיכטער. דאָס בוך וועט די טעג ארײַן אין דרוק. מיר פארמאָגן די מעלה, וואָס מיר קענען עפנטלעך אָנערקענען אונדזערע בלויזן און פעלערן, און קעגנזאץ צו די „לייטישע באלעבאטים", וועלכע באהאלטן זיי, אז קיינער זאָל פון זיי ניט וויסן. מיר באהאלטן אָבער אויך ניט אונדזערע דערגרייכונגען. פון דעם 2-טן קאָנגרעס ביז היינטיקן טאָג האָבן מיר א סך דערגרייכט, אמת, ניט אזוי פיל, וויפל מיר האָבן געוואָלט. אין ריאָ האָבן מיר דערגרייכט אן אייגענע געביידע פאר דער ביבליאָטעק „שלום עליכם", אן אייגענע געביידע פארן אינסטיטוט פאר קולטור און דערציונג, ביי וועמען עס עקזיסטירט א שול אויפן נאָמען פון אליעזר שטיינבארג און אנדערע קולטור-צווייגן, מיר האָבן געקויפט א גרויסע געביידע מיט א ריזיקן פלאַץ פאר דער שול „שלום עליכם". אין סאָן פאולאָ, האָט זיך די שול „שלום עליכם" איבערגעצויגן אין איר אייגענע היים — אין פאָלקס-הויז, וואָס איז א פרעכטיקער קולטור-פּאַלאַץ. אין קוריטיבא געפינען זיך שוין די איקוף-אינסטיטוציעס אין אן אייגענער געביידע. אייגענע בנינים פאר די איקוף-אינסטיטוציעס ווערן געבויט אין בעלאָ האָריזאָנטע און פּאָרטאָ אלעגרע. חברים, עס איז ניט קיין צופאל וואָס דער 3-טער צוזאמענפאָר קומט פאָר אין סאָן פאולאָ. אויפן 2-טן צוזאמענפאָר האָבן די סאָנפאולער חברים אויסגעדריקט זייער ווונטש, אז דער 3-טער קאָנגרעס זאָל פאָרקומען אין „פאָלקס-הויז", וואָס איז נאָך דעמאָלט געשטאנען אין די רושטאָוואניעס, נאָר איין גאָט און די סאָן פאולער חברים האָבן געוווּסט וויפל מי, וויפל ארבעט, וויפל קרבנות און מסירת-נפש עס פאָדערט זיך, אז זייער פאָרשלאָג זאָל רעאליזירט ווערן. און זיי האָבן געזיגט. באהאָפנט מיט נאציאָנאל-קולטורעלן באוווּסטזיין האָבן זיי מנצח געווען אלע שוועריקייטן. דאָס „פאָלקס-הויז" איז ניט בלויז א קולטור-פּאַלאַץ, נאָר אויך א מאָנומענט פון העראָיזם און געזעלשאפטלעכער אחריות. דאָס „פאָלקס-הויז" איז דער שטאָלץ פון אלע פּראָגרעסיווע יידן אין בראזיל. עס איז א ביישפיל, וואָס שמייסט אלע פּלעגמאַטיקער, סקעפּטיקער און פעסימיסטן, וואָס גלויבן ניט אין דער צוקונפט פון אונדזער קולטור! דער „איקוף" איז שטאָלץ, וואָס זיין 3-טער קאָנגרעס קומט פאָר ניט אין א געדונגענעם לאָקאל, נאָר אונטער א דאך, וועמענס באלעבאטים זיינען דורכגעדרונגען מיט די זעלבע פּראָגרעסיווע אידייען און איקופישע צילן און פּרינציפּן ווי מיר. מיר אלע, פארזאמלטע איקוף-טוער, גיבן זיי אָפּ א יישר כוח און דריקן זיי אוים אונדזער טיפסטע אָנערקענונג.

חשובע דעלעגאטן! אונדזער צוזאמענפאָר פאָדערט פון אונדז שווערע טעג פון ארבעט, פון זוכן און פאָרשן, פון מעסטן און וועגן, אָבער מיר זיינען זיכער, אז יעדער פון אונדז וויל, אז דער 3-טער איקוף-צוזאמענפאָר זאָל זיין דערפאָלג-רייך, אז זיינע רעזולטאטן זאָלן זיין פרוכטבארע פאר דער יידישער וועלטלעכער קולטור.

איצט וויל איך אייך אלעמען באגריסן אין נאָמען פון צענטראל־קאָמיטעט פון „איקוף״. געסט, דעלעגאטן, חברים און פריינט, נעמט צו אונדזער פשוטן יידישן שלום עליכם, און דערמיט דערקלער איך דעם 3־טן קאָנגרעס פון יידיש־בראזיליאנער קולטור־פארבאנד „איקוף״ פאר דערעפנט.

זאָל לעבן די יידישע קולטור!
לעבן זאָל מדינת ישראל!
לעבן זאָל בראזיל!

# דער איקוף־פאַרלאַג אין נאָרד־אמעריקע *)

דאָס גוטע יידישע בוך האָט תמיד באַדאַרפט האָבן א געזעלשאַפטלעכע באַזע אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. עקזיסטירן זעלבשטענדיק אין היינטיקער מערקאַנטיליזירטער געזעלשאַפט איז פאר אים געווען אוממעגלעך, ווייל ס'איז פאַרבונדן מיט גרויסע געלט־אויסגאַבן, און אויב דער ארויסגעבער איז געווען א פריוואַטע פערזאָן, האָט ער זיך גערעכנט מיט דער פּראַקטישער זייט: „צי ס'לוינט זיך”, צי די סחורה וועט אים געבן רווח, און ווען נאָך אלע חשבונות מיטן געשמאַק פון קאָנסומענט און מיט זיינע מעגלעכקייטן האָט דער סוחר אונדז אונטערגעטראָגן א בוך, איז עס ניט געווען דאָס, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט האָבן.

אויב אָבער א געזעלשאַפט האָט אונטערגענומען ארויסצוגעבן א בוך, דאַן איז די לאַגע געווען אַנדערש. דאָס בוך זעלבסט האָט טאַקע באַפרידיקט, אָבער די געלט־מיטלען האָבן באַדאַרפט שאַפן פריינט און פאַרערער פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, ווייל דאָס בוך האָט ניט באַרעכטיקט פון קאָמערציעלן שטאַנדפּונקט זיינע הוצאות.

פאַר פּראָגרעסיווע קולטור־טוער און שרייבער איז שטענדיק געשטאַנען דאָס פּראָבלעם: ווי אזוי גיט מען אַרויס א בוך, וואָס זאָל באַפרידיקן דעם לייענער, זיין נוצלעך פאר זיין גייסטיקער און אידייאישער אַנטוויקלונג און זיין א וואָגיקער־ביי־טראָג פאר אונדזער ליטעראַטור. א פּריוואַטער פאַרלעגער, וואָס זאָל נאָכקומען אָט די אלע אומבאַדינגט־נויטיקע פאָדערונגען, איז ניט געווען בנמצא און קיין מעצענאַטן זיינען אויך ניטאָ. עס האָט עקזיסטירט די געפאַר, אז אזעלכע ביכער וועלן ניט קענען דערשיינען און וועלן פאַרבלייבן אין מאַנוסקריפּט אין די שופלאָדן פון זייערע מחברים.

אָט די טרויעריקע ווירקלעכקייט האָט גורם געווען, אז דער ענין זאָל פיגורירן אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון „איקוף” אין פּאַריז אין יאָר 1937, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אז אלע קולטור־פאַר־

---

*) פון „ביולעטין געווידמעט דעם חודש פון יידישן בוך"

באַנדן אין אַלע לענדער זאָלן לייגן דעם גרעסטן אַכט אויף דעם פאַרלאַג-פּראָ-בלעם. די יידישע פאָלקס-מאַסן, פאַן ווען דאָס בוך איז נויטיק און וויכטיק, דאַרפן שאַפן די נויטיקע מאַטעריעלע מיטלען אויף אַרויסצוגעבן די ביכער און זיין זייערע פאַרשפּרייטער. אָט דער קאָלעקטיווער באַלעבאָס האָט באַדאַרפט עפענען יעדער יידישער טיר, אַז דער חשובער גאַסט, דאָס יידישע בוך, זאָל דאָרט אַריינקומען. און אַזוי, און נאָר אַזוי, וועט אונדזער ליטעראַטור וואַקסן און די יידישע שרייבער וועלן קענען שאַפן און פּראָדוצירן לטובת אונדזער פאָלק.

נאָך דעם איקוף-קאָנגרעס אין פּאַריז, האָט די רעזאָלוציע וועגן פאַרלאַג-וועזן אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען. אין אַלע גרעסערע ישובים, ווי אַמעריקע, אַרגענטינע, פראַנקרייך זיינען געגרינדעט געוואָרן „איקוף-פאַרלאַגן״, וועלכע האָבן גלייך אָנגעהויבן פונקציאָנירן. באַטראַכטנדיק די דערגרייכונגען פון דעם גרעסטן פון זיי, פון אַמעריקאַנער, קען מען שוין זען, וויפל די רעזאָלוציע איז געווען באַרעכטיקט און נויטווענדיק. אין די איבער 15 יאָר טעטיקייט האָט דער „איקוף״ אין אַמעריקע אַרויסגעגעבן אַ גרויסע צאָל ביכער אויף אַלע געביטן: לידער, פּאָעמען, דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמעס, קריטיק, אויטאָביאָגראַפיע, וועלכע האָבן באַרייכערט אונדזערע ביבליאָטעקן. מען דאַרף נאָר דורכבלעטערן דעם קאַטאַלאָג פון אַמעריקאַנער „איקוף-פאַרלאַג״, בכדי זיך צו איבערצייגן אין זיין גרויסן קולטור-ביישטייער, מיט וועלכן ניט נאָר „איקוף״-טוער פון אַמעריקע שטאָלצירן, נאָר מיר אַלע, וועמען דאָס יידישע בוך איז ליב און טייער, זיינען איבערגעפולט מיט פרייד. צענדליקער און צענדליקער נעמען פון עלטערע און יונגע שרייבער פיגורירן מיט זייערע שאַפונגען, וואָס וואָלטן אפשר די ליכטיקע וועלט ניט געזען, ווען ניט דער איקוף-פאַרלאַג.

דער אַמעריקאַנער איקוף-פאַרלאַג גיט אויך אַרויס דעם חודש-זשורנאַל „יידישע קולטור״, וואָס שטעלט צו יעדן מאָנאַט אַ שלל פון ליטעראַרישע אַרבעטן: פּאָעמען, עסייען, בעלעטריסטיק, קריטיק. דאָס בעסטע געפינט זיין אויסדרוק אויף די זייטן פון דער „יידישע קולטור״. דער איקוף-פאַרלאַג אין אַמעריקע ליידט פון דעם אייביקן ראַנגלען זיך מיטן מאַנגל אין געלט-מיטלען. ווען ניט דאָס, וואָלט געקענט דערשיינען אַ פיל גרעסערע צאָל נייע ביכער און עס וואָלטן איבערגעדרוקט געוואָרן אַלטע, וואָס זיינען שוין ניט בנמצא.

דער איקוף-פאַרלאַג האָט גלייך ביי זיינע ערשטע שריט אָנגעטראָפן שוועריקייטן. אייניקע פון די גרינדער און שעפער פון איקוף האָבן זיך דערשראָקן פאַר זייער אייגענעם שאָטן און אַריבערגעלאָפן אין לאַגער פון שונא. די גאַנצע צייט ווערט די אַרבעט פון איקוף-פאַרלאַג פאַרפאָלגט דורך דער געלער פּרעסע. מען שרעקט דעם עולם מיט אַלערליי פּורעניות. יעדעס נייע בוך ווערט פאַרשוויגן.

דער מאַק־אַרטיזם האָט נאָך מער פאַרשווערט די אַרבעט מיט דעם ווילן אָנצוטאָן א „נאָמאַרדניק" אויף יעדן מויל. דאָך, ניט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, אויף דער העצע און פאניק, האָט דער איקוף־פאַרלאַג אין אמעריקע דערגרייכט ארויסצוגעבן 140 ביכער מיט א טיראַזש פון א האַלבן מיליאָן עקזעמפּליאַרן.

ס'איז פאַרשטענדלעך, אז בלויז אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס שטיצט זיך אויף די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן קען דערגרייכן אזעלכע ווונדערבאַרע רעזולטאַטן. אין ריכטיק דריקט זיך אויס נחמן מייזל אין זיין אַרטיקל „די מאָביליזאַציע פאר ווייטערדיקע פאַרמעסטן": „גוט און ווויל איז אונדז, וואָס מיר האָבן די טרייע יידישע פאָלקס־מאַסן. עס איז גוט צו ווירקן אויף זיי, און ס'איז גוט צו ווערן באַווירקט פון זיי".

אין די 15 יאָר „יידישע קולטור", וואָס יעדער יאָרגאַנג איז א קאָלאָסאַלער ביישטייער צו דער יידישער ליטעראַטור, האָבן זיך באַטייליקט 200 דיכטער, 120 דערציילער, 400 פּובליציסטן, 100 מאָלער און סקולפּטאָרן. עס זיינען דערשינען 150 נומערן מיט 10 טויזנט זייטן אין א טיראַזש פון 750 טויזנט קאָפּיעס. דאָס זיינען די פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פון איקוף־פאַרלאַג אין אַמעריקע.

דער איקוף־פאַרלאַג וועט איצט צושטעלן דער יידישער ליטעראַרישער וועלט א נייע אומגעהויערע גרויס ווערק, דאָס איז די אַנטאָלאָגיע „אמעריקע אין יידישן ליד", וואָס וועט אָפּשפּיגלען 300 יאָר יידיש לעבן און שאַפונג אין אַמעריקע.

S.O.C.I.B.

CURITIBA-PARANÁ

# Sociedade Cultural Israelita Brasileira do Paraná

# SÓCIO HONORARIO

Titulo de sócio honorário que concede a Sociedade Cultural Israelita Brasileira do Paraná, ao senhor ARON SCHENKER, cujo entusiasmo forjou o movimento que culminou na fundação da «S.O.C.I.B.»

Aprovado unanimamente em reunião de 24-5-56.

| | |
|---|---|
| PRESIDENTE | VICE PRESIDENTE |
| 1º SECRETÁRIO | 2º SECRETÁRIO |
| 1º TESOUREIRO | 2º TESOUREIRO |
| D. CULTURAL | D. SOCIAL |

דיפלאָם פון ערן־מיטגליד, מיט וואָס די „יידישע־בראַזיליאַנער קולטור־געזעלשאַפט פון פּאַראַנאַ" (ס.אָ.ס.י.ב.)
האָט באַשאָנקען אהרן שענקער אין מאַי 1956, בעת זיין באַזוך אין דער שליחות פון „איקוף" איבערן לאַנד.



בײַ די אין קוריטיבאַ:
אויבן: אין קינדערגאָרטן
אונטן: אויפן פּלי פּלאַץ

# דער קולטור־מצב פון די יידישע ישובים אין בראַזיל

דער ערשטער קולטור־קאָנגרעס איז פאָרגעקומען שוין אביסל פארשפעטיקט. די אָנגעוואָקסענע קולטור־פּראָבלעמען האָבן געפאָדערט א לייזונג און עס האָט געמוזט קלאָר ווערן, ווער עס וועט זיי לייזן און ווי אזוי זיי וועלן געלייזט ווערן. דער אויסוועג איז געווען, א צוזאמענקום פון אלע אונדזערע פּראָגרעסיווע שאפנ־דיקע כוחות פונעם גאנצן לאנד, א צוזאמענקום וואָס זאָל לייזן אלע אונדזערע קולטור־פּראָבלעמען, אויב ניט אינגאנצן איז כאָטש טיילווייז.

דער ערשטער פּראָבלעם איז געווען קאָאָרדינירן די קולטור־געזעלשאפטלע־כע אקציעס, קולטור־אונטערנעמונגען און יום־טובים האָבן געדארפט טראָגן אן אנאלאָגישן כאראקטער אומעטום און ניט ווי פריער, א כאאָטיש־ספּאָנטאנעם. דאָס קולטורעלע לעבן פון אונדזערע ישובים האָט געמוזט רעאָרגאניזירט ווערן אויף א יסוד פון מער פּלאנמעסיקייט און סדר, אזוי, אז אונדזערע אָרטיקע קולטור־כוחות זאָלן קאָנען אויסגענוצט ווערן אויף א מער ראציאָנעלן אופן.

ספּעציעל פאר קולטור־געסט און שליחים פון אויסלאנד האָט געמוזט גע־שאפן ווערן די אינסטאנץ, וואָס זאָל זייערע טורן אָרגאניזירן און קאָנטראָלירן, כדי זייער אקטואציע צווישן אונדז זאָל אונדז געבן דעם מאקסימום מאטעריעלן און גייסטיק־קולטורעלן דערפאָלג...

אין דעם פּרט קאָן מען זאָגן, אז די צענטראלע פונעם יידישן קולטור־פאר־באנד פון בראַזיל, וועלכע איז געשאפן געוואָרן אויף אונדזער 1־טן קולטור־קאָנ־גרעס, האָט שוין צו פארצייכענען פּאָזיטיווע דערגרייכונגען. קולטור־אונטערנע־מונגען, וואָס ווערן דורכגעפירט אין צענטער, ווערן אויך דורכגעפירט איבערן גאנצן לאנד. געסט ווערן באגעגנט פון אָרגאניזירטע קאָמיטעטן, וואָס גרייטן צו ווי געהעריק זייער אקטואציע. קלענערע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן טאָרמאָ־זירט אונדזער אַרבעט, זיינען באזייטיקט געוואָרן. דער קולטור־פאַרבאַנד קאָן פּינקטלעך אָנווייזן ווען, וואָס און ווי אזוי יעדע זאך דארף געטאָן ווערן.

פאר אויסלענדישע קולטור־אָרגאניזאציעס איז דער קולטור־פארבאנד גע־

יאָרן דער אדרעס און די אויטאָריטעט, מיט וועמען זיי דאַרפֿן פֿאַרהאַנדלען די געמיינזאַמע קולטור־פּראָבלעמען פֿון אונדזער ישובים.

דאָס זענען זיכער פֿאַרדינסטן פֿונעם קולטור־פֿאַרבאַנד און זיי אַליין באַרעכטיקן שוין זיין עקזיסטענץ. און דאָס גיט דעם קולטור־פֿאַרבאַנד רעכט צו מאָנען אין פֿאָדערן פֿון אַלע יידישע ישובים איבערן לאַנד, זיך ענגער צו פֿאַרבינדן מיט דער צענטראַלע, אַרויסהעלפֿן איר, כדי אונדזער יידיש קולטור־לעבן אין בראַזיל זאָל ניט בלייבן הינטערשטעליק לגבי אַנדערע יידישע צענטערן און זאָל זיין אַ ווירקלעכער באַשטאַנד־טייל צווישן די קולטור־כוחות, אין וועמענס הענט עס ליגט דער גורל פֿון אונדזער פֿאָלקס־קולטור און דערציונג.

דער יידישער קולטור־פֿאַרבאַנד דאַרף אָבער אויך האָבן דעם מוט און דערקלערן, אַז די צענטראַלע פּראָבלעמען פֿון זיין פּראָגראַם זענען ניט נאָר נאָך ניט געלייזט געוואָרן, נאָר מען האָט נאָך כמעט גאָרניט געטאָן זיי צו לייזן. אַזוי שטייען ווינטיקע, עיקרדיקע פּראָבלעמען, ווי: יוגנט, שולן, טעאַטער, פֿאַרלאַג, פּרעסע, א.א.וו.

טייל וועלן זאָגן, אַז די פּראָבלעמען זיינען ניט געלייזט געוואָרן דערפֿאַר, ווייל דער יידישער קולטור־פֿאַרבאַנד קאָן ניט לייזן אַזעלכע שווערע פּראָבלעמען. אַנדערע וועלן זאָגן, אַז צו לייזן די פּראָבלעמען דאַרף מען האָבן פֿעסטע קולטור־כוחות און אונדזער קולטור־פֿאַרבאַנד פֿאַרמאָגט זיי לײדער ניט. און מיר ווילן זאָגן, אַז הגם אין ביידע מיינונגען איז פֿאַראַן אַ טייל אמת׳ן, זענען זיי אָבער ביידע ניט די סיבה, פֿאַרוואָס די אַרבעט איז אַזוי ווייניק געגאַנגען פֿאָרויס.

מען קאָן אויסרעכענען אַ לאַנגן צעטל פֿון קולטור־אונטערנעמונגען, וואָס זיינען דורכגעפֿירט געוואָרן דורכן קולטור־פֿאַרבאַנד, ווי: יאָרצייטן פֿון שרייבער, היסטאָרישע דאַטעס, געטאָ־אויפֿשטאַנד־אָוונטן, פֿייערונגען פֿון מדינת ישראל, טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען, קליינקונסט־אָוונטן, פֿאָרלעזונגען, רעפֿעראַטן, חודש פֿון יידישן בוך, אויפֿקלערונגען וועגן דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער סיטואַציע פֿון יידן איבער דער וועלט, הילפֿס־אַרבעט, אויפֿבוי פֿון אייגענע קולטור־בנינים א.א.וו. די גאַנצע, ביז איצט דורכגעפֿירטע, אַרבעט באַווייזט, אַז דער קולטור־פֿאַרבאַנד פֿאַרמאָגט כוחות, וואָס אויב מען דאַרף זיי ניט איבערשאַצן, טאָר מען זיי אויך ניט אונטערשאַצן.

עס זיינען נאָך דאָ פּאַסיקע קולטור־קרעפֿטן אין לאַנד, וואָס שטייען אין אַ זייט און קאָאָפּערירן ניט מיטן קולטור־פֿאַרבאַנד. מיט זייער מיטאַרבעטערשאַפֿט וואָלט דער איקף זיכער געוואָרן שטאַרקער. עס דאַרפֿן דערפֿאַר געמאַכט ווערן אַלע נויטיקע באַמיונגען זיי צוצוציען צו דער אַרבעט, אונטערשיידנדיק דערביי צווישן די אויפֿריכטיק מיינענדיקע קריטיקער, און די קרענקלעכע אינדיווידואַ־

ליסטן און באַשטענדיקע ניין־זאָגערס, וועלכע וועלן ווייטער פאַרטאַכלעווען זייער „קולטור" אין די קאָפּעס און אויף לשון הרע.

די פראַגע פון שולן איז אַ גאָר ערנסטע. דער קולטור־פאַרבאַנד אין זיין איצ־טיקן צושטאַנד קאָן אפשר די פראַגע ניט לייזן פולשטענדיק. לערער האָבן מיר געציילטע, קיין נייע קומען כמעט ניט צו, אַראָפּברענגען פון אויסלאַנד איז דער־ווייל אַן אילוזיע. די שולן, וואָס מיר האָבן, אַרבעטן שטענדיק מיט לערער־דעפי־ציט. די דאָזיקע פראַגע קאָן טיילווייז געלייזט ווערן דורך אויסבילדן יידישע יוגנטלעכע און צוגרייטן זיי פאַר יידישע לערער. דערצו דאַרף מען האָבן אינ־טעליגענטע פּעדאַגאָגן, פאַכמענער. מיר האָבן זיי ניט דאָ אין גרויסן מאַסשטאַב, אָבער דעם קערן האָבן מיר יאָ. דאַרפן מיר זיי מאָבילֽיזירן פאַר אָט דעם צוועק און אַזוי אַרום טיילווייז אויספילן דעם לערער־בלויז אין אונדזערע שולן.

די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרפן אויף זיך נעמען אונדזערע לערער, זיי זענען באַרופן דערצו. די פאַך־קענטעניש האָבן זיי, דאַרפן זיי זיך אויך אַביסל אָנ־שטרענגען, אַריינלייגן אַביסל מי און אַזוי אַרום באַזאָרגן אונדזערע שולן מיט אַ קאָמפּעטענטן לערער־פּערסאָנאַל.

דאָ ליגט דער שליסל צו דער עצם־עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון אַ יידישן קולטור־ישוב אין בראַזיל.

דאָס מוז פאַרשטיין יעדער קולטור־טוער און יעדער ייד, וואָס זאָרגט פאַר דער צוקונפט פון זיין פאָלק. די לערער קאָנען ווידמענען זייערע טעכנישע קענ־טענישן, אָבער דעם פּראָבלעם פון מאַטעריעלע מעגלעכקייטן מוזן אויסטראָגן די ברייטע פאָלקס־מאַסן. דער קולטור־פאַרבאַנד דאַרף באַזאָרגן די דאָזיקע געלט־רעקורסן. דאָ האַנדלט זיך וועגן גרויסע סומען, „קרבנות־סומען". ניט בלויז יחידים, נאָר אויך אונדזערע קולטור־אינסטיטוציעס דאַרפן זיך פאַר דעם באַשטייערן.

מיט אונדזער קולטור־מצב קאָנען מיר זיך דערווייל ניט שעמען. וועלן מיר אָבער ניט אָננעמען די דרינגנדע מיטלען אויסצופילן די בלויזן, שטייען מיר פאַר דער געפאַר פון דעגראַדירן אונדזער קולטור־אַרבעט.

„אונדזער שטימע", דער אָרגאַן פון די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן, אַריינ־טרעטנדיק אין זיין פינפטן יאָר עקזיסטענץ, דאַרף אָט די פּראָבלעמען ווידמען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.

אַפּריל, 1951

# חודש פון יידישן בוך

דער „איקוף" אין בראַזיל האָט באַשלאָסן צו ווידמען דעם מאָנאַט אָקטאָבער אויף צו פּאָפּולאַריזירן דאָס יידישע בוך. פאַר דעם צוועק ווערט שוין איצט צוגעגרייט א ברייטע טעטיקייט אין אלע אונדזערע ישובים מיטן ציל אריינצוציען די ברייטע שיכטן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער אונטערנעמונג.

דאָס יידישע בוך האָט אדורכגעמאַכט זיין גלאָררייכע עפּאָכע, ווען די שטרע־בונג צו וויסן און צו לייענען איז אריינגעדרונגען צווישן די פאָלקס־מאַסן — די ארבעטער, בעלי־מלאכות און קליינהענדלער. זיי האָבן דאָס בוך אויפגענומען מיט פרייד און חשיבות, ווייל דורך אים האָבן זיי זיך באַקענט מיט דער וועלט און מענטש. עס האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט די וועלט מיט איר ליכטיקייט און שאָטן. דער מענטש אין זיין דערהויבנקייט און שפּלדיקייט און די נאַטור מיט איר מעכ־טיקייט און קאַפּריזן. פאַר דעם פאָלקס־מענטש איז דאָס אלין געווען ניי און אומ־באַקאַנט. דער וועג צו אַפּיציעלער בילדונג איז פאַר אים געווען פאַרשטעלט דורך די, וועלכע זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אז דאָס פאָלק זאָל פאַרבלייבן אין אייביקער פינצטערניש. דעריבער איז דאָס בוך געוואָרן זיין לערער, א פריינט, צו וועלכן ער איז וואָס ווייטער אלץ מער צוגעבונדן געוואָרן און אָן וועלכן עס איז אים געוואָרן כמעט אוממעגלעך צו לעבן.

די שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן די ביכער געשאַפן, האָבן חוץ טאַ־לאַנט צוגעטראָגן ליבע, אחריות און האָפענונג. דאָס בוך איז געוואָרן א הייליקייט. אין אלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געגרינדעט ביבליאָטעקן, לייען־קרייזן און קולטור־ווינקלעך, וווּ דאָס בוך איז געלייענט געוואָרן ביחידות און בציבור, קאָמענ־טירט און אנאַליזירט געוואָרן. יעדער ניי בוך איז געווען א יום־טוב. די פרעסע און די לייענער האָבן עס אויפגענומען ווי א ליבן גאַסט. דאָס היימישע טייערע מאַמע־לשון, אין וועלכן דאָס בוך איז געווען געדרוקט, האָט עס געמאַכט פאַר אייגן און נאָענט. דאָס בוך האָט געשאַפן דעם לייענער, און דער לייענער האָט געוועקט און סטימולירט נייע שרייבערישע טאַלאַנטן, די יידישע קולטור האָט זיך צעבליט און עס איז איינגעשטעלט געוואָרן א קעגנזייטיקער שעפערישער קאָנטאַקט צווישן די פאָלקס־מאַסן און זייער אינטעליגענץ. יעדער האָט געהאַט זיין אויפגאַבע און זיין

פּליכט, און פון דעם אלעמען איז אויסגעוואקסן א ריזיקע ליטעראטור, א וואונדער־בארע, א רייכע, פון פארשידענע זשאנרען.

אַט די גלאַררייכע עפּאָכע פון הונדערטער יידישע שרייבער, דיכטער און ליטעראטור־קריטיקער און מיליאָנען יידישע לייענער האָט אָנגעהאלטן ביז מיט אנדערהאלבן צענדליק יאָר צוריק, ביז די שווארצע משהיתים און די ברוינע בעסטיעס פון דעם נאציזם און פאשיזם, האָבן אונדזער פאָלקס־קערפּער מער־דעריש צעקאליעטשעט.

פּוילן, ווו עס האָט געלעבט א יידישע באפעלקערונג פון 3 מיליאָן מענטשן, איז געווען דער גרעסטער צענטער פון יידישן בוך, סיי אלס פּראָדוצענט און סיי אלס קאָנסומענט. אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער האָבן דאָרט געלעבט, ביבליאָטעקן, פארלאגן, שולן, קולטור־ און דראם־קרייזן, און טעאטערס זיינען געווען אין א גרוי־סער צאָל, א פולבלוטיק יידיש לעבן האָט דאָרט פּולסירט. דאָס יידישע בוך איז דאָרט געווען ביי זיך אין דער היים און האָט נאָך געשפּייזט אנדערע יידישע ישו־בים. אָבער צו אונדזער אומגליק איז יענער יידישער „קאָלאָס" שוין מער ניטאָ, דער שונא האָט אים פארניכטעט.

מיר באגריסן דעם נייעם יידישן ישוב פון פּוילן. מיר באוואונדערן זיין אלזיי־טיקע קולטור־שעפערישקייט. מיט פרייד נעמען מיר אויף זיינע רייכע איניציא־טיוועס. אָבער יענע מיליאָנען יידן זיינען מער ניטאָ.

ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן באמת, זינט עטלעכע צענדליק יאָר, איינגע־וואנדערט אין דרום און צפון־אמעריקע און מיטגענומען מיט זיך די ליבע צום יידי־שן בוך. אין די נייע היימען האָט זיך אנטוויקלט א פארצווייגט יידיש קולטור־לעבן. עס זיינען אַנטשטאנען צייטונגען, זשורנאלן, פארלאגן, ביבליאָטעקן, שולן און טעאטערס. דאָס יידישע בוך האָט דאָ פארברייטערט זיין ספערע. קולטור־טוער, לערער און קינסטלער זיינען דאָ אויפגענומען געוואָרן מיט פרייד, ווי מיטבויער פון די נייע היימען. אבער אויך אין די נייע היימען האָט זיך עפּעס געביטן אין דער באציונג צום יידישן בוך.

נייע דורות זיינען דאָ געבוירן און דערצויגן געוואָרן. מיר האָבן געטאָן וואָס מעגלעך איבערצופלאנצן אין אונדזער יונגן דור אונדזער ליבע צום יידישן בוך, די באדינגונגען האָבן אונדז אָבער ניט צוגעהאָלפן, דער יונגער דור באשטייט פון ווירדיקע יידן, אָבער בלויז אין באוווסטזיין, זיין שפּראך איז ניט יידיש. מיר מוזן צוגעבן מיט ווייטיק, אז די נייע דורות, וועלכע מיר האָבן דערצויגן, זיינען ניט קיין קאָנסומענטן פאַרן יידישן בוך אין דער יידישער שפּראַך. זיי זיינען ניט אָפּ־געריסן פון אונדזער קולטור־שטאם, זיי זעצן אָבער פאר דאָס יידישע קולטור־לעבן אין די שפּראכן פון די לענדער, ווו זיי זיינען געבוירן געוואָרן. און אויף דעם מוז געלייגט ווערן א ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט...

אויך אין ישראל, ווו מען קען זאָגן אָן איבערטרייבונג, אַז די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז דערצויגן געוואָרן אין ליבע צום יידישן בוך, איז ליידער ניטאָ קיין פריילעכער אָנזאָג פאר דער ליטעראטור אין יידיש.

דאָך איז ניטאָ קיין פלאץ פאר יאוש. גרויסע שיכטן יידן נויטיקן זיך אין יידישן בוך. ניט אזוי לייכט קאָן אונטערגיין א שפּראך, וועלכע איז אזוי אייגן. אויך אין אנדזערע לענדער עקזיסטירן צייטונגען, זשורנאלן און פארלאגן, וועלכע גיבן ארויס יידישע ביכער. דאָס יידישע בוך פארנעמט א בכבודיקן פלאץ אין יידישע היימען.

דער „איקוף" אין אמעריקע און אין ארגענטינע האָבן זייערע פארלאגן. מיר דאָ האָבן נאָך ניט אונדזער פארלאג. אָבער אויך מיר האָבן אויף זיך א פליכט צו פּאָפּולאריזירן און פארשפרייטן דאָס יידישע בוך און דווקא דערפאר, ווייל עס האָט אזויפיל שוועריקייטן אויף זיין וועג.

דאָס דארפן מיר טאָן קודם-כל אין חודש פון יידישן בוך. אונדזערע קולטור-קלובן און ביבליאָטעקן דארפן מיט זייער גאנצער ענערגיע העלפן, אז דער חודש פון יידישן בוך זאָל דורכגעפירט ווערן מיט דערפאָלג. יעדער איקוף-טוער דארף אין דער סביבה, ווו ער איז טעטיק, טאָן דעם מאקסימום אויף צו פּאָפּולאריזירן דאָס יידישע בוך, וואָס לערנט, קלערט אויף און עפנט ברייטע האָריזאָנטן אין דעם אייביקן דראנג פון דער מענטשהייט צו א שיינער, ליכטיקער וועלט פון שלום, פרייהייט, יושר און גליק.

אין דעם וועט זיכער העלפן אָריענטירן דער ספּעציעלער ביולעטין, וואָס דער „איקוף" גרייט צו צום חודש פון יידישן בוך.



„40 יאָר שלום־עליכם ביבליאָטעק אין ריאָ".

# 40 יאָר עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק „שלום עליכם"

די 40-יאָריקע עקזיסטענץ פון דער „שלום-עליכם"-ביבליאָטעק באַדאַרף צעטיילט ווערן אין צוויי פּעריאָדן. דער ערשטער איז פון איר גרינדונג אין 1915 ביז דעם מאָנאַט סעפּטעמבער 1929 און דער צווייטער פּעריאָד איז פון דער נאָר וואָס דערמאָנטער דאַטע ביז היינט.

דער ערשטער פּעריאָד קען פאַרצייכנט ווערן אַלס א געמיינזאַמער, ווען אַלץ האָט זיך קאָנצענטרירט ארום דער ביבליאָטעק. פאַרשידענע ריכטונגען און שאַטירונגען האָבן דאָרט קולטורעל און געזעלשאַפטלעך זיך אויסגעלעבט און געמיינזאַם פאַר איר געזאָרגט. די ביבליאָטעק איז געווען ארומגערינגלט מיט פּיעטעט און יראת הכבוד פון דעם גאַנצן ישוב.

צוגעטראָגן צו דעם, אז די עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק זאָל געטיילט ווערן אין צוויי פּעריאָדן, האָט א קליינע גרופּע מיטגלידער, וועלכע האָבן געהאַט א גאַנץ קנאַפּע געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונג און זיינען געווען פּאָליטיש צוריקגעשטאַנען. אָט די קליינע גרופּע האָט ארויסגעלאָזט א לאָזונג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איר קאַמפּס-דעוויז, אז „אויב די ביבליאָטעק איז א יידישע, מוז זי אויך זיין א ציוניסטישע, און אַלץ, וואָס איז ניט ציוניסטיש, איז ניט יידיש". זיי האָבן געוואָלט פאַרוואַנדלען די ביבליאָטעק אין א ציוניסטישע טריבונע און זי ארײַנשלעפּן אין זייערע פּאָליטישע קאַמפּאַניעס. די גרעסטע צאָל מיטגלידער איז מיט דעם ניט מסכים געווען און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שטרייטן ארום דער פאַרוואַלטונג. עטלעכע יאָר האָבן זיך געצויגן אָט די שטרייטן. יעדער אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג מיט וואַלן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קאַמף. ביידע צדדים, דער פּראָגרעסיווער און דער ציוניסטישער, האָבן זיך געגרייט צו די וואַלן ווי צו א שלאַכט, און אָפטמאָל פלעגן זיך די פאַרזאַמלונגען ענדיקן מיט גוואַלדן און געשרייען. אָבער דעם ציוניסטישן צד האָט זיך קיינמאָל ניט איינגעגעבן דורכצופירן זיינע קאַנדידאַטן. בלויז געציילטע פלעגן דורך אונטערהאַנדלונגען ארײַנגיין אין דער פאַרוואַלטונג.

דער ציל איבערצונעמען די ביבליאָטעק איז ביי די ציוניסטישע פירער געווען אן „אידייא-פיקסא". פון די ארגומענטן, וועלכע זיי האָבן באנוצט אויף צו באַ-קעמפן די פּראָגרעסיווע פאַרוואלטונג פון דער „שלום עליכם"-ביבליאָטעק, וועל איך ציטירן די וויכטיקסטע.

דער ערשטער: ווען פּראָפעסאָר אלבערט איינשטיין האָט באזוכט בראַזיל, האָט באַדאַרפט געשאפן ווערן א געמיינזאַמער קבלת-פּנים-קאָמיטעט פון אונ-דזערע און ספרדישע יידן. אויף דער איניציאטיוו פון ד"ר ראפאלאָוויטש, איז גערופן געוואָרן א פאַרזאַמלונג פון פאָרשטייער פון אלע אינסטיטוציעס, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער שטוב פון א ספרדישן ייד, איזידאָרא כהן, פּראַיא דאָ פלאַמענגאָ. דר. ראפאַלאָוויטש האָט צוגעשטעלט א פּלאַן און די ספרדים האָבן מסכים געווען. ווען די פאָרשטייער פון דער ביבליאָטעק (איינער איז געווען מיין ווייניקייט און דער צווייטער, בערל העלמאַן) האָבן פאָרגעלייגט א מער דעמאָקראַ-טישן צוגאַנג צום ענין, האָט א געוויסער ספרדישער דעלעגאַט ניט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ „הוצפּה" און זיך צעבייזערט און געפאָדערט, אַז מען זאָל ניט נעמען אין אַכט די דעלעגאַטן פון דער ביבליאָטעק צוליב פאָלגנדיקע טעמים: ערשטענס, איז א ביבליאָטעק ניט קיין אינסטיטוציע — א פּאָר ביכער און מער גאָרניט; צווייטנס, זיינען די ביכער פון דער ביבליאָטעק ניט געקויפט געוואָרן מיט „כשר" געלט, און דריטנס, איז דער נאָמען „שלום עליכם" אן אומווירדיקער. די דעלעגאַטן פון דער ביבליאָטעק האָבן געקענט פאַרבייגיין די ערשטע 2 שטות-ערייען, זיי האָבן אָבער בשום אופן ניט געקענט צולאָזן, אַז עס זאָל פאַרשוועכט ווערן דער כבוד פון אונדזער פאָלקס-שרייבער און קלאַסיקער, שלום עליכם. זיי האָבן איבערגעריסן זייער שאַרפסטן פּראָטעסט און פאַרלאָזט די זיצונג.

אויף צו באַריכטן אָט דעם טרויעריקן אינצידענט, האָט די פאָלקס-ביבליאָ-טעק גערופן אן אויסעראָרדנטלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט מיט צאָרן פּראָטעסטירט קעגן דעם שענדלעכן ארויסטריט און פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט די מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק, וועלכע זיינען בייגעווען די זיצונג אלס דעלעגאַטן פון אנדערע אינסטיטוציעס און ניט פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ אָנפאַל און זיך ניט סאָלידאַריזירט מיט די דעלעגאַטן פון דער ביבליאָטעק.

די פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָסן אויסצושליסן פון דער ביבליאָטעק די עטלע-כע ציוניסטישע גדולים, וואָס זיינען געווען אָנוועזנד אויף דער דערמאָנטער זיצונג אלס פאָרשטייער פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און ניט פאַרטיידיקט דעם כבוד פון דער ביבליאָטעק, און זיך ניט אָנגענומען פאַרן כבוד פונעם באַליבטן יידישן שרייבער, וועמענס נאָמען די ביבליאָטעק טראָגט מיט שטאָלץ.

דער אויסשלוס האָט גערינגט די ציוניסטן ווי א מאָטיוו צו העצן קעגן דער דעמאָלדיקער פּראָגרעסיווער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק.

דער צווייטער מאָטיוו איז געווען, אַז אַ געוויסער פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד איז ניט באַרעכטיקט צו פֿאַרנעמען אַ פּלאַץ אין דער פֿאַרוואַלטונג צוליב זיין פֿאַרגאַנגענהייט. ליידער האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט יאָרן שפּעטער, אַז די קעגנער זיינען געווען אין דעם פּרט גערעכט, און די פּערזאָן איז באַזייטיקט געוואָרן פֿון אומעטום.

דער דריטער מאָטיוו איז געווען, אַז די ביבליאָטעק איז איינזייטיק און באַציט זיך ניט גוט צו שרייבער און קולטור־טוער, וועלכע געהערן צום ציוניסטישן לאַגער. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען ניט ריכטיק. די ביבליאָטעק האָט אויפֿגענומען אַלע שרייבער און געגעבן יעדן אַ פֿרייע טריבונע מיטן אויסנאָם פֿון די, וועלכע זיינען געקומען אַלס פּאָליטישע שליחים פֿון פֿאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

אין יאָר 1929, בעת דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער שטעלונג פֿון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן, וועלכע האָבן באַטראַכט די טרויעריקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע פֿון יענעם יאָר פֿון אַן אַנדערער פּריזמע — האָט זיך צעפֿלאַקערט אַ שרעקלעכע העצע קעגן דער ביבליאָטעק, וועמענס פֿאַרוואַלטונג איז אין דער מערהייט געווען אַ פּראָגרעסיווע, הגם אויך ציוניסטן זיינען דאָרט געזעסן. די ציוניסטישע עלעמענטן מיט זייער פּרעסע האָבן געמיינט, אַז ס׳איז געקומען די ריכטיקע שעה צו געבן אַ טויט־קלאַפּ די פּראָגרעסיסטן און זיי עלימינירן פֿון דער געזעלשאַפֿט. פֿאַר דעם האָט זיך געפֿאָדערט אין יענער צייט בלויז איבערצונעמען די ביבליאָטעק „שלום עליכם״. אין אַזאַ אַטמאָספֿער זיינען אין יאָר 1929 פֿאָרגעקומען די וואַלן פֿון דער ביבליאָטעק־פֿאַרוואַלטונג. די געמיטער זיינען געווען אָנגעשטרענגט. ביידע צדדים האָבן געוווסט, אַז די וואַלן וועלן דעצידירן דעם ווייטערדיקן גורל פֿון דער אינסטיטוציע.

ווי אַזוי אָט די געשפּאַנטע און אָנגעלאָדענע שטימונג איז דערגאַנגען צום פּאָליציי־שעף פֿון דעם באַצירק, ווייס איך ניט. נאָר אין דער נאַכט פֿון די וואַלן איז די ביבליאָטעק געוואָרן באַלאַגערט מיט אַ מחנה פּאָליציאַנטן אויף צו האַלטן אָרדענונג. דער שרייבער פֿון די שורות האָט געהאַט דעם כבוד צו זיין פֿאָרזיצער פֿון יענער היסטאָרישער פֿאַרזאַמלונג. ביים פּרעזידיום־טיש האָט ער געהאַט פֿון איין זייט דעם סעקרעטאַר און פֿון דער צווייטער זייט דעם פּאָליציי־דעלעגאַט פֿון באַצירק. די וואַלן זיינען געווען שטורמישע. עס האָבן ניט געפֿעלט קיין שרייער און טומל־מאַכער, מען האָט אפֿילו געפּרוּווט איבערצושניידן די עלעקטרישע דראָטן, כדי צו שטערן די פֿאַרזאַמלונג. אָבער געזיגט ביי די וואַלן האָט די פּראָגרעסיווע ליסטע. די אומצופֿרידענע האָבן געגרינדעט זייערס אַ ביבליאָטעק אויפֿן נאָמען פֿון ח. נ. ביאַליק, מיט אַ באַשטימטן פּנים: אַן אויסשליסלעך ציוניסטישע.

אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט דער ערשטער פּעריאָד פֿון דער ביבליאָטעק.

דער צווייטער פעריאָד, וועלכער ציילט שוין 25 יאָר, האָט אייגנטלעך נישט אריינגעבראַכט קיין ענדערונג אין דער אינסטיטוציע, וואָס איז נוגע איר אויפ־גאַבע ווי א ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק „שלום עליכם" איז געבליבן טריי איר פּרינציפּ פון אומפּאַרטייאישקייט. זי פרעגט נישט דעם מיטגליד זיין פּאָליטישן אני מאמין. יעדער ייד, אויב ער איז נאָר מאָראַליש ווירדיק, קען זיין א מיטגליד מיט אַלע רעכט. אין דעריבער זיינען טאַקע נישט אַלע מיטגלידער ציוניסטיש געשטימטע מיטגעגאַנגען מיט די אומצופרידענע. אויך היינט ציילט די ביבליאָטעק צווישן אירע מיטגלידער מענטשן, וועלכע האָבן סימפּאַטיעס צו געוויסע ציוניסטישע גרופּן. אָבער אין איר קולטור־אַרבעט איז פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג צום בעסערן. יעדן שבת פלעגן פאָרקומען רעפעראַטן, דיסקוסיעס. יעדער אינטערע־סאַנטער פּראָבלעם איז פון דער טריבונע פון דער ביבליאָטעק באַהאַנדלט און אַנאַליזירט געוואָרן. עס פלעגן זיך באַטייליקן א גרויסע צאָל פאָלקס־מענטשן אין אַלע דיסקוסיעס. אזוי, אז די ביבליאָטעק איז געוואָרן דער צענטער פון דעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ריאָ.

ס'וואָלט זיך נאָך מער אַנטוויקלט די אַרבעט, ווען ס'וואָלטן נישט אונטערגע־קומען די שווערע פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד. די שווערע פּאָליטישע סיטוא־ציע אין דער צייט פון „עסטאַדאָ נאָוואָ" האָט געטראָפן אַלעמען און בתוכם די ביבליאָטעק. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערהווייטערן פאַר מורא פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָן א צענזור און אָן א דערלויבעניש האָט גאָרנישט געקענט געטאָן ווערן, און ווען עס פלעגט זיך איינגעבן צו באַקומען א דערלויבעניש, פלעגט קיין עולם נישט קומען. דער ערשטער פון איינציקע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָט אָנגעיאָגט א פּאַניק אויף די מיטגלידער. די פינאַנציעלע לאַגע איז געווען קאַטאַסטראָפאַל. קיין פאַרוואַלטונג האָט מען נישט געקענט קלייבן און נאָר אדאנק דער מסירת־נפש פון איינצעלנע קולטור־טוער האָט די ביבליאָטעק איבער־געלעבט די ביטערע יאָרן.

אין יאָר 1945, נאָך דער ענדע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָס לאַנד אַרויס פון א דיקטאַטור צו א דעמאָקראַטישער, קאָנסטיטוציאָנעלער עק־זיסטענץ.

די געזעלשאַפטלעך־פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָנען, וועלכע זיינען טריי גע־בליבן זייערע אידעאַלן, האָבן ווידער געהאַט פאַר זיך ברייטע מעגלעכקייטן פון יידישער קולטור־אַרבעט.

די ביבליאָטעק „שלום עליכם" האָט ווידער באַנייט די קולטור־אָוונטן, די רעפעראַטן איבער ליטעראַטור, שרייבער און ביכער, די קעסטל־אָוונטן איבער פאַרשידענע פּראָבלעמען. ס'האָט אויפגעלעבט דער דראַמקרייז אונטער דער רעזשי פון דעם פּעאיקן חבר הערשל בלאַנק, שפּעטער אונטער דער רעזשי פון זיגמונט

טורקאָוו. ס'זיינען פאַרגעקומען הערלעכע קינסטלערישע פאָרשטעלונגען. די דראַמקרייזלער האָבן פארשטאַנען, וואָס די צייט פאָדערט פון זיי און זיי האָבן געגעבן דאָס בעסטע. די פרויען האָבן זיך אָרגאַניזירט ביי דער ביבליאָטעק אין לייען-קרייזן. עס האָבן אונדז אויך אָנגעהויבן באַזוכן קולטור-געסט, שרייבער, דיכטער: אהרן קורץ, ב. צ. גאָלדבערג, שניאור וואסערמאַן, אברהם ביק, זישע ווײַנפּער, אלמאזאָוו, פּ. נאָוויק, פּיניע כץ און אנדערע.

בכדי צו שאפן בעסערע באַדינגונגען פארן דראַמקרייז איז געגרינדעט גע־וואָרן די געזעלשאַפט „פריינט פון יידישן טעאַטער" מיט א באַזונדערע מיטגלי־דערשאַפט.

עס איז אַנטשטאַנען די יידיש-בראַזיליאַנער פרויען-אָרגאַניזאַציע „וויטע קעמ־פנער" מיט אָפּטיילונגען איבערן גאַנצן לאַנד און טויזנטער מיטגלידער. היינט איז זי א מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שוין געהאַט צוויי לאַנדס-קאָנגרעסן, צו וועלכע עס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון גאַנצן לאַנד.

שפעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער „איקוף", פריער אלס פראָוויזאָרישער קאָמיטעט, נאָכן ערשטן צוזאַמענפאָר איז ער פּראָקלאַמירט געוואָרן אלס א בראַ־זיליאַנער צענטראַלער קולטור-פאַרבאַנד. ער האָט שוין דורכגעפירט 2 צוזאַמענ־פאָרן און האָט 9 שטאָט-קאָמיטעטן, אין וועלכע עס זיינען איינגעשלאָסן אַלע פּראָגרעסיווע קולטור-אָרגאַניזאַציעס פון די אַנטשפּרעכנדיקע שטעט. דער „אינס־טיטוט פאר קולטור און דערציונג", וואָס איז אויך אַנטשטאַנען נאָך דער מל־חמה, האָט זיינע ערשטע פאַרזאַמלונגען געהאַט אין ביבליאָטעק. היינט האָט ער אן אייגענע פּרעכטיקע געביידע, א שולע, א כאָר און פאַרמעסט זיך אויף גאָר גרויסע אונטערנעמונגען. דער יוגנט-קלוב "קאַביראַס", וואָס איז געשאפן געוואָרן אין יאָר 1941 און וועמענס גרינדער עס זיינען געווען יוגנטלעכע פון דער ביב־ליאָטעק „שלום עליכם" און געוועזענע שילער פון דער שול „שלום עליכם", האָט אויך נאָכן יאָר 1945 אויסגעברייטערט זיין אַרבעט.

פון דעם אלעמען ווערט קלאָר, אז דעם נאָמען, וואָס די ביבליאָטעק טראָגט אלס פאַרגייערין און מאַמע פון אלע יידישע פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס, איז א כשר פארדינטער. זי איז געווען דער פּיאָנער און זי האָט זיי דערצויגן. היינט שטייען זיי פעסט אויף די אייגענע פיס. נאָר זי, די אַלטע מאַמע, איז געבליבן כמעט דאַכלאָז. דאָס האָט ניט געטאָרט פּאַסירן, זי איז באַרעכטיקט אויף צו האָבן אן אייגענע היים, ווו זי זאָל קענען פאָרזעצן אירע רומפולע טראַדיציעס און אָפּהיטן די אין די 40 יאָר אָנגעזאַמלטע אוצרות. דאָס האָבן פאַרשטאַנען אירע צאָלרייכע פריינט, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען איר צוצוטראָגן צו איר יובילײ א מתנה — אן אייגענעם לאָקאַל. מיט באַרעכטיקטער פרייד קען מען איצט קאָנס־טאַטירן, אז די ביבליאָטעק וועט שוין מער ניט דאַרפן זיך ארומשלעפּן אין פרעמ־

דע דירות. איר וווקס איז פאַרבונדן מיטן וווקס פון דעם ישוב. פון א קליין שאַפעלע ביכער, ערגעץ פאַרוקט אין א ווינקל, ביז א פּרעכטיקן סאַלאָן־עטאַזש אין סאַמע צענטער פון דער מעטראָפּאָליע, איז א מהלך פון 40 יאָר — 40 יאָר פּיאָנערישער קולטור־ארבעט. פון אירע ערשטע פריינט זיינען א טייל שוין ניט מער דאָ צווישן די לעבעדיקע. די וואָס זיינען פאַרבליבן, זיינען באַדעקט מיט גרוי־ווייסע האָר, אָבער זייער ליבע צו דער ביבליאָטעק האָט זיך ניט געענדערט. זי איז זייער קולטור־היים, פונקט ווי מיט צענדליקער יאָרן צוריק. אפילו די, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט צוליב פאַרשידענע טעמים, טראָגן נאָך אין זיך עפּעס פון יענעם פונק, וואָס האָט זיי אַמאָל באַגייסטערט צו ארבעטן פאַר איר עקזיסטענץ און וווקס.

פאַר דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט געהאַט דעם כבוד צו זיין כמעט איינער פון אירע גרינדער און לאַנגע יאָרן א פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און איר פאַרזיצער, איז דער הנוכת הבית פון דער ביבליאָטעק, „שלום עליכם" ניט סתם אן עפּיזאָד, נאָר א פאַרווירקלעכונג פון א לאַנג־יאָריקן טרוים.

נאַטירלעך, איז ביי אַזאַ גרויסן יום־טוב ווי א הנוכת־הבית באַדאַרף מען דערמאָנען די נעמען פון די, וועלכע האָבן אין משך פון 40 יאָר איר צוגעטראָגן זייער ווילן און זייער מי. די שוועריקייט באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס פיל וויכטיקע דאָקומענטן און פּראָטאָקאָלן זיינען פאַרלוירן געגאַנגען. דעריבער בעט איך פאַרויס די, וועלכע וועלן ניט דערמאָנט ווערן, זיי זאָלן מיר אַנטשולדיקן און גלויבן, אז דאָס איז ניט קיין שלעכטער ווילן.

זאָלן די נעמען דאָ פאַרצייכנט ווערן:

בן ציון סניטקאָווסקי, סינאי פיינגאָלד, יצחק מאיר ברונשטיין, יוסף משה קאַראַקושאַנסקי, חיים מאָרגענשטערן, בערל העלמאַן, ס. לאַזינסקי, אברהם לעווין, הערש גאָלדענבערג, דר. נאַטאַן ברונשטיין, פיניע גערשטיין, יוסף לערנער. איך ציטיר די נעמען פון געוועזענע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער ביז דעם יאָר 1935, צוגעבנדיק שלום גדליה גרויזמאַן, יעקב פוקס, רחל פוקס. איך ווייס, אַז די ליסטע איז ניט פולקאָם, נאָר איך געדענק ניט מער.

צוויי נעמען מוז מען אָבער אויסטיילן גאַנץ באַזונדער. דער ערשטער איז יוסף לערנער. ווען די ביבליאָטעק איז געשטאַנען ביים ראַנד פון פאַרניכטעט ווערן, אין יאָר 1936, איז אין דעם שרעקלעכן מאָמענט געקומען יוסף לערנער מיט נאָך א גרופּע אָפּפערווויליקע מענטשן, ווי שאַיע פליישמאַן, לייב האָראָוויטש, שמואל יורקעוויטש, ברוך שילער, שאַיע אייזענבערג און אויך דער אַלטער תלמיד־חכם סעדיה לאַזינסקי און ממש מיט מסירת־נפש געראַטעוועט אָט דעם קולטור־אוצר. איך שרייב ניט קיין געשיכטע, נאָר בלויז עפּיזאָדן, אָבער דער היסטאָרישער אַקט וועט מוזן געפאַרשט ווערן און זיין גאַנצער גרויסקייט.

דער צווייטער נאָמען איז פּיניע גערשטיין. אַט דער נאָבעלער מענטש, מיט זיין טיפער ליבע צו אַלץ וואָס איז יידיש און צו דער יידישער קולטור, איז איין אַלע מאָמענטן פון דער עקזיסטענץ פון דער ביבליאָטעק געווען איר געטרייסטער פריינט. ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג האָט ער געטראַכט פון דער ביבליאָטעק. דער קאָמיטעט צו קויפן אן אייגענעם בנין האָט געהאַט אלס פּאָרזיצער יוסף לערנער, וויצע — אהרן שענקער און קאסיר — פּיניע גערשטיין. פּיניע האָט געוווּסט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע און דעריבער האָט ער געבעטן דעם סעקרעטאַר יששכר לעדערמאַן, ער זאָל אים דערלויבן איינשרייבן מיט זיין האַנט די ערשטע 2 פּראָטאָקאָלן. מער האָבן זיינע לעצטע כוחות ניט דערלויבט. ביידע: י. לערנער און פּ. גערשטיין זיינען טויט, אָבער זייער אָנדענק לעבט און וועט לעבן אין דער ביבליאָטעק „שלום עליכם".

זאָלן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די נעמען פון די, וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל געשפּילט טעאטער אין דער ביבליאָטעק: יצחק מאיר און שפרה ברונשטיין, בן ציון און פאַני זאדושליוווער, חיים לייב און סאבינאַ גערמאַן.

די ליסטע פון די, וועלכע האָבן צוגעטראָגן זייער חלק צו דער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק איז גרויס. עס דאַרפן דערמאָנט ווערן: חיים טישלער, ציליע גויפמאַן, בערל גולקא, ווארא‏נץ, בראָדסקי און נאָך און נאָך. די גרויסע פאַרדינסטן פון דעם איצטיקן דראַמקרייז פאָדערן א גאַנץ באַזונדער אַרטיקל. די נעמען פון הערשל בלאַנק, מישאַ לוואָוויטש, י. לאנדע, אידאַ קאַמעניעצקי דוד און ריוואַ בערמאַן, ציליע גויפמאַן, סאַראַ טאקסיר, ווארא‏נץ, משה ראַוועט און אַנדערע וועלן דאָרט באַקומען זייער א חשובן פּלאַץ.

מיר פּרעטענדירן ניט מיט דעם אַרטיקל אויסצושעפּן אַלץ, וואָס איז פּאָר־געקומען צווישן די גלאָררייכע וועגט פון דער ביבליאָטעק אין משך פון 40 יאָר. מיר ווילן צוטראָגן עפּעס צו איר יובל, צום גרויסן קולטור יום־טוב פון אונדזער יידישן ישוב אין ריאָ. עפּעס, וואָס זאָל אויסדריקן אונדזער ליבע און פרייד מיט דער אינסטיטוציע, צו וועלכער מיר געהערן שוין זייט 39 יאָר.

# „זאָל לעבן די ביבליאָטעק שלום-עליכם"

**(רעדע געהאלטן דעם 7־טן אַפּריל, אויף דער פייערונג געווידמעט דעם 40־יעריקן יובל און חנוכת־הבית פון דער אייגענער היים פון דער ביבליאָטעק)**

איבערגעפולט מיט פרייד און צופרידנקייט, קומען מיר היינט צום יידישן ישוב, באזונדערס צו אונדזערע מיטגלידער, אקטיוויסטן, פריינט, ליבהאָבער פון יידישן וואָרט און בוך, און לאדן זיי איין צו באטייליקן זיך אין דעם גרויסן יום־טוב, אין דער שמחה פון אונדזער דערגרייכונג, אין דעם נצחון פון אונדזער טרוים, וואָס איז שוין היינט א ווירקלעכקייט — די אייגענע היים פאר דער באליבטער פאָלקס-ביבליאָטעק „שלום-עליכם".

40 יאָר זיינען פאַריבער, זינט א קליין הייפעלע פאָלקס-יידן האָבן צוזאמענגענומען אין א ווינקעלע דעם ערשטן צענדליק ביכער, און דעם געגעבן דעם נאָמען „שלום עליכם". ס'איז דאן נאָך ניט געווען אזעלכעס, וואָס מען זאָל קענען אָנרופן ביבליאָטעק, נאָר בלויז אן אויסדרוק פונעם ווילן צו שאפן א קולטור־היים און דראנג ניט צו זיין אָפּגעריסן פון יידישן פאָלק, פון זיינע קולטור-בויער און שעפער.

ס'איז געווען דער ווילן פון א קליין גרופּקעלע אָרעמע אימיגראנטן צו בויען אין דער נייער היים, דאָן נאָך זייער פרעמדע היים, אן אינסטיטוציע, ווו ס'זאָל פאַרגעזעצט ווערן אונדזער טראדיציע פון קינדער פון אן אלט קולטור־פאָלק. אין 40 יאָר זיינען פאַריבער זינט די ערשטע זוימען פון א יידישן קולטור־ישוב זיינען געוואָרפן געוואָרן אויף דעם טראָפּישן באָדן. די זריעה האָט זיך צעבליט און צעוואקסן אין אַזאַ גרויסער מאָס, וואָס פארשאפט אונדז כבוד אלס ישוב. פון יענע קערנדלעך איז אויסגעוואקסן א מעכטיקער בוים, וועמען שטארק שטורעמס האָבן ניט איינמאָל געבויגן, אָבער קיינמאָל ניט געבראָכן.

די צווייגן פונעם בוים האָבן זיך מעכטיק צעשפרייט און צעבליט, און היינט צוטאָג שטעלן זיי מיט זיך פאָר שולן, קלובן, אָרקעסטער, כאָרן, טעאטער-גרופּן און נאָך קולטור-געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס. אונדזער ביבליאָטעק שטאָלצירט מיט זיי, ווייל זי האָט זיי געבוירן און דערצויגן. און היינט מארשירן זיי פעסט און זיכער צו ברייטע קולטור-האָריזאָנטן.



אין טאג פון דער היסטאָרישער דאטע פון חנוכת הבית פון דער שלום־עליכם ביבליאָטעק א. שענקער אין פרעזידיום

אָבער היינט, ביי אָט דעם גרויסן יום־טוב, מוז מען דערמאָנען, אז די אלע דערגרייכונגען זיינען ניט געקומען פון זיך זעלבסט און זיינען ניט אראָפּגעפאלן פונעם הימל. דאָס זיינען די פרוכטן פון צענדליקער יאָרן שווערע מי און ארבעט, זאָרג און אחריות. דעריבער זאָלן מיר איצט אינזינען האָבן יענע הונדערטער חבֿרים, וועלכע האָבן אין משך פון יאָרן אָפּגעגעבן פאר דער ביבליאָטעק שווערע טעג און שלאָפלאָזע נעכט, אָפּגעהיט זי, געזאַמלט א ביכל צו א ביכל, באַרייכערט זי.

א סך פון יענע חברים זיינען ליידער ניט דאָ מער מיט אונדז. זיי האָבן ניט דערלעבט צו זען אונדזער אייגענע קולטור־היים. פאר איר האָבן דאָך א סך פון די, וועלכע זיינען דאָ היינט ניטאָ, געאָפּפערט זייער פרייהייט, זיינען דאָ געוואָרן נע־ונד, פארוואָגלט און אָפּגעריסן פון פריינט און חברים. אָבער אונדזער ביב־ליאָטעק לעבט, ארומגערינגלט פון די פּראָגרעסיווע יידישע פאָלקס־מאסן, וועלכע זאָרגן פאר איר עקזיסטענץ און פאר איר וווקס.

די ביבליאָטעק איז גרויס געוואָרן צוזאמען מיטן ישוב, זייער געשיכטע איז ענג צוזאמענגעפלאָכטן. פון דעם אמאָליקן הייפעלע יידן איז אויסגעוואקסן א ישוב פון צענדליקער און צענדליקער טויזנטער נפשות, און פון די ערשטע עטלעכע ביכער זיינען געוואָרן טויזנטער, פונקט ווי פון דער דאמאָלטיקער ניט־איינגע־וואָרצלטקייט, איז בראַזיל מיטן בראַזיליאַנער פאָלק, אונדז געוואָרן נאָענט און אייגן. דאָ האָבן מיר אונדזערע היימען און משפחות, אונדזערע קינדער און אייניק־לעך זיינען דאָ געבוירן און ווערן דאָ דערצויגן, די קולטור און די שפּראַך פון ברא־זיל זיינען זייערע, באגלייך מיט דעם בראַזיליאַנער פאָלק זיינען מיר פאראינטערע־סירט אינעם גורל פונעם לאנד.

און דאָ ליגט טאקע דער גרויסער היסטאָרישער פארדינסט פון דער ביבליאָ־טעק „שלום עליכם". קולטיווירנדיק די איינוואָרצלונג אינעם בראַזיליאַנער באָדן, די ליבע צו בראַזיל, האָט זי גלייכצייטיק און מיט עקשנות קולטיווירט די ליבע צו אונדזער פאָלק, צו אונדזער יידישער שפּראַך און קולטור, צו די פּראָגרעסיווע טראַדיציעס און צו דעם העראָיזם פון דער יידישער געשיכטע. פון איר טריבונע האָט די ביבליאָטעק באַקאַנט געמאכט דעם יידישן פאָלקס־מענטש וועגן די אוצ־רות פון דער יידישער קולטור, דורך וואָרט, שפּיל און געזאַנג האָט זי געשפּרייט ליבע און אכטונג צו די שעפער, צו די שרייבער און דיכטער פון אונדזער ליטערא־טור. זי האָט געלערנט די יוגנט ניט אָפּצורייסן זיך און ניט אָפּגעפרעמדט צו ווערן פון איר יידישן שטאַם.

אונדזער ביבליאָטעק האָט אויסגעפורעמט און דערצויגן א שיינעם דעמאָקראַ־טישן ישוב, וואָס פארהערלעכט דעם אָנדענק פון אונדזערע קלאסיקער, האלט הייליק די קדושים, האסט דעם נאציזם און פאשיזם, פארדאמט מלחמה און האָט ליב דעם שלום, האָט ליב בראַזיל און האָט ליב די יידישע מדינה ניט ווי א פונקט

אויף דער געאָגראַפישער קאַרטע, נאָר ווי אין אייגן לאַנד, וווּ אונדזערע אור־על־טערן האָבן אָנגעהויבן שפּינען די פעדים פון דער יידישער געשיכטע.

די ביבליאָטעק „שלום עליכם" האָט במשך איר 40 יאָריקער עקזיסטענץ אָפּ־געהיט דעם יידישן גייסט דורך פאַרשפּרייטן פּראָגרעסיווע יידישע קולטור, ווייל בלויז דורך פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַלער קולטור קאָן מען דערציען גוטע יידן, וואָס זאָלן גלייכצייטיק זיין גוטע בראַזיליאַנער בירגער און גוטע מענטשן.

די ביבליאָטעק „שלום עליכם" האָט שטענדיק געזוכט צו זיין א היים פאַר אַלע, וואָס ליבן און שעצן די יידישע קולטור. זי האָט קיינמאָל ניט געטיילט יידן לויטן „קאָליר", נאָר פאָלקס־פיינטלעכע עלעמענטן און שטערער האָבן איר צוגע־שריבן א פאַרקערטע איינשטעלונג. הײַנט, אין דעם טאָג פון איר גרויסן יום־טוב, רופט די ביבליאָטעק אַלע יידן, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע, אָדער פילאָ־זאָפישע קאָנצעפּציעס, צו קומען אונטער איר דאַך און צוזאַמען שמידן א שיינעם קולטור־דעמאָקראַטישן ישוב.

די ביבליאָטעק רופט צו אייניקייט, צו אחריות צווישן די יידישע פאָלקס־מאַסן פאַר אונדזער המשך. דאָס איז און וועט זיין איר דעוויז.

השובע פריינט;

אויך מיר, איינער פון די ערשטע מיטגלידער פון אונדזער ביבליאָטעק „שלום־עליכם", איז אויסגעפאַלן דער בכבודיקער גורל צו עפענען אונדזער אייגענע קולטור־היים. טאָ עפענען מיר ברייט אַלע טירן פאַר אייך, יידישע פאָלקס־מאַסן, פאַר דעם גאַנצן ישוב.

מיט גיבן איבער די ביבליאָטעק אין אייער רשות, אין אייערע הענט פאַר־טרויען מיר איר עקזיסטענץ און די זאָרג פאַר איר ווייטערדיקן פּראָגרעס.

קומט און זייט ווירדיקע פאַרזעצער פון די נאָבעלע טראַדיציעס, וועלכע זי האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון 40 יאָר.

מיר אַלע, וועלכע האָבן זיך באַשטייערט, אז די ביבליאָטעק זאָל האָבן אַן אייגענע היים און ניט דאַרפן מער וואַנדערן; מיר אַלע, וועלכע האָבן דורך לאַנגע יאָרן געזאַמלט, געמאַנט און געמוטערט און זיך באַשטייערט, מיר, וואָס האָבן דערלעבט און האָבן די זכיה צו זען אונדזער ביבליאָטעק אין סאַמע צענטער פון דער שיינער מעטראָפּאָליע פון בראַזיל, פון אונדז אַלעמען, פון אונדזערע הערצער, רייסט זיך אַרויס א פריידיקער אויסגעשריי:

לעבן זאָל די יידישע קולטור!

לעבן זאָל די ביבליאָטעק „שלום עליכם"!

לעבן זאָל דער שלום, די דעמאָקראַטיע און דער פּראָגרעס!

# רעדע צו דעם 13־טן יאָרצייט פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

דער 13־טער יאָרצייט פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ; 13 יאָר זיינען שוין דורך זינט יענער טראַגיש־העראָישער פסח־נאַכט און יאָר־איין און יאָר־אויס פייערן יידן דעם אויפשטאַנד פון וואַרשעווער געטאָ, דערמאָנען די העלדן מיט זייער גבורה, זייער מוט און זייער גלויבן אין מענטש און אין פאָלק. ביי אייניקע איז דאָס פייערן, ליידער, געוואָרן א שאַבלאָן, אָפּגעזאָגט א קדיש, געמאַכט א „מלא" און דערמיט איז מען יוצא, אנדערע ווידער צינדן אָן 6 ליכט־לעך א זכר פון די 6 מיליאָן אומגעקומענע יידן און — פּטור. אמת, א יאָרצייט־ליכטל מיט זיין צאַנקען דערמאָנט אָן טייערע און נאָענטע, וועלכע פעלן אין דער משפחה, אָבער אַזאַ פאָלקס־טראַגעדיע, ווי מיר יידן האָבן איבערגעלעבט, קען ניט און טאָר ניט אויף אַזאַ איינפאַכן אופן דערמאָנט ווערן, דאָס קליינע פלעמעלע קען ניט אויפוועקן אין אונדזער געמיט די וויזיע פון יענע שרעקלעכע שרפות, מיט וועלכע דער נאַצי־פאַשיזם האָט געצונדן אונדזערע היימען, יידישע שטעט און שטעטלעך.

אונדזער טראַגעדיע איז אזוי גרויס, אז בלויז דערמאָנען זי איז פּחיתות־הכבוד פאַר אונדזערע קדושים, מען דאַרף זיך פאַרטיפן איבער די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען, אז א בלוטיקער מבול זאָל פאַרטרינקען די וועלט אין בלוט און אין טרערן און פאַרשלינגען 6 מיליאָן יידישע לעבנס. מען מוז לערנען די געשיכטע און ציען די געהעריקע שלוסן; מען מוז באַנוצן די געהעריקע מיטלען אז אַזעלכעס זאָל זיך ניט איבערחזרן.

אין זייער געראַנגל האָבן די געטאָ־העלדן געוווּסט, אז זיי וועלן ניט באַזיגן די נאַצי־בעסטיע אויפן לאָקאַלן שלאַכט־פעלד; די גבורים פון וואַרשעווער געטאָ האָבן געוווּסט, זייער שלאַכט איז פאַרשפּילט, ווייל א קליין הייפעלע אויסגע־מוטשעטע, אויסגעהונגערטע, קראַנקע מענטשן, אָן א מיליטערישער צוגרייטונג, אָן געווער קאָן ניט באַזיגן א מעכטיקע דיסציפּלינירטע אַרמיי, וואָס איז באַוואָפנט מיט די מאָדערנסטע מלחמה־אינסטרומענטן און פאַרשיכורט פון טריומף און פון דער איינבילדונג, אז דאָס דייטשישע פאָלק איז דאָס בעסטע און דאָס שטאַרקסטע

אויף דער וועלט. די געטאָ־העלדן האָבן געזען די ווירקלעכקייט, אַז זיי וועלן אומקומען אין דעם ניט גלייכן קאַמף. אַרומגערינגלט פון ווילדע חיות, האָבן זיי געוווּסט, אַז זייער לעבן וועלן זיי ניט ראַטעווען, זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז מיט זייער טויט וועלן זיי אויפמונטערן די דעמאָקראַטישע כוחות צו קעמפן און פאַרניכטן די נאַצי־בעסטיע, דעם שונא פון דער וועלט, פון פרייהייט, און פון יידישן פאָלק.

און זיי האָבן דאָס דערגרייכט; יעדער טראָפּן בלוט האָט געשריגן פאַר גערעכטיקייט, גערופן צו נקמה, געמונטערט צום זיג. די דעמאָקראַטישע כוחות האָבן ענדלעך געזיגט איבער די נאַצים, די נאַציסטישע רויבער־האָרדעס זיינען געלאָפן ווי געשלאָגענע הינט צוריק אין זייער פאָטערלאַנד. נאָך דער מלחמה האָבן די פעלקער באַווייַנט זייערע טויטע און זייערע חרוב־געוואָרענע לענדער. מיר יידן האָבן פּראָפּאָרציאָנעל געליטן מער ווי אַנדערע פעלקער, מיר האָבן טייער באַצאָלט. אונדזער הורבן איז אַ שוידערלעכער, מיר האָבן פאַרלוירן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק.

היינט פייערן מיר די 13־טע יאָרצייט פון די העראָישע געטאָ־קאַמפן, אָבער, ווי געזאָגט, ניט בלויז צוליב דערמאָנען, נאָר בכדי צו לערנען פון זייער העראָישן קאַמף, פון דער מאַרטירער־געשיכטע. אונטער דעם פּראָזשעקטאָר פון זייער צוואה וועלן קלאָר די סיבות, וועלכע האָבן געבראַכט מיידאַנעק און טרעבלינקע און אויך די סכנה, וואָס לויערט איבער דעם יידישן פאָלק אין פאַל אויב דעם נאַ־ציזם זאָל זיך איינגעבן צוריקצוקומען צו דער מאַכט.

דער וועלט־קאַפּיטאַליזם האָט געזען אין היטלערס פּלענער אויסצושפּרייטן די גרענעצן פון דייטשלאַנד אַ מיטל צו צעברעכן דעם ראַטנפאַרבאַנד, וועלכער האָט מיט זיין סאָציאַליסטישן סיסטעם אַנגעוואָרפן אויף אים אַ שרעק און באַדראָט זיין עקזיסטענץ. דער וועלט־קאַפּיטאַליזם האָט מיט אַלע מיטלען געשטיצט היטלערן, ווייל ער האָט געזען אין היטלעריזם דעם שליח צו צעשטערן די נייע אָרדענונג. זיין שונא איז געווען דער ראַטנפאַרבאַנד און ניט דער נאַציזם. אָבער פאַר יעדן דענקנדיקן מענטשן איז געווען קלאָר, אַז היטלער וועט צעפלאַקערן אַ מלחמה, וואָס וועט אַוועקרייסן מיליאָנען לעבנס, און מיר באַוווּסטזיניקע יידן האָבן ניט געצווייפלט, אַז עס רוקט זיך אָן אויף אונדז אַ גרויס אומגליק. די אַנטיסעמיטישע גזרות, די נירענבערגער געזעצן, דאָס ברענען ביכער פון יידישע שרייבער, די קאָנפיסקאַציע פון יידישע מאַטעריעלע און גייסטיקע ווערטן, דאָס רופן צו מאַכן די וועלט יידן־ריין האָבן ניט געלאָזט קיין אילוזיעס וועגן דעם, וואָס עס וועט ווערן פון אונדזער פאָלק, ווען דער נאַציזם וועט אַרויס פון זיינע גרענעצן און זיך לאָזן מיט אַ מלחמה־מאַרש אויף דער וועלט. דערפאַר האָבן די יידישע פאָלקס־מאַסן מיט זייער קולטור־אַוואַנגאַרד געקלאַפּט טרעוואָגע און

געוואָרנט, גערופן צו אייניקייט, גערופן צו פאַרגעסן אַלע שטרייטן און פּאַרטיי־ניקן זיך קעגן שונא. די לאָזונג פון אייניקייט איז געוואָרן דער געבאָט פון טאָג, אָבער, ליידער, צו אונדזער גרויסן אומגליק, האָט די יידישע רעאַקציע מיט איר מעכטיקן פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט די טרעוואָגע אויסגעלאַכט, פון פּחד פאַרן פאַשיזם חוזק געמאַכט, די מורא פאַר דער געפאַר צו נישט געמאַכט. מען דאַרף ניט קיין אייניקייט — האָט זי געזאָגט, מען דאַרף זיך ניט שרעקן, ווייל עס וועט גאַרניט פּאַסירן, היטלער האָט בלויז אין זינען די באָלשעוויקעס און פאַר זיי דאַרף מען זיך ניט זאָרגן, וואָס שנעלער היטלער וועט מיט זיי ענדיקן, אַלץ בעסער וועט זיין.

די יידישע און וועלט־רעאַקציע האָבן געטאָן אַלץ אָפּצושוואַכן דעם ווידער־שטאַנד־כוח. אָבער ווען עס האָט פּאַסירט דאָס, וואָס זיי האָבן ניט דערוואַרט און דער משחית, וועלכן זיי אַליין האָבן דערצויגן, האָט זיך געלאָזט גאָר אויף זיי און ניט אין דער ריכטונג, ווו זיי האָבן אָנגעוויזן, ערשט דעמלט האָבן זיי דערזען, אַז דער נאַצי וויל ניט בלויז דעם מזרח נאָר אויך דעם מערב, אַז זיין אַמ־ביציע איז צו באַהערשן און פאַרשקלאַפן די גאַנצע וועלט. אויך די יידישע רעאַק־ציע האָט דעמלט דערפילט, אַז דער פאַשיזם האָט זיך פאַרמאָסטן ניט בלויז קעגן די יידישע פּראָגרעסיווע פאָלקס־מאַסן, נאָר ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל געגנצלעך צו פאַרניכטן ביזן וואָרצל דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אָן אונטערשייד פון געשלעכט, עלטער, פּאָליטישער אָדער פילאָזאָפישער אידייע: אַלע יידן און אַלץ וואָס איז יידיש, אַלץ וואָס האָט די מינדסטע שייכות צו יידישקייט. יידיש בלוט האָט גערונען פון די דייטשישע מעסערס: בלוט פון אַרבעטער, קאַפּיטאַ־ליסטן, פריידענקער, אָרטאָדאָקסן, אפיקורסים, און אפילו פון משומדים. דער נאַצי־מלאך־המות האָט געשאָכטן אָן אונטערשייד און אָן רחמנות.

און אַזוי האָט געשפּאַנט דער נאַציזם, איבערלאָזנדיק הינטער זיך בערג מיט טויטע, יתומים, אלמנות, בלוט, טויט, הונגער און עלנד.

די יידישע פאָלקס־מאַסן האָבן געוווּסט, אַז זייערע איינציקע פאַרבינדעטע אין קאַמף זיינען די דעמאָקראַטישע כוחות, ווייל די אימפּעריאַליסטן — הגם זיי האָבן זיך אויך געשלאָגן קעגן דעם דייטש — איז דאָס אָבער ניט געווען פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, נאָר דערפאַר, ווייל דער נאַצי האָט ניט געוואָלט קיין שותפים צו זיין רויב, ער אַליין האָט געוואָלט זיין דער באַלעבאָס פון דעם אָנגערויבטן.

אין אָנזיכט פון שונא האָבן די יידישע מאַסן זיך פאַראייניקט, עס זיינען פאַרשוווּנדן אַלע פּאָליטישע הלוקי־דעות, איין אידייע האָט אַלעמען באַהערשט: קעמפן קעגן די נאַצים, נקמה פאַר אונדזערע אומגעבראַכטע משפחות, פאַר אונדזערער טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, פאַר די פאַרברענטע

שטעט און שטעטלעך, פאר די פארגאזטע אין די קרעמאטאָריעס, פאר די אומ־געבראכטע קולטור־אוצרות, קעמפן פאר פרייהייט, פאר דעם יידישן כבוד, פארן יידישן קיום און המשך.

אלע אנטי־היטלעריסטישע עלעמענטן, אלע פארטייען האָבן זיך צוזאמענ־געשלאָסן און געמיינזאַם אַרויס אין קאַמף: קאָמוניסטן, בונדיסטן, ציוניסטן פון אלע גרופירונגען, לעוואַרטאָווסקי, שמיד, ראָזנפעלד, אניעלעוויטש, קאפלאַן, בערלינסקי, קלעפפיש, פראשקער, — א פולע נאַציאָנאַלע איינִיקייט.

אונדזערע גבורים האָבן געשריבן מיט זייער בלוט די געשיכטע פון יידישן העלדנמוט, פון יידישן נאציאָנאַלן באַוווסטזיין. היינט דערמאָנען מיר יענע יידי־שע לעגענדארע חלדן מיט רום און מיט שטאָלץ, זייער הייליקן אָנדענק גלאָרי־פיצירן מיר, און זייער ביישפיל פון איינִיקייט נעמען מיר אָן אלס געזעץ. נאָר געאייניקט קענען מיר זיין א פריי יידיש פאָלק.

די חלדן פון וואַרשעווער געטאָ האָבן איבערגעלאָזט ניט בלויז א ביישפיל, נאָר אויך א הייליקע צוואה!
קיין מאָל ניט מוחל זיין!
קיין מאָל ניט פארגעסן!

האָט טאקע קיינער ניט מוחל געווען? האָט טאקע קיינער ניט פארגעסן? געווען אזעלכע, וואָס האָבן מוחל געווען, געווען אזעלכע, וואָס האָבן פארגעסן. די אלע שחיטות און מערדערייען, וועלכע דער נאציזם איז באגאנגען, האָבן יענע באלד פארגעסן, אלע מכלומרשטע פראָצעסן קעגן די נאצי־מערדער, זיינען ביי זיי נאָר געווען צו שיטן זאמד אין די אויגן, צו בארואיקן די פעלקער, אין וועלכע עס האָט געברויזט צאָרן און ווילן פון נקמה. אין דער אמתן האָבן די אמעריקאנער און ענגלישע מלוכה־לייט געזוכט אויסצוהיטן די הינטישע לעבנס פון דעם גרעסטן טייל פון די נאצי־רוצחים, ווייל זייער ווילן צו פארניכטן דעם ראטנפארבאנד האָט זיך ניט געביטן, און צו דעם וועלן זיי באדארפן דעם דייט־שישן מיליטאריזם אלס שותף. מען האָט באדארפט א שטיקל צייט סימולירן, כדי מען זאָל קענען שפעטער ארויסקומען אָפן און זאָגן, אז „וואָס געווען איז געווען". איצט האָבן זיי די מאסקע אָפן און הוצפהדיק אראָפּגעוואָרפן. מען האָט אָנגע־הויבן רעדן קלאָרע דבורים פון א נייער מלחמה, פון צוריק אויפשטעלן דעם דייטשישן מיליטאריזם. דער אטלאנטישער אָפמאך, וועלכער גרייט צו די מלחמה האָט ארייננענומען דאָס רעוואנשיסטישע מערב־דייטשלאנד אלס א פארבינדעטן, האָט אים דערלויבט זיך צו באוואָפענען און שאפן א נייע גרויסע ארמיי. זיין קריגס־אינדוסטריע האָט שוין פון לאנג איבערגעיאָגט די פארמלחמה־פראָדוק־ציע און דער נאציסטישער אפאראט איז שוין אויך ווידער גרייט. אין דער אָנ־פירונג פון מערב־דייטשלאנד שטייען די אלטע גאַרגל־שניידער, די אלטע גענע־

ראלן פון די עס־עס טרופן מיט זייערע פריערדיקע שטאבן, און די ציווילע אמטן זיצן אויך די פריערדיקע שטורעם־טרופן־פירער.

אין אַזאַ מאָמענט וואָלטן אלע יידן זיך באדארפט פאריניקן און געמיינזאם אלארמירן די וועלט פאר דער געפאר, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאַר א מיליטאריסטיש דייטשלאנד, אָבער די יידישע רעאקציע טוט דאָס ניט, זי העצט קעגן ראטנפארבאנד, היטלערס בלוטיקן חשבון מיט די יידן האָט זי פארגעסן און מוחל געווען.

דער איינציקער ליכטיקער פונקט נאָך דער גרויסער טראגעדיע און קאַטאסטראָפע, איז דאָס אנטשטיין פון מדינת ישראל. ישראל האָט פארווירקלעכט הַעם טויזנט־יאָריקן חלום פון א היים פאר דעם יידישן פאָלק. די געאָגראפישע פאָזיציע און די פאָליטיש־עקאָנאָמישע לאגע פון מדינת ישראל, פאָדערן, אז די מדינה זאָל לעבן אין פרידן מיט אלע פעלקער, און נאָך מער פאָדערט זיך דאָס אין דער ברויזנדיקער היינטיקער צייט, ווייל בלויז שלום קען פארזיכערן די עקזיסטענץ פון ישראל, אלס א מלוכה. יעדער פאָליטישער אנאַלפאבעט ווייסט שוין היינט, אז די וועלט איז צעטיילט אויף צוויי טיילן: פון איין זייט דער אמעריקאנער און ענגלישער אימפעריאליזם, וועלכער זוכט אָנצוצינדן א נייע וועלט־שרפה צוליב געלט־און מאכט־אינטערעסן, און פון דער צווייטער זייט דער ראטנפארבאנד מיט די פאָלקס־דעמאָקראטישע לענדער, וועלכע זוכן שלום מיט אלע מיטלען. מיר יידן זיינען לויט אונדזער טראדיציע א פאָלק פון שלום. לאָגישערווייז, וואָלט ישראל באדארפט זיך באציען סימפאטיש צו די שלום־ליבנדיקע פעלקער, איך זאָג שוין ניט זיך איינשליסן; אָבער וואָס זעען מיר? פונקט דאָס פארקערטע: די רעגירונג און די רעגירונגס־פרעסע ווייזן ארויס א פיינטלעכע שטעלונג קעגן די פאָלקס־רעגירונגען. די ישראלדיקע רעגירונגס־פרעסע בלייבט ניט הינטערשטעליק אין פארגלייך מיט דער באצאָלטער פרעסע פון אמעריקאנער שטאטס־דעפארטאמענט.

דער אויסערן מיניסטער פון ישראל לייגט פאַר א פאקט אמעריקע. אמעריקע האָט דעם פאקט נאָך ניט אָנגענומען, ווייל צוליב אירע געלט־אינטערעסן לוינט איר זיך בעסער אנטקעגנצוקומען דער אראבישער וועלט מיט איר גרויסער באַפעלקערונג און פעטראָליום־רעזערוון, איידער ישראל. אָבער וואָס הייסט א פאקט מיט אמעריקע? ד. ה. פשוט און פראָסט צושטיין צום מלחמה־בלאָק, אריינגיין אין אטלאנטישן פאקט, אָדער אין באגדאדער פאקט, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר די פאָרזעצונג פון אטלאנטישן פאקט. א מיליטערישער אמעריקאנער עקספערט שרייבט אין ניו־יאָרקער „טיימס": „באגדאד האָט פארקירצט דעם וועג פון די אוויאָנען, וועלכע וועלן פליען מיט אטאָמישע באָמבעס איבערן ראטנפארבאנד".

אונדזער יידישע מארטירער־געשיכטע ציט זיך זייט טויזנטער יאָרן. דור נאָך דור זאפּט אין זיך איין דעם בלוטיקן עבר פון יידישן פאָלק. די געשיכטע האָט אונדז ניט געשאנעוועט, אין אלע יאָרן און אין אלע לענדער פון דער וועלט האָבן מיר געליטן. אָבער דאָס יידישע עקשנות צו פארבלייבן יידן, האָבן ניט געקענט ברעכן אפילו די גרעסטע טיראנען. אויף יעדער גזירה, האָבן יידן גע־ ענטפערט מיט א פארשטארקט געפיל פון נאַציאָנאלן זעלבסט־באוווסטזיין, נאָך יעדער פארפאָלגונג האָבן יידן פארשטארקט זייער קולטור. אונדזער ווילן צו בלייבן יידן האָבן מיר געירשנט פון אומצאָליקע דורות. אדאנק דעם ציט די יידישע געשיכטע איר טויזנט־יאָריקע קייט אָן איבעריים.

מיר, יידן, האָבן אָבער קיינמאָל ניט פארגעסן אונדזערע געשיכטלעכע שונ־ אים, מיט האס און צאָרן זיי ערן זיי דערמאָנט, זייער רשעות האָט איבערגעלאָזט א טיפן ווייטיק אין אונדזערע הערצער און נשמות, מיר קענען זיי ניט מוחל זיין. מיר קענען ניט פארגעסן: המן, עמלק, די רוימער, שפאניע, פאָרטוגאל, און שפּע־ טער: דאָס צארישע רוסלאנד, דאָס פאשיסטישע רומעניע, דאָס פריצישע פוילן און אוודאי ניט דאָס היטלערישע דייטשלאנד.

אונדזערע קינדער אין די שולן האָבן געלערנט די פיזישע און גייסטיקע ליידן, וואָס די יידישע שונאים האָבן אונדז פארשאפט און זיי האָבן איינגעזאפּט אין זיך דאָס געפיל זיי פיינט צו האָבן. דאָס געפיל איז געגאנגען פון דור צו דור, פון טאטן צום קינד.

אָבער ווי בלוטיק אונדזער געשיכטע איז ניט געווען, האָט זי דאָך ניט צו פארצייכענען אזעלכע שרעקלעכע שחיטות, הריגות, אזעלכע גרוילטאטן ווי די, וואָס די נאַצים זיינען באגאנגען קעגן אונדזער פאָלק.

ס'איז נאָך אזוי פריש דער ווייטיק, ס'בלוטן נאָך די וונדן, וואָס דער נאצי האָט פארשאפט אונדזער פאָלקס־קערפּער, ס'איז דאָך נאָך ניט אָנגעוואקסן קיין גראָז אויף די ברידער־קברים, ס'זיינען נאָך ניט אָפּגעקילט געוואָרן די קרעמא־ טאָריעס, די קאלך־אויוונס, אין יעדער יידישער שטוב, ווו זי זאָל זיך ניט געפינען, איז דאָך דאָ אן אבל — טאָ ווי אזוי קען מען דאָס אזוי שנעל פארגעסן?

ס איז אנטשטאנען א נייע מין ליטעראטור נאָכן חורבן, די איבערגעבליבענע האָבן אין ביכער פארצייכנט די טראגעדיע פון זייער שטעטל. יעדער בוך ברענגט די געשיכטע פון פריערדיקן פרידלעכן לעבן, פאָטאָגראפיעס און בילדער פון מענטשן, פון אינסטיטוציעס, פון קינדער אין די שולן, פון א ברוויזנדיקער יוגנט, פון ביבליאָטעקן, פון פארזאמלונגען פון פארשידענע אידייאישע און פּאָליטישע ריכטונגען. ס'האָט געקלאפּט א יידיש פול־בלוטיק, אינטענסיוו לעבן און דאָס אלץ איז מער ניטאָ! דער נאצי־משחית האָט די מענטשן דערמאָרדעט און די שטעטלעך פארברענט. אין די זעלבע ביכער זעען מיר די שרעקלעכע בילדער, ווי מען שיסט

יידן מאסנווייז, ווי זיי ליגן אין די אַנגעוואָרפּענע קופּעס, ווי מאסן יידן וואַרטן אויפן טויט־צוג, וועלכער וועט זיי פירן אין די גאַז־אויוונס, ווי די נאַצישע סאָלדאַטן ווערן צעשמאָלצן פאר געלעכטער, צוקוקנדיק, ווי די דערשאָסענע יידן כאָרכלען אין דער גסיסה, ווי יידישע פרויען ווערן אויסגעטאָן נאקעט אין מיטן מארק פאר די אויגן פון די נאצי־מיליטאַריסטן, וועלכע האָבן הנאה פון דעם ספּעקטאַקל. ס׳זיינען דאָרט דאָ דאָקומענטן און דערציילונגען פון מענטשן, וועלכע האָבן אליין איבערגעלעבט אָט דעם גיהנום און זיינען געבליבן לעבן על־פּי־נס. קיין משוגענע פאנטאזיע וואָלט ניט געקענט אויסטראכטן אזעלכע יסורים, ווי די, וואָס די דייטשן האָבן פארשאפן דעם יידישן פאָלק אין דער ווירקלעכקייט. יעדער בוך איז א יאָמער, א ים פון ליידן און פיין. קיין ייד, ווי פאַרהאַרטעוועט ער זאָל ניט זיין, קען ניט לייענען אָט די ביכער, וועלכע הייסן נאָך די נעמען פון די חרובע שטעטלעך און ער זאָל ניט צוזאַמענברעכן פון טיפן שמערץ. טאָ שטעלט זיך די גרויזאַמע פראגע, ווי אזוי קען מען דאָס פארגעסן?

צו אונדזער גרויסער שאנד און ווייטיק, מוז מען זאָגן, אז די יידישע רעאקציע האָט דאָס פארגעסן און מוחל געווען!

זיצן יידן ביי איין טיש מיט די נעכטיקע מערדער און פאַרהאַנדלען וויפל ע׳מוציקע מארקן עס האָט די ווערט א יידיש לעבן; מען האנדלט, מען דינגט זיך איבער דעם פרייז, און מען פארגלייכט זיך. דער מערדער קען זיין צופרידן: געשלאָסן א געשעפט, אזוי פיל מיליאָנען יידן דערהרגעט, און אזוי פיל מיליאָנען מארקן באצאָלט — געשעפט איז געשעפט.

שווימען שיפן קיין ישראל אונטער סוואסטיק־פאָנען און פירן סחורות איינגעהאנדלט פאר דעם בלוטיקן פדיון־געלט. פון יעדן שטיקל סחורה שרייט ארויס דאָס פארגאָסענע בלוט, אָבער די געשעפטס־מאכער באטראכטן זיך פאר די ריכטיקע נאציאָנאלע יידן, און די, וועלכע ווילן זיך ניט צורירן צו דעם מוקצה־געלט, די זיינען ביי זיי ניט קיין יידן, די זיינען: עוכרי־ישראל, אנטי־נאציאָנאלע עלעמענטן, — יעווסעקן. מען רעדט אין נאָמען פון יידן, און ס׳ברענט ניט דאָס פּנים פאר שאנדע. יידישע קולטור־אינסטיטוציעס גיבן ארויס ביכער אויפן חשבון פון די געלטער, און פילן ניט, אז יעדער בלעטל איז דער פרייז פון א דערמאָרדעטן ייד. די יידישע רעאקציע האָט שוין אלץ פארגעסן!

די יודנראטלער און קאפּאָס, וועלכע האָבן אזוי הינטיש־טריי געדינט די נאצים, וועלכע האָבן דורך פייניקונגען און מסירות אומגעבראכט הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע האָבן ביי די קרבנות אויסגעפּרעסט דעם לעצטן גראָשן איידערנאָך זיי געשיקט אין די קאלך־אויוונס — אָט די פּאסקודנע ברואים, פון וועלכע יעדער ייד דאַרף זיך אָפּקערן מיט עקל; אָט די מנובלים, וואָס דאַרפן ווי מצורעים געשטעלט ווערן מחוץ למחנה, אָט די, וואָס זיינען דער שווארצער פלעק אין אונדזער געשיכטע, האָבן צום אומגליק געפונען אן עיר־מקלט אין

אונדזער אייגענער מדינה, אין ישראל; קאסטנער און זיינס גלייכן גייען ארום פראנק און פריי אויף יידישער ערד און יידישע שופטים געפינען ניט פאר זיי קיין שטראָף. די מאָטאָ: פארגעסן און מוחל זיין, האָט ביי דער יידישער רעאקציע געזיגט!

אויך דאָ, ביי אונדז אין בראזיל, קומט פאָר דאָס זעלבע. די קארליקלעך פון דער אזוי־גערופענער פעדעראציע ווילן נאָכמאָן די גאָלדמאַנס, און עס ארבעט פאר זיי גאָלדמאנס פאָרשטייער דאָ, דער דר.ווינטערשטיין. דר.ווינטערשטיין האָט געמאָלדן דעם וועלט־קאָנגרעס, אז די „פעדעראציע” איז מסכים אָנצונעמען די דייטשישע געלטער. איז טאקע געקומען א שליח מיט א פולן בייטל גרייט צו צעטיילן. אָבער צו אונדזער כבוד דארף געזאָגט ווערן, אז קיין יידישע אינסטי־טוציע האָט זיך צו דעם געלט ניט געוואָלט צורירן, אפילו אזעלכע, וואָס נויטיקן זיך שטארק, ווי: דער פרויען־פאריין, מושב זקנים, קינדער־היים, פאָליקליניק. אחוץ דייטשע יידן.

דעם ענין צוקורס, אָט דעם מערדער, וועלכער האָט אויסגעקוילעט 20 טויזנט יידן אין לעטלאנד, האָט די פעדעראציע שוין לאנג פארגעסן און אים מוחל געווען. ס'לוינט זיך ניט, גרעסערע יידישע מערדער פון צוקורס זיצן אין די דייטשישע קאבינעטן און יידן פארהאנדלען מיט זיי . . .

איצט די צווי ברידער־באנדיטן, די וייפמאנס, וועגן וועלכע ס'איז אזוי פיל געשריבן געוואָרן און וועגן וועלכע עס זיינען דאָ בערג מיט דאָקומענטן און לעבעדיקע עדות, וואָס באשטעטיקן די גרויזאמקייטן, וואָס זיי זיינען באגאנגען לגבי די אומגליקלעכע יידן, וועלכע זיינען אריינגעפאלן צו זיי אין לאגער. וויפל לעבנס האָבן זיי אומגעבראכט! פון זייערע הענט טריפט דאָס אומשולדיקע בלוט, וואָס זיי האָבן פארגאָסן. זייערע קעשענעס זיינען אָנגעפילט מיט פאר־מעגנס, וואָס זיי האָבן אָנגערויבט ביי די קרבנות. עס איז געווען אן אויספאָרשונג, א משפט, און דער ישוב האָט די 2 אויסוואורפן אריינגעלייגט אין חרם, ימח שמם־וזכרם, דער ישוב האָט פון זיי געווייכט ווי פון א פעסט, און אזוי וואָלטן זיי פאר־בליבן אין זייער הינטישער נאַרע. די פעדעראציע האָט אָבער געהאט דעם מוט צו מעלדן עפנטלעך, אז זי גייט רעווידירן דעם וייפמאן־פראָצעס און וועט זיי רעהאַ־ביליטירן.

די פעדעראציע־לייט אָרדענען איין געטאָ־הזכרות, דאָס זיינען אָבער ניט קיין הזכרות, נאַר א הוזק, א ביטערער שפאָס פון די העלדישע געטאָ־קעמפער. עס זיצן אין פרעזידיום מענטשן, וועלכע געניסן פון פדיון־געלטער, מענטשן, וועלכע זיינען גרייט ריינצוואַשן יודנראטלער, קאפאָס פון קאָנצענטראציע־לאַגערן, יידישע פייניקער און פאררעטער. די הזכרה פון אזעלכע מענטשן איז א באליידי־קונג, א חלול־השם, א פראָפאנאציע פון די הייליקע קברים פון אונדזערע מאר־טירער, דאָס איז ניט קיין הזכרה, נאַר א שדים־טאַנץ.

די יידישע רעאקציע האָט פארגעסן, אָבער מיר, די יידישע פאָלקס־מאסן וועלן שטענדיק אונדזערע גבורים דערמאָנען מיט יראת־הכבוד!

מיר וועלן זיי ניט פארגעסן! קוקנדיק דעם טויט אין די אויגן אריין, האָבן זיי געקעמפט פאר אונדזער נאציאָנאלן קיום, די צוקונפט פון יידישן פאָלק האָבן זיי געשטעלט העכער פון זייער לעבן!!!

ביי דעם אָנבליק פון טויט, האָבן זיי אָנגעהאלטן שולן, אז די יידישע שפראך זאָל לעבן. אין די בונקערס האָבן זיי געלעזן אונדזערע דיכטער און שרייבער און דורכגעפירט קולטור־אָוונטן, ווייל זיי האָבן געגלויבט אין דער אייביקייט פון דער יידישער קולטור. מיר וועלן געדענקען זייער העראָישן קאמף. מיר וועלן דערמאָנען די פינצטערע בונקערס, ווו זיי האָבן געשמידט אונדזער צוקונפט. מיר וועלן זייער ביישפיל פון אייניקייט פאָרזעצן, ווייל אין אייניקייט ליגט די שטארקייט פון א פאָלק. מיר וועלן אויך ניט פארגעסן, אז זיי האָבן דער וויטערדיקער יידישער געשיכטע צוגעגעבן כבוד און חשיבות.

מיר וועלן קיינמאָל ניט מוחל זיין די מלחמה־צינדער.

מיר וועלן ניט מוחל זיין די שעפער פון קאָנצענטראציע־לאגערן און קרעמאטאָריעס.

מיר וועלן ניט מוחל זיין די, וואָס האָבן געשענדעט אונדזערע מענטשלעכע און נאציאָנאלע סענטימענטן, די אויסראָטער פון א דריטל פון אונדזער פאָלק, די מערדער פון אונדזערע משפחות.

דער מאָנומענט, וואָס שטייט אין ווארשע, וועט דורך דורות דערציילן זייער מסירת נפש, זייער העראָישן קאמף קעגן דעם נאצי־פאשיזם. דער מאָנומענט וועט אויך באגייסטערן די צוקונפטיקע דורות פאָרצוזעצן אונדזער קיום אלס פאָלק און בויען ווייטער א שיינע נאציאָנאלע קולטור, וועלכע זאָל זיין א כבוד פאר אונדז און א ביטראָג צו א פרייער, דעמאָקראטישער וועלט־קולטור.

# צען יאָר מדינת ישראל *)

ס׳דערנעענטערט זיך דער טאָג, ווען די גאַנצע יידישע וועלט, אָן אונטערשיד פון פּאָליטישער אידעאָלאָגיע, גרייט זיך צו פייערן דעם 10־טן אַניווערסאַר פון דעם ווידערגעבורט פון דער יידישער מדינה, און אָט דער גרויסער יום־טוב פון 10 יאָר נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט פון מדינת ישראל פילט אָן מיט פרייד און זעלבסטווירדע יעדן יידן, ווו ער זאָל זיך ניט געפינען.

דער יום־טוב פאַרפליכטעט זייער ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן סיי וועגן די פּערספּעקטיוון, וועלכע דערוואַרטן דער מדינה אין אַנבליק פון דער רעאַלער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סיטואַציע, ווי זי איז היינט צו טאָג ניט בלויז אין ישראל, נאָר אויך אין די איבעריקע טיילן פון דער וועלט, און איבערהויפּט אין די שכנישע אַראַבישע לענדער.

די 10 יאָר עקזיסטענץ פון ישראל זיינען ניט געווען קיין לייכטע, אָן אַ צאָל פּראָבלעמען פון פאַרשידענעם כאַראַקטער האָבן געפאָדערט אַ באַלדיקע לייזונג: פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, קולטורעלע, אַדמיניסטראַטיווע און אַנדערע. מיט איין וואָרט, מען האָט באַדאַרפט איינשטעלן אַ מלוכה־אַפּאַראַט מיט אַלע אינסטאַנצן, וועלכע זאָלן פירן דאָס לאַנד, און באַזאָרגן די באַפעלקערונג, אַז זי זאָל קענען אָנגיין מיט אַ נאָרמאַל לעבן.

אין צענטער פון די אומצאָליקע פּראָבלעמען איז געשטאַנען דאָס וויכטיקע און פונדאַמענטאַלע (סיי פון הומאַניטאַרן שטאַנד־פּונקט און סיי פון נאַציאָנאַלן) פּראָבלעם פון דער שארית־הפליטה, וואָס האָט זיך געפונען צעוואָרפן איבער פיל קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

די יונגע מלוכה איז ניט געווען צוגעגרייט פאַר אַזאַ מאַסן־אימיגראַציע, ניט איר אגריקולטור און ניט איר אינדוסטריע האָט פאַרמאָגט די באַזע אויף צו קאָנען באַזאָרגן מיט אַרבעט און לעבנסמיטלען אַזאַ גרויסע צאָל עולים. איבערהויפּט איז דאָס וווינונגס־פּראָבלעם געווען פון די שווערסטע, אַזאַ זאַך ווי צו געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, קען ניט געמאַכט ווערן פון איין טאָג אויפן צווייטן. ווען מען נעמט אין באַטראַכט די אַלע שוועריקייטן מיט דעם צוגאָב, אַז דער

---

*) דאָס ארטיקל איז די לעצטע פּובליציסטישע ארבעט וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער רעדאקציע פון „דער פּוילישער ייד" נומ. 8

מענטשן־מאַטעריאַל, וועלכער האָט באַדאַרפט אָנקומען אין נייעם לאַנד, האָט געפאָדערט אַ ספּעציעלן צוגאַנג, ווייל די מלחמה־יאָרן: היטלעריזם, קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן שטאַרק געווירקט אויף זייער פיזישן און פסיכישן צושטאַנד, דאָן ווערט קלאָר, וויפל אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען עס האָבן זיך געפאָדערט אויף צו געבן די קרבנות פון נאַציזם די מעגלעכקייטן צו געניסן פון אַ נאָרמאַלן מענטשלעכן לעבן.

ס'זיינען ניט נויטיק קיין ציפערן און סטאַטיסטישע דיאַגראַמען, כדי זיך צו איבערצייגן אין די גרויסע דערגרייכונגען פון מדינת ישראל אויף אַלע געביטן. עס איז גענוג זיך צו באַקענען מיט דעם פאַקט, אַז ווען די מלוכה איז אַנטשטאַנען, האָט איר באַפעלקערונג געציילט קנאַפּע 700.000 מענטשן, און היינט, בלויז נאָך 10 יאָר עקזיסטענץ, ציילט זי באַלד 2 מיליאָן. כן ירבו.

די עקאָנאָמישע דערפאָלגן און אויך אַלע איבעריקע וועלן אָבער זיין געזיכערט, בלויז דעמאָלט, ווען דער שלום וועט זיין געזיכערט אויף דער וועלט, אין ווען ישראל וועט איינשטעלן גוטע, פריינטלעכע באַציונגען מיט אירע אַראַבישע שכנים. דאָס דאַרף זיין קלאָר פאַר יעדן מענטשן, און דאָס צו דערגרייכן, דאַרף זיין דער עיקר פון אַלע עיקרים פאַר דער ישראל־רעגירונג.

ליידער, ווייזט די בן־גוריון־רעגירונג ניט אַרויס, אַז זי איז גענייגט צו פירן איר פּאָליטיק אין דער ריכטונג. אומצאָליקע באַווייזן שטעלן פעסט, אַז די היינטיקע רעגירונג פון ישראל גייט אין די פוסטריט פון דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, וואַרפט אונטער איר אינערלעכע און אויסערלעכע פּאָליטיק דעם ווילן פון פּאַסטער דאַלעס און שטימט אין דער „אָנו" אומקאָנדיציאָנעל פאַר אַלע פּלענער און פאַרשלאַגן, וועלכע קומען פון אַמעריקאַנער און ענגלישע אימפּעריאַליסטן אין זייערע באַשטרעבונגען נאָך עקספּאַנסיע און צו אונטערדריקן די קליינע פעלקער און זיי באַהערשן פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. דאָס איז, נאַטירלעך, ניט דער וועג, וואָס פירט צו שלום און צו אַ געזיכערטער, עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אומאָפּהענגיקער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

עטלעכע פּאַסירונגען פון דער לעצטער צייט זיינען גענוג אויף צו באַשטעטיקן דאָס פריער געזאָגטע. מיט אומרו קוקט אויף זיי יעדער ייד און פרעגט זיך אַליין מיט זאָרג, וואָס וועלן זיין די קאָנסעקווענצן פון דעם? די סיני־אַקציע האָט אָפּגעשטופּט אויף אַ לאַנגע צייט די מעגלעכקייט פון גוט־שכנישע באַציונגען, זי האָט אָפּגעשוואַכט אין די אַראַבישע לענדער די עלעמענטן, וועלכע אַרבעטן פאַר שלום, און, דאַקעגן, פאַרשטאַרקט די רעאַקציאָנערע כוחות. זיי נוצן אויס דעם פאַקט אויף צו באַווייזן, אַז ישראל איז אַ בלוטיקער שונא, וואָס דאַרף פאַרניכטעט ווערן.

עקאָנאָמיש, האָט די סיני־אַקציע געקאָסט 195 מיליאָן דאָלאַר (לויט אַ באַריכט פון פינאַנץ־מיניסטעריום). אָט די ריזיקע סומע האָט געקענט אויסגענוצט

ווערן פאַר פרידלעכע, קאָנסטרוקטיווע צוועקן, צום ביישפּיל פאַר דעם הייזער-בוי, אין וועלכע ישראל נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק.

יעדער מענטש ווי אומפּאָליטיש ער זאָל ניט זיין, ווייסט וואָס עס באַדייט דער „אַטלאַנטישער פּאַקט”, דאָס איז אַ קאָנצענטראַציע פון כוחות, וואָס דער וועלט-אימפּעריאַליזם מיט אַמעריקע בראש האָט געשאַפן קעגן דעם ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס-דעמאָקראַטישע לענדער און קעגן די פעלקער, וואָס ווילן זיך באַפרייען פון זייערע אימפּעריאַליסטישע באַרויבער און אונטערדריקער. די קליינע פעלקער אין קאַמף פאַר זייער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט גייען אַפּ מיט בלוט און ברענגען שווערע קרבנות. אָבער דאָס שרעקט זיי ניט אָפּ. די אונטערדריקטע פעלקער קעמפן דעצידירט און אַנטשלאָסן פאַר זייער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט. קעגן זיי און קעגן די פעלקער, וואָס האָבן זיך באַפרייט, שטייען גרייט די אַרמייען פון אַטלאַנטיק-פּאַקט אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם טרויעריק-באַרימטן יידן-מערדער פאָן שפּיידל.

ישראל אלס א קליין לאַנד מיט אַ קליינער באַפעלקערונג, וואָס איז שטענדיק באַדראָט פון די אימפּעריאַליסטישע באַהערשונגס-אַפּעטיטן איז לאָגיש פאַראינטערעסירט אין זיג פון דעם באַפרייונגס-קאַמף, בפרט, ווען אַ גרויסער טייל פון די אַרמייען פון אַטלאַנטיק-פּאַקט באַשטייט פון יידן-מערדער. ליידער, געשעט פּונקט דאָס פאַרקערטע — די ישראל-רעגירונג באַמיט זיך, אַז זי זאָל ווערן אריינגענומען ווי אַ גלייכער שותף אין אָט דעם רעאַקציאָנערן אַטלאַנטיק-בלאָק. די פּרעסע פון ישראל ברענגט די נעמען פון די שליחים, וועלכע זיינען באַאויפטראַגט געוואָרן צו דערגרייכן אָט דעם אומגליקלעכן ציל, דאָס זיינען שמעון פּרס, דירעקטאָר פון אויסערן-מיניסטעריום און ראובן שילוח, פּאָליטישער ראַטגעבער פון אויסערן-מיניסטעריום.

וואָס קען דאָס ברענגען פאַר ישראל? דאָס קען ברענגען צו דעם, אַז אַלע דעמאָקראַטישע פעלקער זאָלן באַטראַכטן ישראל ווי זייערס א שונא, וועלכער פאַרמעסט זיך אויף זייער סוווערעניטעט און איז אַ דירעקט-באַטייליקטער אין דעם מלחמה-בלאָק. דאָס וועט זיכער ניט ברענגען פאַר ישראל דעם שלום, אין וועלכן זי נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק, און אירע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אינטערעסן קענען פון דעם אַסך ליידן.

דאָס איינשליסן ישראל אין דער אייזענהאַוער-דאָקטרין איז אויך א רעזולטאַט פון דער פאַלשער און געפערלעכער בן-גוריון-פּאָליטיק און איז א בולטער באַווייז, אַז די ישראל-רעגירונג פאָלגט נאָך טראָט נאָך טראָט אומקאָנדיציאָנעל דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק פון אַמעריקע. דאָס זיינען פאַקטן, וואָס באַאומרואיקן יידן, וועמען די עקזיסטענץ פון ישראל אלס אַ יידישע מלוכה איז טייער. די קאָנסעקווענצן פון אַזאַ פּאָליטיק קענען זיין קאַטאַסטראָפאַל!!

אין דער לעצטער צייט הערן מיר פון געשעענישן, וועלכע שוידערן ממש



איקוף־דעלעגאציע ביים ישראל־מיניסטער, א. ארוך, אין ריאָ, 1958

אויף יעדן יידן. דאָס איז בנוגע דעם גע׳דיג ווי אַמשנעלסטן איינצושטעלן נאָר־מאַלע דיפּלאָמאַטישע באַציונגען מיטן נעאָ־נאַצישן מערב־דייטשלאַנד, מיט די וואָס האָבן פאַרניכטעט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. יידן האָבן טויזנטער יאָרן ניט פאַרגעסן עמלקן, הונדערטער יאָרן שפּאַניע, און דאָ וויל מען פאַרגעסן דאָס וואָס איז געווען ערשט נעכטן. אין ישראל אליין לעבן דאָך צענדליקער טויזנ־טער יידן, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם נאַצי־גיהנום, אַ סך וועלכע האָבן מיט געוועהר אין די הענט פאַרטיידיקט דעם כבוד פון אונדזער פאָלק, זיי וועלן דאָס דאַרפן מקבל פּנים זיין דעם פאָרשטייער פון יענעם לאַנד, אין וועמענס רעגירונג עס געפינען זיך זייערע נעכטיקע פייניקער און מערדער. דאָס הייסט: געשפּיגן אויף קברים פון אונדזערע קדושים־געטאָ־קעמפער, וואָס אַ דאַנק זייער אומקום איז געשאַפן געוואָרן די יידישע מלוכה.

ישראל וועט פייערן דעם יובל פון איר צען־יאָריקער עקזיסטענץ, און ס׳קען גאָר ניט זיין קיין אַנדערער ווילן און ווונטש ביי יידן ווי דער, אַז דער יום־טוב זאָל געפייערט ווערן עד סוף כל הדורות.

אָבער דער ווילן אַליין איז ניט גענוג. מען מוז קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן, און דער אמת איז אַזאַ, אַז די עקזיסטענץ פון ישראל איז אָפּהענגיק פון איר אויסערלעכער פּאָליטיק, אויף וויפל זי, אַ קליין לאַנד, וועט קענען אָנ־האַלטן אַ נייטראַלע פּאָזיציע אין דעם היסטאָרישן, גיגאַנטישן געראַנגל צווישן די צוויי וועלטן, און אויף וויפל זי וועט קענען איבערצייגן די אַראַבישע שכנים, אַז זי שטרעבט צו אַן אמתן שלום און צו גוט־שכנישע באַציונגען, ניט רעכענענ־דיק זיך צי דאָס געפעלט יאָ פּאָסטער דאַלעסן, אָדער ניט...

צום גליק זעען מיר, אַז אַזעלכע פּאָליטישע פיגורן ווי נחום גאָלדמאַן און אַנדערע האָבן דאָס פאַרשטאַנען, און אַז אין די פּראָגרעסיווע קיבוצים ווערט אריינגעצויגן די אַראַבישע יוגנט, און זי ווערט אויפגענומען חבריש. אַ פריי ישראל, אַ פּראָגרעסיוו ישראל הייסט אָפּהיטן די אייגענע נאַציאָנאַלע אומאָפּהענ־גיקייט און רעספּעקטירן דעם שכנס. אַ פּראָגרעסיוו ישראל הייסט בויען דאָס אייגן לאַנד עקאָנאָמיש פעסט און רייך, פּאָליטיש זעלבשטענדיק, און קולטורעל שעפעריש, דאָס זעלבע ווינטשן די אַראַבישע שכנים, און צוזאַמען אויפבויען אַ בליענדיקן נאָענטן מזרח פון פרידן און שלום צווישן מענטשן און פעלקער...

# געוואלד - א קריזיס!...

(פעליעטאָן)

די וועלט זאָגט אַ ווערטל, אַז „יעדער ייד איז אַ פּאָליטיקער". איר מעגט טאַקע אין דעם נישט גלויבן און ברענגען אַרגומענטן, אַז ס'זיינען דאָ יידן, וואָס הויבן ניט אָן צו וויסן, ווער עס האָט זיי געשלייערט; אָבער איך באַשטיי אויף מיינעם, אַז יידן זיינען די גרעסטע פּאָליטיקער. א סימן האָט איר ביי אונדז אין שטעטל זיינען געווען יידן, וואָס האָבן קיין צייטונג אין די אויגן ניט געזען, און דאָך האָבן זיי אייך אויסגעלייגט די וועלט-פּאָליטיק ווי אויפן טעלער. אָבער דער גרעסטער באַווייז, אַז יידן זיינען פּאָליטיקער, איז דאָס, וואָס דער ייד האָט אַ גראָבן פינגער און מוז מיט אים דרייען. ווען ניט, טאָ צוליב וואָס וואָלט אים געטויגט דער פינגער? די וועלט-פּאָליטיקער טוען אונדז נאָך. דאָס, וואָס מיר זיינען שוין מיד צו וויסן, דערוויסן זיי זיך העט, שפּעטער און מיינען, אַז זיי האָבן אַנטדעקט אַ נייע אַמעריקע.

אָט, האָט ענגלאַנד זיך צעשריגן און צעגוואַלדעוועט: „ראַטעוועט! קאַראַול! איך בין אריינגעפאַלן אין א קריזיס, איך האָב ניט קיין אַרבעט פאַר מיינע אַרבע־טער און קיין עסן פאַר מיין באַפעלקערונג, די רעגירונגס-קאַסע איז פּוסט און ליי־דיק פּונקט ווי די קעפּ פון מיינע סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן און דער דלות סוויסט־שעט. איך האָב מיך פאַרלאָזט אויפן רייכן פעטער, ער האָט מיר צוגעזאָגט גאָל־דענע גליקן. זיין געניאַלער מאַרשאַל-פּלאַן האָט געזאָלט ברענגען ברכה און הצלחה, ברויט פאַר אַלע הונגעריקע, שיך און קליידער פאַר אַלע נאַקעטע און באָרוועסע. דאָס אַלץ וועט ער געבן, ווייל ער איז רייך, האָט אַ סך געלט און זוכט בלויז צו טון אַ מצווה. טאָמער איז אייך ווייניק, גיט ער אייך אַן אַטלאַנטיק-פּאַקט, באַשמאַלצן מיט אַ ביסעלע קאַלטע און הייסע מלחמה. און איצט איז אַז אַך און ווי צו מיין פּאָלק! ערשט איצט האָבן מיר זיך ארומגעזען, אַז מיר זיינען אויף געהאַקטע צרות. אַנשטאָט צו געבן, האָט ער, דער רייכער, נאָך ביי אונדז צוגענומען די נשמה, אונדזערע טייערינקע ליבראַס זיינען עולה-רגל קיין ניו-יאָרק אין די קע־שענעס פון די וואָל-סטריט באַלעבאַטים. גוואַלד! ראַטעוועט! קריזיס! קריזיס!

נו, פרעג איך אייך: — וואָלט ענגלאַנד באַדאַרפט אָנקומען צו קצבה, ווען זי הערט זיך צו, צו ר' מענדעלעס גלופּסקער פּאָליטיקער?

דער גלופּסקער פּאָליטיקער האָט דאָך געוואָרנט — אנטלויף פון דעם גביר!! מיט אַ שמייכעלע וועט ער דיר פּאַוואָלענקע ארויסשלעפּן די געדערים! פון אַ גבירישע טובה קריגט מען אַ קרענק אין בויך! נו, האָבן זיי אַזוינע טייערע פּאָליטישע עצות ניט געהערט, באַצאָלן זיי איצט טייער.

נאָר אַזוי ווי איך בין א ייד, און האָב אַ שייכות צו גלופסקער פּאָליטיקער, וויל איך פרוּוון געבן אַן עצה די ענגלענדער, אפשר וועט עס זיי העלפן. גאָט האָט אייך געגעבן אַ קאָפּ, טאָ טראכט אביסעלע טיפער. איר האָט צוויי אויגן, טאָ קוקט גוט מיט איין אויג אויף אייער אייגענער סיטי און מיט דעם צווייטן אויף וואָל־סטריט. און בינו לבינו מיט ביידע אויגן כאַפּט אַ קוק צו מזרח.

עפּעס האָבן זיי שוין ביז איצט פון אונדז געלערנט, די ענגלענדער. דאָס וואָרט „קריזיס" האָבן זיי גענומען ביי אונדז יידן פון ריאָ. שוין עטלעכע יאָר, ווי מיר שרייען, אַז אונדזער געזעלשאפטלעך — און קולטור־לעבן מאַכט דורך אַ „קריזיס". און דער קריזיס ווערט יעדעס מאָל שארפער און טיפער.

דער „רעליף" (הילפס־פאַריין) איז געבליבן בלויז ביים נאָמען. ווייל העלפן קאָן ער ניט קיינעם. די אָרעמע לייט, וואָס זוכן דאָרט שטיצע אויף צו לינדערן זייער הונגער און נויט, קריגן דאָרט בלויז אַ גוטע עצה — זיי זאָלן לייגן די ציין אויף דער פּאָליצע... די קראַנקע הייסט מען נעבעך קרענקען... ביז אונדזערע ייִדלפירער וועלן זיך דערמאָנען, אַז אויך דאָ אין שטאָט האָבן מיר אָרעמע קראַנקע, וואָס שטאַרבן פאַר דער צייט צוליבן מאַנגל אין מעדיצינישער הילף.

די געביידע פון פּאָליקליניק, מיט כמעט פאַרענדיקטע איינריכטונגען, וועלכע וואָלט געקאָנט לינדערן די וויטיקן, שטייט שוין עטלעכע יאָר אין רושטאָוואַניעס אַ ניט־פאַרענדיקטע, צוליב עטלעכע הונדערט קאָנטעס. ווי זאָגט מען דאָס — אַ קריזיס! מיר שיקן העמדער פאַר דער גאַנצער וועלט, און פאַר אונדז זעלבסט קאָנען מיר אַפילו קיין קנעפּל ניט אָפּשפּאָרן.

א קריזיס! די העברעישע גימנאַזיע ליגט אונטער אַ לאַסט פון הובות. די שלום עליכם־שול מוז אָפּזאָגן 40 קינדער, וואָס ווילן באַזוכן אַ יידישע שול, ווייל איר קליינע, אַלטע געביידע קאָן מער קיין תלמידים ניט אויפנעמען. די יידישע גימנאַזיע האָט ניט קיין פּאַסיקן לאָקאַל און האַלט זיך אויפן חשבון פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון איר יידישן לערער־פּערסאָנאַל.

אַ קריזיס! די ביאליק־ביבליאָטעק האָט מען שוין אַרויסגעוואָרפן פון איר פריערדיקן סאלאָן (אַ האַלבע הורבה). און די שלום עליכם־ביבליאָטעק ווארפט מען איצט אויך אַרויס.

אַ קריזיס! מ'רעדט שוין ניט פון אנדערע אינסטיטוציעס, וואָס לעבן אין אַ פּערמאַנענטן קריזיס. מען קנייפּט די באַקן, אַז די פאַרב זאָל שטיין.

אויב איר ווילט מיר גלויבן, האָט עס דער מיקראָב פון „אונדזער קריזיס" אויך אָנגעשטעקט ענגלאַנד. איר האָט דער מארשאל־פּלאַן ניט געהאָלפן. אויך אונדז וועט ער ניט העלפן. וואָס אונדז וואָלט יאָ געהאָלפן, איז אַ ביסל מער שכל־הישר און אַ קאָפּעטשקע מער אחריות מצד אונדזערע שטאָט־באַלעבאטים פאַר אונדזער ישוב. דאַן וואָלטן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער ייד פון ישראל דאַרף טאַקע אונדזער הילף און מיר מוזן אים טאַקע אויך העלפן, אָבער דער ייד פון חוץ־לארץ האָט אויך אנדערע פליכטן לגבי אונדזער פאָלק און אונדזער קולטור.

מ'שמועסט קריזיס, איז דאָך ניט שייך. איך גאראַנטיר אייך, אַז באַלד וועלן פראַנקרייך, איטאַליע און אנדערע לענדער פון מאַרשאַל־פּלאַן זיך דערוויסן פון אונדזער ריאַר קריזיס און זיי וועלן אויך אָנהויבן שרייען: — קריזיס! ראַטעוועט! זיי וועלן שרייען קריזיס! וקבצנו יחד, און צוזאַמען מיט זיינע „פּראָטעזשירטע, די מארשאל־טרומאַן־פּלאַן אָנהענגער, וועט ער אליין, בכבודו ועצמו, דער רייכער אָנקעל סעם, דער גאָטס־פאַרזאָרגער, שרייען העכער פאַר זיי אַלעמען:—געוואַלד, אַ קריזיס! ראַטעוועט!"...

איר גלויבט מיר ניט! אייך פאַלט עס ניט איין. איך הער שוין די געשרייען, וואַרט אַ ביסעלע און אויך איר וועט זיי דערהערן...

# נייע מאנעוורען פון דער אנפירערשאפט פונעם אוניפיקאדע-קאמפיין

די ציוניסטישע פירער פון דעם עמערגענץ - קאמפיין האבן געוואלט ווי זייער אלטע טבע איז, אויך דאס מאל ארויפצווינגען אויפן ריאר ישוב זייער ווילן און זייערע פלענער. גייענדיק מיט זייער פון לאנג אויסגעטראטענעם וועג, האבן זיי פארגעבראכט א פארטיקן דיקטאט, ווי אזוי זיי ווילן, אז דער קאמפיין פון 1949 זאל דורכגעפירט ווערן. זיי האבן זיך איינגערעדט, אז אויך דאסמאל וועט דער עולם אננעמען זייער גרייטן פלאן און וועט מיט א הורא זיך לאזן איבער די גאסן אים דורכצופירן, ניט פרעגנדיק קיין קשיות: — פארוואס גראדע אזא פלאן און ניט קיין אנדערער?

באלד אבער האבן זיי דערזען, אז זיי האבן געהאט א טעות אין חשבון. אינעם אויפדערנאכט פון דעם 27-טן יוני האבן זיי שארף דערפילט, אז זיי האבן געמאכט דעם השבון אן דעם באלעבאס. אנשטאט א געהארכזאמער מאסע, האבן זיי זיך אנגעטראפן אויף יידן, וועלכע פארשטייען גאנץ גוט וואס איז מדינת־ישראל און ווי אזוי מען דארף און מען קאן איר העלפן. מיט א סך פארשטענדעניש זיינען אנגעוויזן געווארן די מיטלען און וועגן ווי אזוי צו העלפן ישראל. אבער דאס זיינען ניט געווען די וועגן פון דער „אוניפיקאדא". די „אוניפיקאדא", מיט אירע פארטיקע פלענער האט געמיינט צו מאנאפאליזירן די אנפירונג פאר די ציוניסטישע ארגאניזאציעס און פארזיכערן אירע פארטיי - ארגאניזאציעס מיט א בודזשעט, וואס וועט געדעקט ווערן פון די קאמפיין-געלטער.

און היינט, מיט אנדערהאלבן חדשים שפעטער, ווען נאך דעם קאלענדאר פון דער „אוניפיקאדא" האט שוין דער קאמפיין באדארפט זיין אין פולן גאנג, שטייען זיי שוין פנים אל פנים מיט דער נאקעטער ווירקלעכקייט, וועלכע איז, צום באדויערן פון יעדן באוווסטזיניקן ייד, א גאנץ טרויעריקע. דער קאמפיין רירט זיך ניט פון ארט. די סוב-קאמיטעטן וועלכע זיינען אין פאריקן קאמפיין געווען די וויכטיקסטע טרייבקראפט ביי דער ארבעט, זיינען היינט צו טאג א קאריקאטור, ניט קיין לעבעדיקע סוב.־קאמיטעטן. 45 טעג נאך דער פראקלאמירונג פונעם היי־יעריקן קאמפיין געפינט מען זיך נאך אין דער פאזע פון צוגרייטונגען. די פאלקס - מאסן זיינען קאלט און אפאטיש צו דעם גאנצן ענין. ס'פעלט דער כוח, וואס זאל מאכן

זוּיבּרירן דעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין, ס׳פעלט דער צוטרוי צו די אָנפירער, וועל־כע האָבן דעם ווילן פון די מאַסן גרינגגעשעצט. דער געדאַנק, אַז די „אוניפּיקאַדאַ״ האָט מער אין זינען צו באַפרידיקן אירע קליינע, תקיפישע און דיקטאַטאָרישע אינטערעסן, ווי צו העלפן ישראל, האָט שוין געשלאָגן טיפע וואָרצלען. פיל מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער „אוניפּיקאַדאַ״ פילן דאָס, אָבער זיי פעלט דער מוט צו קומען אין דער עפנטלעכקייט און דערקלערן, אַז אָן דעם פאָלק קאָן מען קיין דערפאָלגרייכן קאַמפּיין ניט פירן און דעריבער מוז מען זוכן אַ דירעקטן וועג צו די פאָלקס־מאַסן.

דאָס וואָלט געווען דער איינציקער ריכטיקער וועג.

אָבער די הערן פון דער „אוניפּיקאַדאַ״ האָבן אָנשטאָט אַ ברייטן שליאַך אויס־געקליבן שמאָלע זייטיקע סטעזשקעס. מ׳אָרדנט איין אין פּריוואַטע הייזער פאַמיליע־יום־טובים, צו די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן ווערן איינגעלאַדן צוגעקלי־בענע יחידים, און ביי אַ היימישן טיש פּרוּווט מען באַאיינפלוסן יעדן באַזונדער. ווי ביליק די אוניפּיקאַדאַ - אָנפירערשאַפט האַלט די אינטעליגענץ פון זייערע געסט!

אָבער זאָל ׳מען ניט מיינען, אַז די מנהיגים זיינען אַזוי אומגעשיקט, אַז זיי פאַרשטייען נישט, אַז פּראָגרעסיסטן קאָנען ניט קיין אַנדערן וועג, ווי דעם וועג צו די ברייטע פאָלקס־מאַסן. זיי ווייסן דאָס, נאָר אַלע מיטלען זיינען באַ זיי גוט, אבי ניט צו טרעפן זיך פּנים אל פּנים מיט די ברייטע יידישע מאַסן און ניט הערן זייער מיינונג און זייער ווילן.

די אַלע באָמבאַסטישע געשרייען: — „ישראל דאַרף! ישראל רופט!״ וועלן ניט העלפן. היינט צו־טאָג דאַרף מען קיינעם נישט איבערצייגן, אַז מדינת ישראל איז אַ יידיש לאַנד, וואָס איז טייער יעדן יידן אָן אויסנאַם און אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע פּאָזיציעס. אָבער איין זאַך איז העלפן ישראל אין איר שווערער לאַגע, און אַ צווייטע זאַך איז דער גלויבן, אַז מיטן פּרעסטיזש פון ישראל קענען זיך באַנוצן געוויסע תקיפים, וועלכע זיינען גרייט מיט קאַמפּיין - געלטער אָנ־צוהאַלטן און פאַרפעסטיקן די ממשלה פון אַליין - זאָגער, און אַליין - טוער.

יעדער ייד ווייסט און פאַרשטייט, אַז ער מוז העלפן ישראל. דאָס איז זיין יידישער נאַציאָנאַלער חוב. ער איז צו דעם גרייט. די הערן פון דער „אוני־פּיקאַדאַ״ ווילן אָבער ניט קיין פאָלקס־קאַמפּיין. זיי ווילן אַן „אוניפּיקאַדאַ״־קאַמפּיין.

# די הילפס־פאַריינען אין ריאָ

ס'איז שוין אַן אַלטער כּלל, אַז דאָרט, וווּ עס זיינען פאַראַן 10 יידן, זיינען אויך דאָ 10 פאַרשווינונגען.

אָבער דאָ האַנדלט עס זיך נישט וועגן ווערטל, נאָר וועגן אַ זייער ערנסטן ענין. עס גייט אין לינדערן דעם הונגער און נויט פון נויטבאַדערפטיקן, פאַרגרינגערן די ליידן פון קראַנקן און אויך געבן דעם ערשטן אָנבייסן און נאַכטלעגער דעם ניי־אָנגעקומענעם אימיגראַנט. אַזעלכע וויכטיקע פראַגן וואָלטן באַדאַרפט אַרויסרופן אַ לעבעדיקן אינטערעס ביים גאַנצן ישוב און נישט די פאַרוואַלטונג אַליין פון „הילפס־פאַריין" זאָל לייזן די פּראָבלעמען.

דער „יידישער הילפס־פאַריין" אין ריאָ ציילט שוין 28 יאָר עקזיסטענץ. ער איז אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך דעם גרויסן שטראָם פון אימיגראַנטן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די, צו יענער צייט, קליינע יידישע געזעלשאַפט האָט פאַרשטאַנען צו שאַפן אַ פּלאַץ פאַר דעם „גרינעם" אַז ער זאָל זיך נישט געפינען אַזוי הילפלאָז און עלנד אין לאַנד וועמענס שפּראַך איז אים פרעמד.

דורך דעם „רעליף" זיינען דורכגעגאַנגען טויזנטער און טויזנטער יידן, וואָס האָבן דאָרט דעם ערשטן אָנבייסן און נאַכטלעגער געקראָגן. און היינט צוטאָג קאָן מען טרעפן הונדערטער אין אפשר טויזנטער פון די נעכטיקע אימיגראַנטן, וואָס פירן גרויסע געשעפטן און זיינען רייך געוואָרן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך וויל מיט דעם נישט זאָגן, אַז דער „רעליף" איז געווען אַן אידעאַלע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר געזונטער שטיצע און מענטשלעכער באַציִונג צום אימיגראַנט. ס'זיינען באַוווּסט אפילו פאַלן וואָס פאַרשאַפן נישט קיין כּבוד דעם הילפס־פאַריין", נאָר פונדעסט־וועגן זיינען פאַראַן אויך פאַלן, וואָס פאַרשאַפן כּבוד דעם „רעליף" און אויך דעם ישוב.

דער צוועק פון דעם אַרטיקל, איז נישט צו שרייבן געשיכטע, נאָר אָנצווייזן אויף אַן אַנאָרמאַלער לאַגע, און צוציען די אויפמערקזאַמקייט פונעם ישוב און פון די, פאַר וועמען אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן איז נישט קיין בייזאַך, נאָר אַן עיקר.

דער „הילפס-פאריין" איז טעטיק היינט צוטאָג נישט בלויז אויפן געביט פון קליניק", ד. ה. די הילף פארן נויטבאדערפטיקן קראנקן מיט דאָקטוירים און א חלוואה און שטיצע דעם אָרטיקן אָרעמאן. זיין הויפט-אָפטיילונג איז די פּאָלי-רפואות. אָט די פארצווייגטע און נוצלעכע טעטיקייט באווייזט ווי נויטיק עס איז דער „הילפס-פאריין", וועמענס צילן און צוועקן מוזן אפעלירן צום געוויסן פון יעדן יידן.

איצט וועגן דעם אומנאָרמאלן וועגן וועלכן כ'האָב אויבן דערמאָנט. עס עקזיסטירן אין ריאָ נאָך צוויי פאריינען, וועלכע האָבן פונקט די זעלבע צילן וואָס דער „הילפס פאריין".

איינער איז דער „אוניאָן", וואָס ווערט געפירט דורך דייטש-רעדנדיקע יידן און וועמענס פּראָגראם איז: 1) העלפן מיט הלוואות און שטיצע דעם אָרטיקן אָרע־מאן; 2) העלפן דעם ניי־אָנגעקומענעם אימיגראנט, און 3) ארויסהעלפן מיט דאָקטוירים און רפואות דעם אָרטיקן קראנקן. די קראנקע פון דער „אוניאָן" ווערן באדינט דורכן „הילפס-פאריין", ווייל זי פארמאָגט נישט קיין אייגענע פּאָלי-קליניק.

די צווייטע, אָדער בעסער געזאָגט די דריטע אינסטיטוציע, מיט דעם זעלבן צוועק ווי די צוויי אויבנדעמאָנטע, דאָס איז דער „פרויען-פאריין". אויך דער פרויען-פאריין טוט די זעלבע ארבעט און אויף דעם זעלבן שטייגער ווי דער „רעליף" און „אוניאָן", נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס דאָס איז א פרויען-אָרגאניזאציע.

מען קאָן זאָגן, אז 75% פון די מיטגלידער פון „הילפס-פאריין" זיינען אויך מיטגלידער פון „אוניאָן" און כמעט אַלע 100% מיטגלידער פון „פרויען-פאריין" זיינען די פרויען פון די מיטגלידער פון די פריער דערמאָנטע צוויי אינסטיטוציעס.

און איצט קומט די ווייטיקלעכע פראגע: צו וואָס? און פארוואָס זאָלן עקזיס-טירן דריי אינסטיטוציעס מיט אַנאַלאָגישע צוועקן?

יעדער אינסטיטוציע באזונדער ראנגלט זיך מיט די גרעסטע געלט-שווערי-קייטן און דאָך ווערן אויסגעהאלטן דריי באזונדערע לאָקאלן, פארשידענע טעכ-נישע פּערסאָנאלן מיט אדמיניסטראטיווע הוצאות און אנדערע אויסגאַבן, וואָס נעמען אוועק די גרעסטע טייל פון זייערע מאָגערע בודזשעטן!

וואָס-זשע בלייבט פאר די אויסגאבן אויף די צוועקן, צוליב וועלכע די פּאַ-ריינען האָבן זיך געגרינדעט?

איז דאָס דערלאָזבאר? פארוואָס קומט נישט צו קיין פאראייניקונג? פארוואָס זאָל נישט עקזיסטירן איין און איינציקע, מעכטיקע אינסטיטוציע, וואָס זאָל

אנטשפּרעכן אין אַ מער וויניקער צופרידנשטעלנדיקער מאָס די נויטן פון די, וואָס נויטיקן זיך אין געזעלשאַפטלעכער שטיצע?

דער פּראָבלעם איז פון גרויסער געזעלשאַפטלעכער אחריות. ער מוז געלייזט ווערן. עס טאָר נישט דערלאָזט ווערן, אַז אַ נויטבאַדערפטיקער זאָל דאַרפן אָפּטמאָל קלאַפּן אין 3 טירן און אָפטמאָל נישט געפינען די מינימאַלסטע שטיצע ביי קיין איינער פון די 3 אָרגאַניזאַציעס.

ווער דערלאָזט נישט צו קיין פאַראייניקונג?

קודם כל אַ קליינע גרופּע, וואָס זעט אין דער פאַראייניקונג אַ שטער צו אירע אַמביציעס. צווייטנס, די „היפּער־פּאַטריאָטן", וואָס פאַרשטייען, אַז נאָר זייער אינסטיטוציע איז דאָס אויבערשטע פון שטייסל, און די אַנדערע מוזן ניט אַנדערש ווי פאַרגעסן און אויסמעקן זייער פאַרגאַנגענהייט און פּשוט אַריינגיסן זיך ווי אין אַ צעבער.

דאָס זיינען די צוויי הויפּט־שטערנדיקע כוחות, וואָס קריגן זיך איבער דעם נאָמען און דערציונג פון דעם קינד און באַמערקן נישט, אַז דאָס קינד גייט אויס אונטער זייערע הענט.

אָבער ווו איז די געזונטע געזעלשאַפטלעכע מיינונג? זי איז דאָך נישט פאַראינטערעסירט אין באַפרידיקן וועמענס עס איז אַמביציע? און ווו איז די יידישע פּרעסע? אויב די יידישע צייטונג וויל ניט זיין בלויז אַן אַנאָנסן־צייטונג, נאָר אַן אויסדרוק און אַ טריבונע פון אונדזער געזעלשאַפטלעכקייט — פאַרוואָס שווייגט זי?

די פראַגע איז נישט קיין אַקאַדעמישע, נאָר אַ שווערע, אָנגעווייטיקטער ענין.

ווען קאָן דאָס אָפּשאַצן וויפל ליידן און טרערן וואָלטן געקענט איינגעשפּאָרט ווערן, ווען די פראַגע וואָלט מיט דער גאַנצער ערנסטקייט דיסקוטירט און געלייזט געוואָרן.

עס איז נאָך נויטיק אָנצווייזן אויף דער געפאַר, וואָס דראָט דער „פּאָלי־קליניק". די פּאָליקליניק שטייט אַ נישט פאַרענדיקטע און ווערטפולע מעדיצינישע מכשירים פון הונדערטער און הונדערטער קאָנטעס קאָנען אינגאַנצן גיין לאיבוד. נאָר ווענן דעם אַ צווייט מאָל.

מערץ 1948

# דער באַרג האָט געבוירן אַ מויז...

**צו דער טעטיקייט פון דער פעדעראַציע פון די יידישע אינסטיטוציעס**

**אין ריאָ דע זשאַניירא**

דאָס פאָלקס-ווערטל — „געבוירן געוואָרן אין אַ שלימזלדיקער שעה" איז ניט ריכטיק און אויך ניט גילטיק. אַלץ האָט זיינע אורזאַכן און אַלץ האָט זיין פאַרוואָס. מען דאַרף נאָר נאָכפאָרשן די סיבות און דער ענין ווערט קלאָר. אָבער וואָס ס'איז שייך דער יידישער פעדעראַציע פון ריאָ דאַרף מען קיין סך ניט זוכן, ווייל די מאָטיוון, וואָס האָבן דערפירט די דאָזיקע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט צו דער סיטואַציע פון אַ גאָרניט-זאָגנדיקער אינסטיטוציע, ליגן אויבנאויף.

די פעדעראַציע איז געשאַפן געוואָרן צוליב זייער וויכטיקע מאָטיוון. דער ישוב האָט דערפילט, אַז עס איז נויטיק אַן אינסטאַנץ, וואָס זאָל שטיין אויף דער וואַך און אָפּהיטן די אינטערעסן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדז אַלס ישוב און אויך אַלס אַ טייל פונעם יידישן פאָלק. פאַר דעם צוועק האָט זי געקראָגן די מאַטעריעלע און מאָראַלישע אונטערשטיצונג פון אַלע עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס אָן פאַריינען אָן אונטערשייד פון זייערע געזעלשאַפטלעכע אָנשויונגען. ביי אַזאַ גוטן קלימאַט האָט נאָך קיין איין אינסטיטוציע ניט אָפּערירט, אָבער די פעדעראַציע האָט די אַלע גוטע אויסזיכטן און כוונות צונישט געמאַכט און האָט זיך פאַרוואַנדלט צוליב איר אייגענער שולד אין אַ גאָרניט-זאָגנדיקער אינסטאַנץ אָן אַ טראָפּן וויטאַליטעט.

דעם פאַרוואָס פון דער דערשיינונג איז ניט שווער צו געפינען — די פעדעראַציע האָט אָנשטאָט דעם, וואָס זי האָט געזאָלט זיין — זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אינסטרומענט פון די רעאַקציאָנערע ציוניסטישע פּאָליטיקער, וואָס האָבן פון דער פעדעראַציע געמאַכט אַ פיליאַל פון דער ציוניסטישער „אוניפיקאַדע".

כדי זיך ניט אַריינצולאָזן אין דער ווייטער געשיכטע פון דער פעדעראַציע, וועלן מיר בלויז אָפּפרישן די פאַקטן פון לעצטן יאָר, און ס'וועט קלאָר ווערן, אַז אויב די פעדעראַציע וועט ווייטער גיין אויף דעם זעלבן וועג, ווי זי איז ביז איצט געגאַנגען, מעג מען שוין באַצייטנס באַשטעלן נאָך איר אַ רבנן-קדיש, אין

נאָך אַ קבר וועט צוקומען אויפֿן „בית־עולם" פֿון פֿאַרשטאָרבענע גוטע האָפֿע־נונגען.

אינעם פֿאַריקן יאָר, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ געלט־קאַמפּיין פֿאַר אָרטיקע אינסטיטוציעס, וואָס האָט געדאַרפֿט דורכגעפֿירט ווערן דורך דער פֿעדעראַציע, האָט מען אַזוי לאַנג געשיקט בריוו און דעלעגאַציעס צו דער „אוני־פֿיקאַרע", ביז דער ענטפֿער איז געווען אַ קאַטעגאָרישער — ניין! זי — די „אוני־פֿיקאַדע" דערלייבט נאָר ביז דעם און דעם טערמין און ווייטער ניט. אויף אַלע אַנווייזונגען, אַז ס'איז ניט מעגלעך אין אַזאַ קורצן טערמין דורכצופֿירן אַ מער אָדער ווייניקער צופֿרידנשטעלנדיקן געלט־קאַמפּיין, איז שטענדיק געקומען דער זעלבער ענטפֿער — ניין! נאָר ביז דער באַשטימטער דאַטע, און מער אַ שעה ניט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער קאַמפּיין איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן!

דאָס יאָר, ווען מ'האָט אָנגעהויבן צוגרייטן דעם קאַמפּיין, ווען דאַטע (דעם 15־טן מערץ) עס איז שוין געווען באַשטעטיקט נאָך פֿון פֿאַריקן יאָר, האָט מען אויך גלייך דערפֿילט אויפֿן אָרט די דריקנדיקע האַנט פֿון די ציוניסטישע תּקיפֿים. קודם־כּל דאָס צעשפּעפּען אויסלענדישע אָרגאַניזאַציעס צו אַ לאָקאַלן קאַמפּיין. דערנאָך דאָס באַשטעטיקן קליינע, לעכערלעכע סומעס פֿאַר די אינס־טיטוציעס, וואָס געפֿעלן ניט די רעאַקציאָנערן. נאַטירלעך איז דאָס געמאַכט געוואָרן מיט אַ דאָפּלטן ציל — די פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס וועלן אויף אַזאַ אַבסורד ניט איינגיין, וועט מען קאָנען קלאַפּן פּאָליטישן קאַפּיטאַל און שיסן צוויי האָזן מיט איינמאָל — ווי גאָרניט געבן פֿאַר די אינסטיטוציעס, וואָס זיי האָבן ניט ליב, און אויך אַרויסשטעלן די אינסטיטוציעס אַלס שטערער און ברע־כער פֿון איינקייט.

אָבער ניט בלויז די פּראָגרעסיווע אינסטיטוציעס זיינען געבליבן פֿונדרויסן. דער „פֿרויען־פֿאַריין" און די „קינדער־היים" זיינען אויך געווען געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן דאָס „קרעמל" און אַרויסגיין מיט אַ זעלבשטענדיקן קאַמפּיין. אַזוי, אַז פֿאַרבליבן זיינען נאָר די אינסטיטוציעס, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער „אוניפֿיקאַדע". די „פֿעדעראַציע" האָט נאָכאַמאָל באַוויזן איר ריכטיק פּנים.

דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם האָט געזאָלט זיין דער עיקר פֿון דער פֿע־דעראַציע־טעטיקייט. איז ווי אַזוי האָט די פֿעדעראַציע רעאַגירט קעגן די לעצטע אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין לאַנד? ווען פֿיר יידישע סטודענטן זיינען אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון אוניווערסיטעט האָט זי קודם־כּל געהאַלטן, אַז דאָס איז ניט איר עסק! נאָר, ווען די יידישע יוגנט, זעענדיק די געפֿאַר, וואָס באַדראָט אונדזער ישוב האָט אָנגעהויבן אויף איר אייגענעם חשבון אַן אויפֿ־קלערונגס־קאַמפּיין, איז די פֿעדעראַציע אַרויס מיט אַ קאָמוניקאַט אין די צייטונ־גען, אַז נאָר די פֿעדעראַציע איז באַרעכטיקט אויף אַזעלכע זאַכן צו רעאַגירן, און אויב עמעצער טוט דאָס אָן איר צושטימונג, זיינען דאָס אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע

אַקטן. ווען אָבער די יוגנט צוזאַמען מיט אַ סך אין דער פעדעראַציע אָנגעשלאָ־
סענע אינסטיטוציעס האָבן די פעדעראַציע־לייט צוגעדריקט צו דער וואַנט מיט
דעם קלאָרן פאָרשלאַג — „גוט! איר זאָגט, אַז איר זייט די איינציקע אינסטאַנץ,
וואָס האָט די אויסשליסלעכע רעכט צו פאַרטיידיקן דעם ישוב פון אַנטיסעמיטיזם
— זאָגן מיר זיך אָפּ פון דעם פּראָטעסט־מיטינג, וואָס איז געווען באַשטימט
אויף דעם 28־טן מאַי אין „א. בע. אי.״ און נעמט איר איבער די איניציאַטיוו״.
דאַן איז געקומען דער ענטפער, אַז זיי וועלן זיך ערשט מישב זיין, און אויב
די דאָקומענטן, וועלכע וועלן זיי צוגעשטעלט ווערן, וועלן זיי איבערצייגן, וועלן
זיי דאַמאָלט זען, וואָס צו טאָן. נאָר דערווייל האָבן זיי גאָרניט געטאָן...

ניט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן און וויסנדיק, אַז דאָס איז בלויז אַ שפּיל און
אָפּצוציען און צו ניט מאַכן דעם ענין, האָט אַ פּאַראייניקטער קאָמיטעט, וואָס איז
געשאַפן געוואָרן פאַר דעם צוועק, באַשטימט אויפן 17־טן יוני אַן עפנטלעכן
פּראָטעסט־מיטינג מיטן אָנטייל פון אָנגעזעענע בראַזיליאַנער פּערזענלעכקייטן.
פאַר דעם מיטינג האָט די פעדעראַציע אָפּגעדרוקט אַ קאָמוניקאַט אין דער בראַ־
זיליאַנער פּרעסע, וועלכע האָט א זייער שלעכטן ביי־טעם. אָבער דער פּראָטעסט־
מיטינג איז פאָרגעקומען ביי אַן איבערגעפולטן סאַלאָן. דער יידישער ישוב איז
ריאַ האָט באַוויזן, ווי ווייניק ער רעכנט זיך מיט די קאָמוניקאַטן פון די היינ־
טיקע רעאקציאָנערע פירער פון דער פעדעראַציע.

די פראַגע, צו וואָס נוצט די פעדעראַציע, ווען זי דערפילט ניט אירע פליכטן
— וועט זיך איצט שטעלן יעדער אָרנטלעכער ייד — און וואָס וועט די פעדע־
ראַציע דערויף ענטפערן? — אַז זי האָט שוין אויף דעם געביט גענוג געטאָן
מיטן פאַרעפנטלעכן די צוויי לעבלעכע פּראָטעסטן קעגן די נאַציסטישע שליחים
— גיזעקינג און ניקאָלאַ פענדע — איז דאָס גענוג?

די פעדעראַציע האָט 2 וועגן — איינער איז גיין צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן
ישוב און ווערן די אינסטיטוציע פון גאַנצן ישוב. דאַן איז איר עקזיסטענץ
באַרעכטיקט און נוצלעך. דער צווייטער וועג איז — אראָפּציען די מאסקע פון
זיך און דערקלערן, אַז זי דינט בלויז די אינטערעסן פון אַ קליין הייפעלע רעאק־
ציאָנערע ציוניסטן און איר אַדרעס וועט זיין אַ באַשטימטער.

פון אַזאַ גרויסער האָפענונג, אַזאַ נישטיקער רעזולטאַט.

יוני 1950

# די ריאַר יידישע פעדעראַציע אויף א גליטשיקן וועג

ס'איז שוין ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר קומט אוים אויף די שפּאַלטן פון „אונדזער שטימע" צו פארנעמען זיך מיט דעם ענין יידישע ריאָר פעדעראציע. און יעדעס מאָל האָב איך דאָס געפיל, אז וואָס שייך די רעאקציאָנערע מנהיגים פון דער פעדעראציע, איז דאָס א ברכה לבטלה. ניט זיי ווילן און ניט זיי קענען זיך צוהערן צו א געזונטער קאָנסטרוקטיווער קריטיק.

אויך די, וועלכע מאנעווורירן מיט דער פעדעראציע, וועלן די אלע אָנווייזונגען ניט שענקען די מינדסטע אויפמערקזאמקייט, און דאָ וויל איך, צום וויפלסטן מאָל, פעסטשטעלן, אז די יידישע פעדעראציע־אָנפירערשאפט איז א בלינדער וועקצייג אין די הענט פון דער אוניפיקאדע־אָנפירערשאפט.

אָבער ס'איז דאָ א גרויסע צאָל פאָלקס־יידן, וואָס דארפן און מוזן וויסן וואָס ס'קומט פאָר אין דער פעדעראציע און צו וועלכער מדרגה זי האָט זיך אראָפּגעלאָזט. און אויב ס'לעבט נאָך אין וועמען די אילוזיע, אז די פעדעראציע איז די קערפערשאפט, וואָס פארטיידיקט די אינטערעסן פון גאנצן ישוב, וועט ער זיך שטארק אנטוישן און פארשטיין, אז פון דער האָפענונג, וואָס מיר האָבן געלייגט אויף דער פעדעראציע האָט זיך אויסגעלאָזט א פוסטער חלום.

קודם־כל א פאָר ווערטער וועגן דער אויסערלעכער זייט פון דער פעדעראציע.

גאָט האָט איר מזכה געווען מיט א גרויסער צאָל אדוואָקאטן און אָט די חשובע יוריסטן דענקען, אז די פעדעראציע איז דער פאסיקסטער פלאַץ צו דעמאָנסטרירן זייער בקיאות אין יוריספרודענץ און בריהשאפט אין רעטאָריק. און זיי האלטן אָפּ שעהדיקע רעדעס וועגן זאכן, מיט אלע עפיטעטן, ווי „אייער עקסעלענץ", „נאָבלע קאָלעגא" און א.א.וו., וואָס מען וואָלט זיי געקענט קלאָר מאכן אין צען פשוטע ווערטער. — אויך זענען פאראן דאָרט ניט ווייניק „ווירדיקע" רעפרעזענטאנטן, וואָס קענען א פאָרשלאג, וואָס זיי געפעלט ניט, ווילן זיי ארגומענטירן מיט פויסט און נעגל. יעדן מענטש, וואָס פילט א געזעלשאפטלעכע אחריות, טוט וויי צו זען, ווי מענטשן מאכן אזוי שפּל א געזעלשאפטלעכן

מאַנדאט. דעריבער, ווען ס'קומט אויס בייצוזיין א פעדעראַציע־פאַרזאַמלונג, גייט מען פון דאָרט אוועק מיט א שלעכט געפיל...

די לעצטע פאַרזאַמלונג פון עקזעקוטיווו מיט דעם ראַט האָט באַדאַרפט זיין זייער אינטערעסאַנט און וויכטיק צוליב איר טאָג־אָרדענונג, ווי: א) באַריכט וועגן די אויסגעשלאָסענע יידישע סטודענטן פונעם קאַטוילישן אוניווערזיטעט; ב) דער ענין צוקורס; ג) באַריכט פון קאַמפּיין און ד) ענדערן אייניקע פּאַראַג־ראַפן פון די סטאַטוטן.

דער קאַמפּיין פון דער פעדעראַציע איז דורכגעפאַלן. פאַרוואָס? ווער איז שולדיק? דאָס האָט מען ניט געזאָגט. דער ענטפער ליגט אויבנאויף. די פעדעראַ־ציע האָט, ווי געזאָגט, זיך פאַרוואַנדלט אין א פיליאַל פון דער „אוניפּיקאַדע" און די „אוניפּיקאַדע" איז ניט פאַראינטערעסירט, אז עס זאָלן געשאַפן ווערן פאָנדן פאַר לאָקאַלע אינסטיטוציעס, ס'אינטערעסירט איר ניט אפילו די עצם־עקזיס־טענץ פון אזעלכע. דערצו האָט די פעדעראַציע פּלאַנירט א קאַמפּיין פון 3 ביז 4 מיליאָן קרוזייראָס... דעריבער האָט די „אוניפּיקאַדע" מיט א ווונק צו אירע פעדעראַציע־פאָרשטייער דעם קאַמפּיין דורכגעוואָרפן.

בנוגע דעם ענין פון די אויסגעשלאָסענע יידישע סטודענטן פונעם קאַטוי־לישן אוניווערזיטעט האָט די פעדעראַציע נאָך „לאַנגע פאָרשענישן" אויסגע־פונען, אז די סטודענטן האָבן זיך אליין אויסגעשלאָסן... זאָלן זיי ניט קריכן וווּ דער פעדעראַציע געפעלט ניט... אָבער די פאַרוואַלטונג פון דעם אוניווערזיטעט האָט זי ריין געוואַשן און דורך הויפּנס פּאַפּיר דערוויזן, אז קיין בעסערע יידן־פריינט קענען מיר זיך גאָרניט ווינטשן...

וועגן דעם באַנדיט צוקורס האָט די יורידישע קאָמיסיע באַריכטעט, אז איצט וועט דער פּראָבלעם פאַרשנעלערט ווערן אדאַנק וויכטיקע דאָקומענטן, וועלכע די קאָמיסיע באַזיצט. וואָס פון דעם וועט ווערן? זאָלן מיר האָבן אביסל געדולד און וואַרטן... און אביערהויפּט שווייגן — ווייל די ווילגעבוירענע אויערן פון דער יורידישער קאָמיסיע קאָנען קיין טומל ניט פאַרטראָגן!

דאָס אויפרודערן און וועקן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג קעגן אַנטיסע־מיטיזם, וואָס אונדזער יוגנט האָט עס געטאָן, דורך מיטינגען, עפנטלעכן משפט און א דעמאָנסטראַציע, האָט זיי נעבעך שטאַרק פאַרשאַט. און דעריבער טאַקע האָבן זיי אַרויסגערוקט אויפן טאָג־אָרדענונג א פּונקט וועגן ענדערן די סטאַטוטן, וועלכע דאַרפן אין זייער נייער פאָרם אָט די טומל־מאַכער אביסל צוימען, און ווען נויטיק, — לערנען בלק מיט אָט די מורדים.

די רעדאַקציע פון דעם נייעם פּונקט אין די סטאַטוטן לויטעט: די אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע וועט איבערטרעטן א באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג, ווערט מיט צוויי דריטל שטימען פון פּלענום: 1) געוואָרענט; 2) אָפּגעשטעלט; 3) אויס־

געשלאָסן. דאכט זיך אלץ פיין, לייטיש און איבערהויפּט,-דעמאָקראטיש. אָבער מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער חכם אויף צו פאַרשטיין, וווהין עס צילט דער נייער סטאטוט. דאָס איז א געווער קעגן יענע אָרגאניזאציעס, וואָס האלטן, אז „שא־שא־פּאָליטיק“ איז ניט דער בעסטער אופן צו פאַרהיטן אונדזער יידישן כבוד, און אז אונדזער ישוב וועט זיך ניט אויסהיטן פון אנטיסעמיטישן גיפט מיט בלויז שווייגן שטיל.

סוף־כל־סוף מוז דאָך די פעדעראציע מיט עפּעס ממשותדיקעס באַרעכטיקן איר עקזיסטענץ לגבי אונדזער לעבן דאָ, לגבי אונדזער יוגנט, זיך באַשעפטיקן מיט די פּראָבלעמען פונעם ישוב און פאַרבינדן אונדזערע דאָ־געבוירענע קינדער מיט אונדזער פאָלקס־גייסט און קולטור־טראַדיציע. וואָס טוט זי אויף דעם געביט? נאַרניט! זי שלאָפט. און קעגן די, וואָס וואָגן צו שטערן איר זיסן דרעמל, שאפט מען א נייעם סטאטוט מיט סאנקציעס. און וואָס שייך דער „דעמאָקראַטישער“ פאַרמולע פון צוויי דריטל, זיינען זיי מיט דער צאָל שטימען פאַרזיכערט.

אמת, צום סוף האָבן זיי זיך ארומגעזען, אז דער ענין מיט די סאנקציעס קאָן צופיל אויפרייסן די אויגן, אז עס קאָן קלאָר ווערן, אז זיי אליין, מיט זייערע אייגענע הענט רייסן ארויס דעם ווינקלשטיין, אויף וועלכן די פעדעראציע האלט זיך, האָט מען דעם נייעם פונקט אין די סטאטוטן באַשאָטן מיט א ביסל „יורידישן“ סאָבארין. די אָרגאַניזאציע, וואָס וועט ניט אויספילן די סטאַטוטן, וועט דער עקזעקוטיוו איבערגעבן צו א יורידישער קאָמיסיע, און ווען די יורידישע קאָמיסיע וועט אויסגעפינען, אז ס'איז באַגאנגען געוואָרן אן אקט קעגן די סטאַטוטן, דאן ערשט קומט דער באשלוס פון די צוויי דריטל פון פּלענום און די געהעריקע סאנקציעס.

עס איז צייט, אז די אינסטיטוציעס, וואָס זיינען רעפּרעזענטירט אין דער פעדעראציע זאָלן זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם גורל פון דעם רעפּרעזענטאַטיוון אָרגאַן, וואָס זיי האָבן געשאַפן. ביים איצטיקן צוזאמענשטעל פון דער מערהייט פון איר אָנפירונג, איז די פעדעראציע ניט פעאיק צו לייזן די פּראָבלעמען פון דעם גרויסן יידישן ישוב אין דער הויפּט־שטאָט פון בראַזיל. פאַרקערט, די פעדעראציע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א שטערונג אין קאַמף קעגן אנטיסעמיטיזם און איז אן איבעריקע לאַסט אין אלגעמיינעם קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ישוב.

דעצעמבער 1950.

# „אז מ׳זייט ווינט, שניידט מען שטורעם!״

דער פאל, ווי אזוי די יידישע זשורנאליסטן און צייטונגען, וועלכע האָבן געהאָלפן שאפן די „קאָנפעדעראציע״, זיינען אליין געפאַלן די ערשטע קרבנות פון די גיפטיקע מיקראָבן, וואָס זי טראָגט אין זיך, איז ניט נאָר א באווייז, נאָר קאָן אויך דינען אלס וואָרענונג צו אלע די, וואָס האָבן זיך נאָכניט איבערצייגט, אז פון דעם קריפל „קאָנפעדעראציע״ קאָן מען בלויז דערווארטן דאָס ערגסטע. אויסגעטון פון יעדן דעמאָקראטישן פרינציפּ און אידייע, מוז זי זיין דאָס, צוליב וואָס זי איז געשאפן געוואָרן — אונטערצודריקן יעדן פרייען געדאנק און וואָרט, וואָס וועט זיך קעגנשטעלן איר ניט געצוימטן דאָרשט צו הערשן איבער אונ־דזער ישוב.

ווען די ריאָר דעלעגאציע האָט זיך אומגעקערט פון דעם כלומרשטן כינוס אין סאַן פּאולאָ, איז פארופן געוואָרן דער ראט פון דער פעדעראציע צו ראטיפי־צירן די אָנגענומענע בשלוסן, ד. ה. צו פראָקלאמירן די „קאָנפעדעראַציע״ און אָנשליסן זיך אינעם „וועלט־קאָנגרעס״. צוויי נעכט האָבן זיך געצויגן מיט לאנגע, הייסע דעבאטן, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס די פראָגרעסיווע פאָרשטייער האָבן אויפגעדעקט די כוונה פון די באלעבאטים און געוואָרנט דעם ישוב זיך ניט אָנצו־טאָן אליין א שטריק אויפן האלדז, זיינען אויך א גרויסע צאָל פון די דעלעגאטן, וואָס געהערן צו דער „אוניפיקאדע״, געווען קעגן דער כינוס־קאָמעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין סאַן פּאולאָ. פאר אלעמען כמעט, איז געווען דער כינוס א סורפּריז, ניט מ׳האָט זיי געפרעגט, ניט זיי האָבן געוווסט, אז עס קומט פאָר א כינוס. נאָר די עטלעכע דעלעגאטן, וועלכע זענען געוואָרן נאָמינירט לויט דעם פערזענלעכן אויסוואל פונעם פאָרזיצער, האָבן דאָס געוווסט. די „אוניפיקאַ־דע״ האָט געוואָלט האָבן די ראטיפיקאַציע וואָס גיכער און דערפאר האָט זי גערופן אן עקסטרע פארזאמלונג פון „אירע״ דעלעגאטן אינעם סאַלאָן פון דער „אוניפיקאַדע״, ווו זיי זיינען אויפגעגאָדערט געוואָרן צו שטימען, אולטימאַטיוו, פאר דער „קאָנפעדעראציע״, און דער, וואָס וועט ניט אויספאָלגן איר ווילן, וועט דערקלערט ווערן אלס בוגד, אָדער, רחמנא־לצלן, ווי א „יעווסעק״. דער רעזול־טאט איז געווען, אז אויף דער דריטער נאכט האָבן זיי אלע געשטימט, ווי גע־האָרכזאמע שעפעלעך, פאר די באשלוסן פון כינוס. אסך פון זיי האָבן זיך זיכער געשעמט פאר זיך אליין, און ס׳איז באמת געווען ווייטיקלעך צוצוקוקן, ווי מענ־

טשן קאָנען זיך דעגראדירן אין זייער מענטשלעכער זעלבסטווירדע און זיך אונ־טערוואַרפן דעם דעספּאָטישן תּקיף.

צווישן די „שטימער" זיינען אויך געווען זשורנאַליסטן און ציטונגס־אַרויס־געבער, אָבער גאָר גיך האָבן זיי געזען, אַז ניט בלויז שטימען פאָדערט מען פון זיי, נאָר אַן אַבסאָלוטע געהאָרכזאַמקייט — זיי מוזן אין זייערע אַרטיקלען זאָגן גאָר דאָס, וואָס וועט זיי דערלויבט ווערן צו זאָגן. קיין קריטיק אויף דער פירונג און איבערהויפּט אויף די פירער איז ניט דערלויבט, יעדן שטות פון אַ מנהיג דאַרף דער שרייבער פאַרוואַנדלען אין אַ טיפזיניקער חכמה. יעדעם הוסטעלע פון אַ תּקיף דאַרף אָפּקלינגען דורך די ציטונגען, ווי אַ שופר של משיח...

ווייזט אויס, אַז דער בעכער האָט זיך איבערגעפּולט. ווי געדולדיק זיי זאָלן ניט האָבן געווען, יענע זשורנאַליסטן, האָט דאָך זייער מאָגן פון אַ שטרויס־פויגל שוין אויך ניט מער געקענט אַראָפּשלינגען אַזויפיל חוצפּה און אַראָגאַנץ פון די „נאַציאָנאַלע מנהיגים". און אין איינציקע אַרטיקלען און נאָטיצן האָט זיך אָנגע־הויבן באַווייזן אַ שמץ פון רעוואָלט. דאָס האָט די קאָנפעדעראַציע־לייט אַזוי ווילד געמאַכט, אַז זיי האָבן אָפּגעדרוקט אַ „פּריקאַז", אַז קיינער זאָל זיך ניט מישן אין זייערע ביזנעס, און קיין עצות און דעות פרעגן זיי ניט קיינעם. אויף דעם זיינען זיי דאָך דאָ: צו באַפעלן און באַשטימען.

אָבער דאָס „גלאַוונע" שפּילט זיך אָפּ ביי דעם לעצטן כינוס פון דער „אוניפיקאַדע, אָדער „קאָנפעדעראַציע". מ'קאָן דאָס רופן, ווי מ'הייל, ווייל דאָס איז דאָס זעלבע, אָדער כמעט דאָס זעלבע.

בעתן דערעפענען דעם „כינוס" האָט מען צוגעגרייט אַ פּלאַץ פאַר דער פּרע־סע, אָבער אויף אירע פּלעצער האָט מען אַוועקגעזעצט אַ דזשאַז־אָרקעסטער. נאָר איין פּלאַץ איז געווען פאַרנומען פון דעם קערבעל־אַגענט, חרמין. די ריאָר זשורנאַליסטן און ראַדיאָ־נאַראַטאָרן האָבן זיך קאַטאַגאָריש אָפּגעזאָגט צו פאַר־נעמען פּלעצער.. דער אָפיציעלער ענטפער איז געווען, אַז זיי ווילן ניט זיצן ביי איין טיש מיט אַ זשורנאַליסט, וואָס איז ניט קיין מיטגליד אין „פאַרבאַנד פון יידישע זשורנאַליסטן און שרייבער". בייזע צינגער זאָגן, אַז דער אמתער מאָטיוו איז, אַז זיי האָבן זיך ניט געוואָלט געפינען אין די דלת אמות פון אַזאַ פאַרשוין, ווי דער טרויעריק־באַרימטער חרמין. אלס פּראָטעסט קעגן דער ביטול־באַציונג מצד די רעדלפירער צו דער פּרעסע, האָבן די ציטונגען און נאַראַטאָרן פון ריאָ, הוץ איינע, ניט געדרוקט קיין וואָרט וועגן דער דערעפענונג פון „כינוס", און אַזוי אַרום נאָכאַמאָל דערצאָרנט די „מאַכט־האָבער".

דער דעלעגאַט מ. קאָטשינסקי, וואָס האָט אויף דעם „כינוס" געשפּילט די ראָל פון אַ שיק־ייִנגל, האָט אויפן באַפעל פון די תּקיפים אַריינגעטראָגן אַ רעזאָ־לוציע, וואָס איז דער עיקר און תּוך פון זייערע צילן — „באָיקאָטירן די ציטונגען

און זשורנאַליסטן, וועלכע וועלן אָנרירן די „אוניפיקאַדע" און אירע פירער".

דער כינוס האָט אָנגענומען די רייַן - פאַשיסטישע רעזאָלוציע, וועלכע וויל אויפהענגען אַ שלאָס אויפן מויל פון יעדן, וואָס וועט ווידערשפּעניקן.

אויף דעם פּראָטעסט פון די זשורנאַליסטן קעגן אַזאַ שענדלעכער רעזאָלוציע, האָבן זיי געקראָגן פון דעם סעקרעטאַר י. דינים דעם ברוטאַלן ענטפער: „איר וועט מוזן טאָן און שרייבן דאָס, וואָס מיר וועלן אייך דערלויבן, ווייל מיר געבן אייך צו עסן".

ווי „דעליקאַט" עס זאָל ניט קלינגען דער ענטפער פון דעם הער י. דינים (אַגב, ער אַליין עסט שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר פון זיינע באַלעבאַטים), מוז דאָך צו זיין שאַנדע און צו דער שאַנדע פון זיינע ברויטגעבער, דאָך געזאָגט ווערן, אַז ער האָט געזאָגט אַ טרויעריקן אמת. אַלע יידישע צייטונגען אין בראַזיל, מיט דעם בכבודיקן אויסנאַם פון „אונדזער שטימע", האָבן זייערע בודזשעטן געבויט אויף די געלטער פון די ציוניסטישע פאָנדן. ס'איז ניט וויכטיק, ווי אַזוי זיי האָבן די געלטער באַקומען, צי פאַר אַרטיקלען, קאָמוניקאַטן, אַנאָנסן, אָדער דורך סובסידיעס; דער פאַקט איז דער, אַז אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבן געהאָרכזאַם געשוויגן און געכשרט אין זייערע צייטונגען אַלע מעשים פון די ציוניסטישע פירער, האָבן זיי גענאָסן פון די געלטער, וואָס ווערן אַרויסגעפּאָמפּעט פון די קעשענעס פון די פאָלקס-יידן, וועלכע לאָזן זיך פאַרפירן פון דער היסטערישער פּראָפּאַגאַנדע.

ווי אַזוי די „קאָנפעדעראַציע" ווענדעט אָן אין דער פּראַקטיק דעם אָנגענומענעם באַשלוס, דאָס איז אַן ענין, צו וועלכן ס'וועט אונדז נאָך אויסקומען זיך אומצוקערן.

# טאַקע, אַרונטער מיט דער מאַסקע!

די „אידישע פרעסע" אין איר לעצטן נומער פון דעם 15־טן סעפּטעמבער, איז אַרויסגעקומען מיט אַן אַרטיקל, וואָס איז „אויסגעמייסטרעוועט" געוואָרן אין דער רעדאַקציע. בלויז דאָס קעפּל אַליין וואַרפט אָן אַ פּחד! „אַרונטער מיט דער מאַסקע!" יידן, לייענט און שטוינט פון דעם, וואָס עס טוט זיך אונטער דער מאַסקע וואָס עס טראָגן אויף זיך די פּראָגרעסיסטן אין געניזן־פּיסלעך.

אָבער פון דעם גאַנצן לאַנגן מאמר, און נודנעם קוואַטש, ווערט איר געוווּיר, אַז די יידן, וואָס ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן דער ציוניסטישער „אוניפיקאַדע", האָבן געהאַט די חוצפּה און די העזה צו פּראָקלאַמירן אַ געלט־קאַמפּיין פאַר זייערע לאָקאַלע אינסטיטוציעס, און אַז אַ טייל פון די געזאַמלטע געלטער וועט גיין לטובת מדינת ישראל.

דאָס קענען, נאַטירלעך, די ציוניסטישע תקיפים ניט פאַרטראָגן. וואָס הייסט? אַזאַ מרידה! ס'האַנדלט זיך דאָך וועגן ישראל, און ישראל, דאַרפט איר וויסן, ליגט ביי זיי אין דער אַרענדע. ישראל געהערט בלויז צו די אוניפיקאַדע־לייט און זיי קענען ניט דערלאָזן, אַז עמעצער זאָל זיי מסיג־גבול זיין. און פון דעם נעמען זיך מאַקע די ווילדע אַטאַקעס און סטראַשינקעס קעגן די, וואָס זיי רופן „פּראָגרעסיסטן".

בולעטינען, אַרטיקלען, רעדעס, רכילות, בילבולים, ולזולים, אַלץ האָט מען געלאָזט אין גאַנג און איבערהויפּט וואַרענט מען יענע, נעבך אומוויסנדע, יידן זיי זאָלן חלילה ניט אַריינפאַלן אומשולדיק אין אַזאַ אַוואַנטורע. דער צוזאָג פון די פּראָגרעסיסטן צו שיקן געלט קיין ישראל איז שקר וכזב, זיי ווילן דאָס פאַרנוצן דאָ אויף אָרט פאַר זייערע פּאָליטישע צוועקן. דעם נאָמען ישראל באַנוצן זיי בלויז ווי אַ שילד, כדי אָפּצונאַרן דעם עולם. און נאָך אַזעלכע גרוילן.

וואָלט די „אידישע פרעסע" ניט געווען דאָס וואָס זי איז, ווייסט זי גאַנץ גוט, אַז טויזנטער יידן אין ריאָ האָבן באַקומען דעם אויפרוף פון פאַראייניקטן קאַמפּיין־קאָמיטעט. און וועלכן ס'איז קלאָר און דייטלעך אָנגעוויזן געוואָרן די צילן און צוועקן פון דעם קאַמפּיין. און וואָס איז שייך הילף פאַר ישראל, ווערט קלאָר געזאָגט אין אויפרוף: „איך איז אינדזער היכ צו שטיצן די פאָלקס־אינסטיטוציעס אין ישראל. וועלכע ניטיקן זיך אין עקאָנאָמישער הילף". ס'איז בפירוש אַ -

שאנטאזש פון דער „אידישער פּרעסע", ווען זי שרייבט אין איר ארטיקל, אז „זיי שטעלן אוועק אין פאָדערגרונט דעם נאָמען פון מדינת ישראל, כדי צו כשרן זייער קאמפּיין". דער פונקט וועגן ישראל־הילף איז דער סאמע לעצטער. ניט חלילה, ווייל ישראל איז אונדז ווייניקער טייער ווי די הערן פאטענטירטע־ציוניסטן, נאָר טאקע פאר דעם, ווייל אונדז איז דאָס לעבן פון די יידישע פאָלקס־מאסן טייער אומעטום, ניט געקוקט אין וועלכן לאנד יידן זאָלן זיך נאָר געפינען, און אויך ישראל איז פאר אונדז הייליק און טייער, ווייל דאָרטן געפינט זיך א גרויסער טייל פון יידישן פאָלק.

דער פאראייניקטער קאמפּיין־קאָמיטעט האָט ניט שריפטלעך און ניט מינדלעך ווען ס'איז דערקלערט, אַז ער פירט זיין הילפס־קאמפּיין מיט דער אויטאָריזאציע פון וועלכער ס'איז רעגירונג־אינסטאנץ. ניט ער האָט דאָס געזאָגט און ניט ער נויטיקט זיך אין דעם. דאָס וואָס ער זאָגט יאָ, איז, אז די הילף, וואָס וועט געשיקט ווערן, וועט געשיקט ווערן דירעקט צו די פּראָדוקטיווע כוחות פון ישראל, אויסמיידנדיק די ברייטע און לעכערדיקע קעשענעס פון די ציוניסטישע אָרגאניזאציעס און די מחנות שלוחים (לויטן ציוניסטישן אָרגאַן „אַאָנדע וואָמאָס?" פון 24־טן אויגוסט, דערגרייכט די צאָל שלוחים איבער 30), וואָס צעטרענצלען א גרויסע טייל פון די געזאמלטע פאָלקס־געלטער אויף זייערע רייזעס, האָטעלן און פעטע פענסיעס.

די „באַיעס" פון דער „אידישער פרעסע" קריכן פון דער הויט און צעררייסן זיך די קאפּאָטעס, אז דער פּשוטער ייד זאָל, חלילה, ניט אריינפאלן מיט זיינע עסלעכע גראָשן. ס'פארדריסט זיי דאָס שטארק, אזוי מאכן זיי דעם אָנשטעל. אָבער דער אמת איז, איז אויב די יידישע פאָלקס־מאַסן וועט זיך אמאָל איינגעבן ארויסצוקריגן א ריכטיקן חשבון פון די הערן קאמפּיין־פירער, וויפל ס'קריגט אריין די ציוניסטישע און פּראָ־ציוניסטישע פּרעסע און ווי גרויס זיינען די געלט־סומען, וואָס זיי קריגן פון יעדער קאָמפּיין פאַר באצאָלטע אנאָנסן, קאָמוניקאטן, אויפרופן און אנדערע פּראָפּאגאנדע־מאטעריאלן, דאן וועט קלאָר ווערן, אז די „אידישע־פּרעסע" מארטירעוועט פאר עפּעס, פאַר א פעטן טאָפּ פלייש! אויב אזוי, איז דאָך גיט שייך צו בלייבן שטיל און ניט ווארפן קיין שטיינער אויף די, וואָס מאכן קאליע די ביזנעס.

דער אמת איז, אז דער גאנצער אלארם ארום דעם פאראייניקטן קאמפּיין און אפילו דער קאָמוניקאַט פון זיין עקסעלענץ, דעם חשובן פינאנץ־מיניסטער פון ישראל הער קאפּלאן (ז"ל), איז א רעזולטאט פון דעם, וואָס די יידישע פאָלקס־מאסן רופן זיך אָפּ ווארעם אויף דעם אפּעל פון פאראייניקטן קאמפּיין, ווייל זיי ווייסן פון דער לאנגיעריקער פּראקטיק, אז יעדער הילפס־קאמפּיין פאַר אונדזערע ברידער, וואָס ווערט געפירט דורך די פּראָגרעסיווע אָרגאניזאציעס, גייט דורך מיט דער מאקסימאלער אָנשטרענגונג פאר זיין דערפאָלג און מיט די

מיניםאלסטע אויסגאבן. יעדער פאָלקס־מענטש איז זיכער, אז וויפל ער זאָל נים געבן פאר דעם צוועק, וועלן כמעט אלע הונדערט פּראָצענט אָנקומען צו די, וועמען ער וויל העלפן.

אין אָט נאָך אן אמת פון יענעם ארסענאל אמתן, וואָס די „אידישע פרעסע" טעג מיט זיי שטאָלצירן. זי שרייבט אין דעם זעלבן ארטיקל: „און דעם קאמפּיין פּראָקלאמירן זיי פּונקט איצט, ווען ס׳ווערט פּראָקלאמירט דער היי־יאריקער עמערגענין־קאמפּיין פאַר מדינת ישראל, א. א. וו. און וו." פון דעם איז שוין געדרונגען, אז די פּראָגרעסיסטן זענען שונאי ישראל און זוכן נאָר צו שטערן יש־ראל.איינס פון די ביידע! אָדער די הערן פון דער „אידישע פרעסע" האָבן פארלוירן יעדן חוש פון געזעלשאפטלעכער אָנשטענדיקייט, אָדער זיי דענקען, אז מיר, אלע יידן דאָ, ליידן פון א מ נ ע ז י ע. דער פאראייניקטער פאָלקס־קאמפּיין איז א רע־זולטאט פון די דורכגעוואָרפענע גערעכטע פאָדערונגען מצד די פּראָגרעסיווע עלעמענטן צו דער אוניפיקאדע אין 1949, ווען ס׳האָט זיך געהאנדלט וועגן פירן א פאראייניקטן פאָלקס־קאמפּיין. די פאָדערונגען געדענקען אלע, און ווייל די ציוני־סטישע רעדל—פירער שטעלן העכער זייערע פערזענלעכע אמביציעס און כבוד־זוכעריי ווי די אינטערעסן פון ישראל, איז דער קאמפּיין פון 1949 געפירט געוואָרן בלויז פון זיי, און ווי ס׳איז געווען צו דערווארטן, איז דער רעזולטאט געווען א מאַראלישער און פינאנציעלער פיאסקאָ.

היי־יאָר זיינען אויך ארויסגעשטעלט געוואָרן די פאָלגנדיקע דריי פאָ־דערונגען:

1) א פאָלקס־קאמפּיין דארף געפירט ווערן פון געוויילטע מענטשן און נים פון נאָמינירטע;

2) דער קאמפּיין דארף זאָרגן פאַר ישראל, אָבער א טייל פון די געלטער דארף גיין פאר לאָקאלע קולטור - און דערציונגס־אינסטיטוציעס, און

3) עס טאָרן פון די געזאמלטע געלטער נים אראָפּגענומען ווערן קיין סומען פאר לאָקאלע ציוניסטישע פארטיי־אינסטיטוציעס.

אָט די אלע פאָדערונגען זיינען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. און ס׳איז קלאָר געוואָרן פאר יעדן איינעם, אז א קאמפּיין פאַר ישראל וועט קומען מצד די, וואָס מיינען: העלפן ישראל און נים טרייבן קלייזל־פּאָליטיק אויף איר חשבון, דאָס איז איינס!

און צווייטנס, אלע געדענקען, אז דער ערשטער קולטור־צוזאמענפאָר אין בראַזיל, וואָס איז פאָרגעקומען אין ריאָ דעם 27־טן יאנואר ד. י. מיט דער באטיי־ליקונג פון 75 דעלעגאטן פון 8 עסטאדאָס, האָט אנגענומען א רעזאָלוציע אז אזא קאמפּיין זאָל פּראָקלאמירט ווערן. די רעזאָלוציעס זיינען באקאנט יעדן, וואָס אינטערעסירט זיך מיטן יידישן קולטור־לעבן אין בראַזיל.

איז אַזאַ קאַמפּיין אַ סורפּריז? אפשר פאַר דער „אידישע פרעסע", וואָס שרייבט וועגן פאַלשע כוונות, אויסגעזויגענע פון אירע אייגענע פינגער. דער גאַנ־צער אַרטיקל איז אָנגעפּיקעוועט מיט פאַלשע באַהויפּטונגען און אַרגומענטן, וואָס ס'איז ניט קיין נייעס פאַר אונדז. דאָס איז די געוויינלעכע אַרבעט פון דער „אידישע פרעסע": זידלען, שימפן און נאָך ערגערס. און דאָס אַלץ, צוגעדעקט מיטן געלעכערטן פעלץ — ציוניזם, נאַציאָנאַליזם מ'שטיינס געזאָגט, יידיש־קייט. צום גליק אָבער קענען די בראַזיליאַנער יידן די „אידישע פרעסע" מיט איר „ערנסטקייט", אויפריכטיקייט און אָנשטענדיקייט".

דאָס איינציקע, וואָס איז ריכטיק אין דעם אַרטיקל, איז זיין שרייענדיקער קאָפּ: „אַרונטער מיט דער מאַסקע". און טאַקע, חשובע הערן פון דער „אידישער פרעסע": — אַרונטער מיט דער מאַסקע, וועט אייך די יידישע עפנטלעכקייט דער־זען אין אייער נאַקעטער העסלעכקייט.

# פרייע פּרעסע, מ׳שטיינס געזאָגט!...

דער דראַנג פון די תקיפים צו באַהערשן און אונטערוואַרפן די פּרעסע זייער אַבסאָלוטן ווילן, איז ביי זיי אַ כראָנישע קרענק. אַן עפּיזאָד פון דער אַנטשטייונג פון דעם יידישן פּרעסע־וועזן אין בראַזיל וועט דאָס בעסער באַלויכטן.

די „אידישע פּרעסע״ איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט 25 יאָר צוריק דורך דעם ה. אהרן קויפמאַן, וועלכער וועט מיט רעכט פאַרצייכנט ווערן אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב אַלס מאַרטירער פון דעם יידישן געדרוקטן וואָרט. אהרן קויפמאַן האָט אויך געהערט צום ציוניסטישן לאַגער און דעריבער האָבן די ציוניסטישע תקיפים געמיינט, אַז ס׳וועט זיך זיי איינגעבן אַרויפצולייגן זייער לאַפּע אויף דער צייטונג און נעמען דעם רעדאַקטאָר אין אַרענדע. אַ שטיק צייט האָבן זיי אפילו ניט דערלאָזט, אַז קיין באַצאָלטע אַנאָנסן פון פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס זאָלן געדרוקט ווערן. דער רעדאַקטאָר, זייענדיק אַן אָרנטלעכער פאָלקס־מענטש, האָט זיך זיי קעגנגעשטעלט. ער איז געווען אַן אויפריכטיקער פריינט פון „בראַזקאָר״ און האָט גערן אים געשטעלט צו דיספּאָזיציע זיין צייטונג פאַר אַרטיקלען און קאָמענטאַרן. דאָס האָט די ציוניסטן אַזוי אויפגעבראַכט, אַז זיי האָבן אויסגענוצט אַלע עקאָנאָמישע צוואַנגס־מיטלען קעגן אים, בכדי דערמיט צווינגען אים זיך אונטערצוגעבן. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן. ווייל זייענדיק אַ הייסער אָנהענגער פון יידישער פּראָדוקטיוויזאַציע, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד האָט דורכגעפירט, האָט ער זיך מיט זייער קעגנערשאַפט און שנאה צום ראַטנפאַרבאַנד ניט גערעכנט.

ווען די רעדלפירער האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ קהילה, פון וועלכער די היינטיקע „קאָנפעדעראַציע״ איז אַ גילגול, האָבן די תקיפים ניט דערלאָזט, אַז אין דער צייטונג זאָל געדרוקט ווערן דער אויפרוף און אַנאָנס פון דעם פאָלקס־מיטינג, וואָס דער קאָמיטעט קעגן דער גרינדונג פון אַ קהילה האָט גערופן. אָבער, ווען דער רעדאַקטאָר איז בייגעווען דעם שטורמישן גרויסן פאָלקס־מיטינג קעגן דער קהילה און האָט געזען די אַנטריסטונג פון ישוב קעגן די קהילה־מאַכער, האָט ער זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ישוב און ניט פון די ציוניסטישע גדולים. אין דער צייטונג האָט ער גלייך אָפּגעדרוקט דעם אויפרוף און אַ גרויסן רעפּאָרטאַזש וועגן דעם מיטינג, וואָס ער אַליין האָט אָנגעשריבן און אויך אַלע רעזאָלוציעס, וואָס דער מאַסן־מיטינג האָט אָנגענומען.

פארוואַנדלען אַט דעם אָרנטלעכן יידן אין א ווערקצייג קעגן די פאָלקס-מאסן האָט זיך די רעדלפירער ניט איינגעגעבן. זיי האָבן געקריצט מיט די ציין און זיי האָבן אָנגענומען דראסטישערע מיטלען בכדי אים צו צווינגען צו פארוואנדלען די צייטונג אין זייערס אן אינסטרומענט . . .

די יידישע פאָלקס-שולן אין פוילן האָבן אין יענער צייט אראָפּגעשיקט קיין בראזיל א שליח דורכצופירן א געלט-קאמפיין. די ציוניסטן האָבן גלייך פאראָרדנט דער צייטונג ארונטערצורייסן דעם שליח און שטערן דעם קאמפיין. אהרן קויפמאן האָט אָבער געהאַט דעם מוט און אין דער צייטונג דערקלערט, אז דעם הילפסקאמפיין פאַר די יידישע פאָלקס-שולן וועט ער שטיצן מיטן גאנצן הארצן און וועט ארבעטן פאַר זיין דערפאָלג. דאָס מאָל האָבן זיי זיך איבערצייגט, אז ס׳איז א ברכה לבטלה. מענטשן מיט א ריינעם געוויסן זיינען ניט פּאסיק פאַר זייער קליקע און זיי האָבן דערפאַר געגרינדעט די „אידישע פאָלקס-צייטונג״.

וואָס פאַר א מהלך איז פון יענער „אידישע פּרעסע״ ביז דער היינטיקער. אהרן קויפמאן (אגב איז ער איצט ניט געזונט און מיר ווינטשן אים א רפואה שלימה) האָט געהאַט מוט. ער האָט ממש געהונגערט מיט זיין פאמיליע, אָבער טריי און אָרנטלעך געדינט דעם ישוב, און ניט געפּוצט די שטיוול פון די „באלעבאטים״, ווי עס טוען איצט די שמירער פון דער „אידישע פּרעסע״, ביי וועמען דער העכסטער אידעאל איז א פעטער ראָסל-פלייש . . .

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין א פריערדיקן ארטיקל. זיינען פארבליבן צוויי צייטונגען, אויף וועלכע זיי שפּארן זיך אָן — די „אידישע פּרעסע״ און „דער נייער מאָמענט״. זיי האָבן פון דעם ניט געמאַכט קיין סוד, אז דער „נייער מאָמענט״ איז געשאפן געוואָרן מיטן צוועק צו צעברעכן „אונדזער שטימע״ אויפן אָרט ווו זי דערשיינט. די שוטים האָבן ניט פאַרשטאנען, אז דער כוח פון „אונדזער-שטימע״ ליגט ניט אין דעם פלאַץ, ווו זי ווערט געדרוקט, נאָר אין איר אינהאַלט און אידייען, וואָס זי טראָגט. איר השפּעה איז טיף און ווייט פארשפּרייט צווישן אלע יידישע קיבוצים פון בראַזיל און דער „נייער מאָמענט״ האָט זי ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פארקערט, זי איז נאָך שטארקער געוואָרן. אנשטאָט איין מאָל, דערשיינט זי צוויי מאָל אין דער וואָך. אין דער זעלבער צייט האָט „דער נייער מאָמענט״ ארויסגעוויזן זיין פרעסערישן אפּעטיט. דעם ערשטן מיליאָן קרוזעיראָס, וואָס זיי האָבן באקומען, האָבן זיי שוין לאנג פאַרטאַכלעוועט. א צווייטן מיליאָן האָבן זיי א דעפיציט, חוץ הונדערטער טויזנטער קרוזעיראָס, וואָס זיי באקומען פון מגבית און פון אנדערע קוועלן. שטייט טאַקע די פראגע, ווי לאַנג קען מען נאָך שטאָפּן אַט דעם לעכערדיקן זאק? דאָס פארענטפערט אויך די פראגע, פארוואָס מ׳האָט צוגענומען פון סאן פּאולאָ דעם איצטיקן רעדאקטאָר פון דער „אידישעפּרעסע״, ווייל יענעם פרעסערישן בלעטל וועט שוין —קיין טאָטער אויך ניט העלפן.

די „אידישע פרעסע" איז זייער שטארקער זייל, אויף וועלכן זיי שפארן זיך אָן. זיי האָבן אסך מאָטיוון, וואָס באַרעכטיקן זייער צוטרוי צו איר. ערשטנס איז די „אידישע פרעסע" דאָס אייגנטום פון א גרופּע מענטשן, וואָס זענען אליין פון די תקיפים און אייניקע פון זיי זיינען מיטגלידער פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. צווייטנס, האָבן זיי דאָרט א „געקליבענעם" פּערסאָנעל, וואָס באַשטייט מיט גאָר א קליינעם אויסנאַם פון געוויסנלאָזע מענטשן מיט גומענע רוקנביינער און פּראָפעסיאָנעלע ליגנער, וועלכע שטייען צום דינסט דעם, ווער עס וועט נאָר באַצאָלן.

דער פארשווין חרמיץ, וואָס איז געקומען קיין בראַזיל, מיט אן אָרעאָל פון א נאַצי־קרבן, האָט אויפן אָרט איבערצייגט די תקיפים, אז ער איז זייערס א מענטש און מ קען זיך אויף אים פארלאָזן. דער רוס זאָגט, אז „א פויגל דערקענט מען לויט זיין פליען". ווען חרמיץ האָט זיך געטראָפן מיט זיין קאָלעגע, קערבלען, אויך א „נאַצי־מארטירער", האָבן זיי גלייך געשלאָסן ברודערשאַפט ביי א גלעזעל לחיים אין האָטעל „גלאָריאַ" און דאָרטן האָט ער אים אָנגעבאָטן זיין דינסט. ניט חלילה, אומזיסט, צוליב פריינטשאפט, נאָר לויט דער פרייז פון זיין טאבעלע. מיט אזא פארשווין אין סאַן פּאולאָ, זיינען זיי פארזיכערט, אז ער וועט קיין קשיות ניט פרעגן און וועט טון אלץ, וואָס מ'וועט נאָר פון אים פארלאנגען.

דער רעדאַקטאָר דוד מארקוס, פון ריאָ, האָט אויך איבערצייגט, אז ער ווייסט זיי צו דינען די, וואָס באַצאָלן. ער האָט נאָך ניט באַוויזן זיך גוט אָנצוווארעמען אין בראַזיל און מען שרייבט שוין, אז ער איז ניט אוועק אין אן אויסלענדישער אַמבאַסאַדע פאָדערן געלט פאר זיין גוטער ארבעט לטובת טרומאנען.

אָט מיט אזעלכע „מענטשן" האָבן זיך די רעאַקציאָנערע תקיפים פארזאָרגט פאר זייערע צייטונגען.

און דאָס אלץ איז באַוווסט דעם יידישן ישוב אין בראַזיל און די הערלעכע פּאָלקס־יידן פארשטייען די אַרבעט פון די פארקויפטע נשמות.

# סאנקציעס...

אייגנטלעך, זיינען סאנקציעס פאר יידן ניט קיין נייעס. די בעלי-טאקסע האָבן דאָס מיטל גענוצט קעגן די ווידערשפעניקער, קעגן די, וועלכע האָבן אויפגעדעקט זייער פרצוף, זייער געפאלנקייט, זייער תאוה נאָך מאכט און נאָך-געלט. אלע׳מיטלען זיינען ביי זיי געווען כשר, אַבי דעם „חצוף” צו פארמאכן דאָס מויל. זייערע שמוציקע געשעפטן פלעגן זיי פארדעקן מיט דעם פאלשן מאנטל און אונטער דער פאלשער מארקע פון יידישע אינטערעסן, „יידישע טובה”, א. אנד.

אָבער דער גאַנצער שימל געהערט שוין צו דער טרויעריקער יידישער פארגאנגענהייט.

אָבער איצט ווילן די קליינע מענטשעלעך אין בראַזיל מחיה מתים זיין יענע מעטאָדן, וואָס האָבן פארפעסטעט די יידישע גאַס יאָר-הונדערטער. פאַר די ציוניסטישע תקיפים האָט זיך גאָרניט געביטן. פון דער בלוטיקער צייט האָבן זיי גאָרניט געלערנט. אויב ס׳זיינען פאַראַן יידן, וואָס ווילן ניט טאָן דאָס, וואָס זיי ווילן — איז חרם! ניט געבן קיין געלט אויסצוהאלטן אומזיסטיקע פרעסערס — איז חרם! אָנווייזן זיי, אז הינטער דעם „מגבית” זיינען באהאַלטן פערזענלעכע און ענג-פארטייאישע אינטערעסן - איז לייגן אין חרם! און דאָס אלץ אויך אונטער דער פאלשער מארקע, אז יענע „פורשים מן הציבור” זיינען קעגן יידישע אינטערעסן, קעגן ישראל. אין זייער אומפארשעמטקייט שטעלן זיך די תקיפים ניט אָפּ פאר די געמיינסטע רכילותן, כדי צו ווירקן אויפן פשוטן ייד, און מאכן, גלויבן, אז זיי און נאָר זיי מיינען טאקע לשמה די יידישע נאציאָנאלע אינטערעסן.

ס׳האנדלט זיך ניט דאָ וועגן די סאנקציעס זעלבסט. ס׳איז ניט דאָס ערשטע מאָל, ווי די פראגע ווערט אויפגעהויבן. זי וועט איצט אויך, גלויבן מיר, ניט דורכגיין. דאָס איז בלויז א צייטווייליקע היסטעריע, וועלכע כאפט אָן די רעדלפירער דאן, ווען די מגבית-געשעפטן ווערן ערגער.

די מיטגלידער פון טעמפל זיינען אָבער ניט קיין טשערעדע שאָף, וואָס וועלן זיך אונטערווארפן א פאָר רעדלפירער. אויך די חברה קדישא האָט שוין דערוויזן אז זי קען שטיין אויף דער געהעריקער געזעלשאפטלעכער הויך — דאָס איז דער פאקט, וואָס איר שטיצע פאר יידישע שולן ווערט געגעבן אלעמען, אָן דיסקרי-

מינאציעס. מיר זיינען זיכער, אז די חברה קדישא וועט זיך ניט לאָזן ארײנשלעפּן אין דעם שדים־טאַנץ פון א פּאָר צעיושעטע היץ־קעפּ.

מ׳מוז פארשטיין, פארוואָס ווילן זיי דאָס נאָך אמאָל סאנקציעס? דער ענטפער איז, אז וואָס אמאָל מער יידן ווילן ניט געבן געלט צו די, וועלכע זיינען ניט ווערט זייער צוטרוי. ווערן זיי צעיושעט און דראָען מיט חרם. ס׳איז ניט אמת אז ס׳זיינען פאראן יידן, וואָס זיינען קעגן יידישע אינטערעסן, אָדער קעגן מדינת־ישראל. אויב אזעלכע זיינען יאָ דאָ, איז עס א קליין הייפעלע, מיט וועלכער דער ישוב האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכנט. אָבער די, וואָס זיי רופן „פּורשים מן ציבור״, זיינען יידן, וועלכע בויען אין האלטן אויס יידישע אינסטיטוציעס. קלובן, און זיינען פארבונדן מיט די יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. זיי זיינען גראָד די, וועלכע האלטן אָן אין פלאנצן איין אין דעם יונגן דור ליבע צו אונדזער פאָלק, שפּראַך, קולטור און געשיכטע. מדינת ישראל איז זיי טייער און דערפאַר באקעמפן זיי די בן גוריון־רעגירונג, וואָס פארראט די אינטערעסן פון ישראל און שפּאנט דאָס לאנד איין אין דעם מלחמה־וואָגן פון אמעריקאנער אימפעריאַליזם.

דער עיקר ביי די ציוניסטישע תקיפים איז צו דערשטיקן יעדער מיינונג און פּראָטעסט קעגן די, וואָס ווילן זיך פארוואנדלען אין די פולקאָמע באלעבאטים איבערן געדאנק און קעשענע פון יעדן יידן.

דער לעצטער סקאנדאל אין דער „מחלקת החינוך״ האָט זיי איבערצייגט אז זיי מוזן האנדלען שנעל און ענערגיש, ניט נאָר קעגן די פּראָגרעסיווע, נאָר נאָכמער קעגן די רעבעלן פון אייגענעם לאגער.

אויף דעם כינוס פון די לערער, וואָס איז פאָרגעקומען אין סאן פּאולאָ איז געוואָרן קלאָר, אז מיליאָנען, וואָס ווערן ארויסגעשלעפּט צו העלפן כלומרשט ישראל , ווערן פארשווינדעריש פארטאכלעוועט אויף אויסצוהאלטן דאָ א קליקע פון לײדיקגייערס. די מחלקר ההנוך האָט צוגעשטעלט א ת מאַנאטיקן באלאנס, ווי ס׳ווערט אָנגעגעבן, אז די הוצאות פארן אפּאראַט באטרעפן די ריזיקע סומע פון א מיליאָן מיט 8 טויזנט קרוזעיראָס און דאָס איז בלויז פאר איין צווייגעלע פון זייער אַפּאַראַט, אויף דער מחלקה־ההינוך:224 טויזנט קרוז. פארן אַפּאַראַט אין סאן פּאולאָ און 185 טויזנט קרוז. פאַר די לערער, וועלכע זיינען געקומען פון ישראל.

אָט די אלע פאנטאסטישע סומעס האָבן איבערראשט זייערע אייגענע מענטשן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער רעוואָלט.

די פונקציע פון דער המחלקה לחינוך איז העלפן אויסצוהאלטן שולן. פאר די שולן אָבער האָבן זיי נאָר אויסגעטיילט די קליינע סומע פון 268 טויזנט קרוז. איין מיליאָן מיט 8 טויזנט קרוזעיראָס — פאר אויסהאלטן פּראָפעסיאָנעלע - שרייערס, און 268 טויזנט קרוז. — פאַר לימוד!

קיין קאָמענטארן זיינען דאָ ניט נויטיק. די לערער אָבער פון די ציוניסטישע שולן ווילן ניט שווייגן. זיי שרייען, אז זיי זיינען ניט קיין שטיף-קינדער און זיי ווילן לעבן.

דאָס איז איינע פון די סיבות, פאַרוואָס זיי ווילן דורכפירן סאנקציעס. קודם-כל אָנשרעקן די פּראָגרעסיווע יידן און סתם פאָלקס-מענטשן, וועלכע האָבן פאַר־שטאנען דעם ריכטיקן מיין פון די „נאציאָנאַלע" יידן, און אין דער זעלבער צייט ווילן זיי אויך האָבן א קאנטשיק אויף די אייגענע „רעבעלדעס", אז זיי זאָלן זיך ניט בונטעווען...

אָבער, נאָך אלעמען איז ניט צו פארשטיין, צו וואָס פאר אן אבסורד מענטשן קאָנען דערגיין, ווען דער ווילן צו הערשן איז שטארקער פונעם שכל הישר.

דער ישוב איז אָבער ניט צונויפגעשטעלט בלויז פון צאן קדשים. ס'זיינען נאָך פאראן מענטשן ביי וועמען דאָס געפיל פון געזעלשאפטלעכער אחריות איז וואכ־זאַם. ס'מוז אָנן וועט קומען די פראגע — ווער זייט איר! ווער האָט אייך געגעבן די מאכט צו דיקטירן דעם ישוב געזעצן? וואָס ווילט איר? !.!

איר, תקיפים, וועט מוזן ענטפערן און אָפּגעבן חשבון פאַר די געזעלשאַפטלע־כע געלטער, וואָס מען האָט אייך אָנגעטרויט, און פאר אייערע אָנגריפן קעגן די ערלעכע יידן, וועלכע לאָזן זיך דורך אייך ניט פארפירן.

# אָפּענע ווענדונג און אויפפאָדערונג *)

חשובע רעדאַקציע,

דערלויבט אַ שטיקל פּלאַץ אין אייער־אונדזער צייטונג פאַר פאָלגנדיקער דערקלערונג און אין דער זעלבער צייט אויפפאָדערונג צו דעם „אָסטראָווצער לאַנדסלייט־פאַריין" וועגן דעם טרויעריק באַרימטן ענין אברהם־איטשע קערבל — דער יידישער רוצח, נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָר, אָנפירער פון באָדזעכאָווער לאַגער, דער „קאַפּאָ".

דער „אָסטראָווצער לאַנדסלייט־פאַריין" האָט מיט עטלעכע יאָרן צוריק אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן מוט, עקשנות, מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו דערמאָסקירן און ברענגען פאַר א געזעלשאַפטלעכן טריבונאַל זייערע לאַנדסלייט, די אויסוואורפן, די ברידער זייפמאַן און אברהם איטשע קערבלען, וועלכע דער שוואַרץ־יאָר האָט געבראַכט צו אונדזערע ברעגן און האָבן געזאָלט באַדעקן מיט שאַנדע אונדזער ישוב.

געװאָג טומל האָט דער ענין פאַרשאַפט. און ניט געקוקט, וואָס עס האָבן נאָך געבלוטיקט די וווּנדן, וואָס די נאַצי־בעסטיע האָט פאַראורזאַכט אונדזער פאָלק, האָבן שוין דעמלט זיך געפונען ברואים, וועלכע האָבן געוואָלט ריינוואַשן די רוצחים. עס איז זיי אָבער ניט געלונגען. דער ישוב האָט די זייפמאַנס פאַרמשפּט צו אייביקער שאַנדע און האַס. אברהם־איטשע קערבלען האָט א צופאַל אָוועקגענומען פון אונדזער ישוב אין אַנדערע מקומות, און מיט דעם האָט געזאָלט זיך פאַרענדיקן דער ענין קערבל.

ווי געזאָגט, האָט אַזוי געזאָלט זיך פאַרענדיקן דער ענין. ער איז אָבער ניט פאַרענדיקט. ווייל די פריער דערמאָנטע ברואים און אויך אַנדערע, ווילן מיטן כוח פון געלט און חוצפה אומבאַדינגט ריינוואַשן דעם מערדער און נאַצי־אַרויסהעלפער אברהם - איטשע קערבל.

די „אידישע פּרעסע", אָט דער זייפמאַן־אָרגאַן, וועלכער האָט זיך גע־שטעלט די אויפגאַבע צו באַשיצן און באַשירעמען אַלע לאַגער־פריערס, בריגאַ־דירן און מיטאַרבעטער פון די נאַצים, קריכט פאַר די לעצטע וואָכן ממש פון דער הויט צו דערווייזן דורך די מאמרים פון חרמצן, אַז קערבל־קאַרגול איז

---

*) פון א בריוו צו „אונדזער שטימע"

אן אומשולדיק טייבעלע, נאָר וואָדען — „אונדזער שטימע" וויל אַט די „נאציאָ־נאלע" יידן, נעבעך, רודפן.

מילא „אונדזער שטימע" וועט איר שטעטל אליין באַשטיין. דער ישוב וויסט, אז אַט דער פראָגרעסיווער אָרגאן האָט דעם ציל צו פארטיידיקן דעם כבוד פון ישוב און שטייט אויף דער וואך צו וועקן און קעמפן פאר אַ ריינעם, שיינעם, קולטורעלן, דעמאָקראטישן ישוב. „אונדזער שטימע" איז צו קיינעם ניט פאר־קויפט, ווי געוויסע יידישע פרעסע־אָרגאנען. דעריבער ווערט „אונדזער - שטי־מע" ניט מיד צו זאָגן איר אמתדיק וואָרט.

אָבער איך קום צו דער עפנטלעכקייט צוליב פאָלגנדיקן מאָטיוו: — ווי ס'איז שוין באוווסט, האָט די ריאָר יידישע פעדעראציע דעם ענין קערבל־קאַרגול אַרכיווירט, ווייל דער אויסוואורף איז ניט מער דאָ אין בראַזיל, און ס'איז ניט געווען מער נויטיק מיט אים זיך צו פארנעמען. ס'זיינען אָבער געקומען די „געוויסע יידעלעך" און האָבן אָנגעהויבן אַ ויצעקו, אז מ'האָט פארפלעקט דעם נאָמען פון אן „אומשולדיקן" מענטשן, וועלכער האָט דאָ משפחה און זיי פאָדערן אַ נייע אויספאָרשונג.

די פעדעראציע, אונטער זייער דרוק, האָט אויף דעם מסכים געווען און גלייך באשטימט צוויי פערזאָנען: דעם דר. גארטענבערג און דעם דר. מאַרקאָס קאָנסטאנטינאָ. דער „אָסטראָווצער לאַנדסלייט־פאריין", וועלכער האָט אלע דאָ־קומענטן וועגן קערבלען, האָט פראָטעסטירט קעגן דער רעוויזיע, אָבער דער־נאָך צוגעשטימט אויף דעם באדינג, אז די דריטע פערזאָן פון דער נייער אויס־פאָרשונגס־קאָמיסיע זאָל פארדינען זייער פולסטן צוטרוי. און זיי האָבן פאָר־געלייגט מיין ווייניקייט. אזוי, אז די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פאָלגנדע פערזאָנען: דר. גארטענבערג, דר. קאָנסטאנטינאָ און אהרן שענקער.

די אויספאָרשונגס - קאָמיסיע האָט מער ווי אַ יאָר געפאָרשט, אויסגעהערט עדות, קרבנות פון קערבלען, וועלכע געפינען זיך אין ריאָ. די עדות האָבן פאר דער קאָמיסיע ארויסגעבראַכט שוידערלעכע פאקטן וועגן די מעשים פון דעם „קאַפאָ", און נעמען פון מענטשן, וועלכע ער האָט אוועקגעשיקט קיין טרעב־לינקע, נאָך דעם וואָס ער האָט אויסגעפרעסט ביי זיי דעם לעצטן גראָשן. דאָס אלעס האָבן דערקלערט מענטשן, וועלכע קערבל האָט געוואָלט אונטערקויפן מיט געלט, כדי זיי זאָלן ניט דערציילן די גרוילן פונעם באַדזעכאָווער לאגער, מיט וועלכן קערבל האָט אָנגעפירט.

די מיליאָנען, וועלכע קערבל האָט געבראַכט קיין ריאָ, זיינען אָנגעראַבעוועט געוואָרן ביי טויזנטער יידן, וואָס זיינען דורך אים געשיקט געוואָרן פאר־גאַזט צו ווערן אין אַשוויענטשים.

אַט דעם מערדער, ווילן עס די גארטענבערגס און די חרמצעס ריינוואַשן.

נאָך א לאנגער אויספאָרשונג פון די דאָקומענטן און לעבעדיקע עדות, האָט די מערהייט פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע — דר. קאָנסטאנטינאָ און אהרן שענקער — אַרויסגעטראָגן די פאָלגענדע רעזאָלוציע: „די אלע דאָקומענטן קענען פאַרלויפיק ניט אויסגענוצט ווערן, ווייל ניט די קאָמיסיע, ניט די משפחה ווייסן ניט ווו קערבל געפינט זיך, און דעריבער דאַרפן די דאָקומענטן פארבלייבן אין דער פעדעראציע, ביז וואַנען קערבל וועט זיך ערגעץ באַווייזן.״

משפטן איינעם, וועלכן מען ווייס ניט ווו ער איז, אָדער צי לעבט ער בכלל, האָט ניט קיין זין. די קאָמיסיע האָט דורך ברייוו און טעלעגראַמעס געטאָן אלץ אים אויסצוגעפינען, אָבער אָן א רעזולטאַט.

דר. גארטענבערג איז ניט געווען מסכים מיט דער רעזאָלוציע. און ווען די אלע דאָקומענטן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן דער טויטער פעדעראציע, האָט דער דר. גארטענבערג גענומען אויף זיך די שווארצע מיסיע אויפצוהויבן נאָכאַמאָל דעם ענין און ווי מען גיט איבער, האָט מען דעם „ענין קערבל״ ווידער ארויפּ־געשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג.

איך ווייס, אז ניט אלע מענטשן זיינען אזעלכע „נפשות״, ווי א גארטענבערג, א חרמין, אָדער דוד מארקוס. עס זיינען פאראן מענטשן מיט געוויסן און פאראנטוואָרטלעכקייט און אַט צו די מענטשן ווענדע איך זיך: ווי אזוי קענט איר זיך לאָזן אויף אַזאַ גליטשיקן וועג, וואָס וועט אייך פארוואַנדלען אין „פּופּן״? האָט איר דורכשטודירט דעם פּראָצעס, די הונדערטער דאָקומענטן, וואָס באשטעטיקן די שולד פון דעם „קאַפּאָ״? האָט איר זיך צוגעקוקט, אז די דאָקומענטן אין דער פּוילישער שפּראַך, וועלכע רעדן לטובת קערבלען, זיינען צווייפלהאַפטע, מיט געפעלשטע דאַטעס? האָט איר געלייענט דעם דאָקומענט פון „יידישן היסטאָרישן־אינסטיטוט פון פּוילן״, וועלכער באַזיצט אלע דאָקומענטן פון אונדזער פאָלקס אומגליק, אין וועלכן ער מעלדעט דער קאָמיסיע, אז „קעגן קערבלען זיינען פאראן שרעקלעכע באשולדיקונגען״ און זיי גייען נאָך אָן מיט דער אויספאָרשונג?

טאָ פרעג איך אייך: מעגט איר אויפהייבן נאָכאַמאָל דעם ענין? ווי אזוי? ריינוואַשן קענט איר ניט, ווייל ס׳זיינען דאָ שווערע באשולדיקונגס־דאָקומענטן, אויטענטישע באשולדיקונגען!

מיינע הערן, אויספאָרשן דאַרפט איר יאָ, אָבער ניט דעם ענין קערבל, נאָר דעם ענין גארטענבערג, דעם ענין חרמין, פאַרוואָס און צוליב וואָס, זיי צערייסן זיך די קאַפּאָטעס, אז קערבל זאָל ריינגעוואַשן ווערן.

א טיפן חשד האָט דר. גארטענבערג ארויסגערופן, סיי ביי מיר און סיי ביי דר. קאָנסטאנטינאָ מיט זיין האנדלונג אלס מיטגליד פון דער אויספאָרשונג־קאָמיסיע, מיט זיין האנדלונג און מיט זיינע מעטאָדן.

מען פאררופט זיך, אז קערבלס משפחה פאָדערט דאָס. דער ארגומענט איז ניט ריכטיק, ווייל די אויספאָרשונג־קאָמיסיע האָט צוגעגעבן, אז קיינער באשולדיקט ניט קערבלס משפחה און מאכט זיי ניט פאראנטוואָרטלעך פאר זיינע מערדערייען. אוודאי איז מיאוס צו האָבן אַזאַ אויסוואורף אין דער משפחה. אָבער מען קען זיך אין דעם ניט העלפן. און קיינער פארפאָלגט זיי ניט דערפאר. א סימן, אז אין דער רשימה פון מגבית פיגורירן זייערע נעמען...

דער מנובל חרמין האָט אָנגעמאזשעט אין דעם זייפמאן־אָרגאן א מאמר, אין וועלכן ער צעבילט זיך אויף „אונדזער שטימע", אז זי איז כלומרשט שטיל געבליבן וועגן קערבלען, ווייל ער איז איצט א הויכער אָנגעשטעלטער אין דער פוילישער רעגירונג. פון דעם זאָל זיין גערדרונגען, אז ווי באַלד ער, קערבל, אַרבעט מיט דער פוילישער פאָלקס־רעגירונג, איז ער א פיינער, אייגענער מענטש און מען דארף פארגעסן, וואָס מען האָט וועגן אים געזאָגט.

דאָס אלץ, וואָס חרמין שרייבט, איז שקר וכזב! זאָל ער דערווייזן פונוואנען ער ווייסט דאָס! דער אמת איז, אז חרמין האָט גאָרניט צו דערווייזן! ער האָט דאָס אויסגעטראכט, כדי מיט דעם ליגן צו ווירקן אויף נאַאיווע מענטשן לטובת זיין בוזים־פריינט אברהם איטשע קערבל.

ווען קערבל איז געווען אין ריאָ האָט חרמין אין „גלאָריאַ האָטעל" מיט אים פארהאנדלט זיין פארטיידיקונג פאר דעם פרייז פון א דרוק־מאשין. און וויפל איז דער פרייז פון דער היינטיקער פארטיידיקונג?

מיט א חרמצן דיסקוטירט מען ניט, נאָר די עפנטלעכקייט דארף וויסן.

דעריבער ווענדע איך מיך צו דעם „אסטראָווצער לאנדסלייט־פאריין".

חשובע הערן:

איך ווייס, אז איר האָט אן אָפיציעלן דאָקומענט, אין וועלכן עס ווערט באשטעטיקט, אז אברהם־איטשע קערבל געפינט זיך אין פוילן הינטער די אייזערנע גראטעס פאר זיינע מעשים אלס נאצי־קאָלאַבאָראטאָר. איר האָט דעם דאָקומענט. איך ווייס פון דעם — ווייל איך האָב אַ קאָפּיע פון אים.

פארוואָס פארעפנטלעכט איר ניט דעם דאָקומענט? דאָס וועט דאָך אראָפּרייסן די מאַסקע פון די חרמוצעס, גארטענבערגס און אנדערע.

די יידישע עפנטלעכקייט האָט א רעכט צו קענען דעם דאָקומענט. דערמיט וועט געמאכט ווערן א סוף צו דער גאנצער „מיסטעריע", ווו קערבל געפינט זיך.

איר מוזט פארעפנטלעכן דעם דאָקומענט, כדי ניט צו דערלאָזן, אז אָרנטלעכע יידן זאָלן אומשולדיקערהייט אריינגעפלאָנטערט ווערן אין אזא מיאוסן ענין.

איר מוזט דאָס טאָן. און זאָלן אָרנטלעכע מענטשן דערזען דעם פרצוף פון דער „אידישע פרעסע", חרמין, מאַרקוס עט קאַטערוואַ.

מיט אכטונג,

**אהרן שענקער**

ריאָ, דעם 10־טן יאַנואר 1954

# א חלום פון א רעדאקטאָר

חשובה פריינט פון דער רעדאַקצעי „אונדזער שטימע":
זאָל מיין „חלום פון א רעדאקטאָר" אויך זיין א בייטראָג צו דעם ספּאָנטאַנעם „לייענער־קאמפּיין" פאר א גרעסערער און שענערער „אונדזער שטימע".

הארציק אייער איבערגעגבענער

**א. ש.**

זיצט זיך אזוי, דער רעדאקטאָר פון „אונדזער שטימע" ביי זיין שרייב-טיש. אונטער זיינע דיקע ברילן שמייכלען די אויגן פון צופרידנקייט. אין זיינע געדאנקן פליט דורך איין בילד נאָכן אנדערן: שוועריקייטן, שטערונגען, פאסירונגען, ערנסטע און קאָמישע. אזוי פיל זאכן זיינען זיך פארלאָפן אין די פופצן, זעכצן חדשים, וואָס די צייטונג דערשיינט, אז עס שווינדלט ממש פאר די אויגן.

עס קומען דערינערונגען פון ביטערע מאָמענטן, פון שוועריקייטן, וואָס האָבן שיעור ניט איבערגעריסן דעם רעגלמעסיקן גאנג פון דער צייטונג, אָבער די צייטונג דערשיינט, די לייענער דערהאלטן זי צו דעם באשטימטן טאָג.

עס איז היינט דאָנערשטיק, א נומער צייטונג איז נאָר וואָס פארטיק געוואָרן און דער זעצער זעצט שוין ארטיקלען צו דעם קומענדיקן נומער. זיצט ער, דער רעדאקטאָר, ביי זיין שרייב-טישל, פון מידקייט קלעפּן זיך ביי אים די אויגן, אָבער שלאָפן טאָר ער ניט. דער לינאָטיפּ לאָזט ניט, ער פאָדערט זיין שפּייז. מוז ער נעבעך, דער רעדאקטאָר, זיצן איצט שפּעט אין אָוונט און צוגרייטן „ארבעט" אויף באלד אינדערפרי.

א שווערן קאמף קומט אים אויס איצט צו פירן. ניט מיט די אָנגעוואָרפענע פאפירן, מיט די אומלייענבארע כתב־ידן, נאָר מיטן שלאָף. א גאנצן אָוונט מאַטערט ער אים און לאָזט אים נישט ארבעטן. עס העלפן נישט די קאַווע־לעך, וואָס ער לויפט ארויס טרינקען. ער מוז זיך סוף כל סוף אונטערגעבן, און אזוי זיצנדיק אויפן בענקל לייגט ער אוועק דעם קאָפּ איבער דעם בארג פאפירן און שלאָפט איין.

פלוצים דערזעט ער, ווי ס׳פּענט זיך די טיר פון דעם רעדאַקציע-צימער און עס הויבן זיך אָן באַווייזן פּנימער פון חברים, פון מיטאַרבעטער. אַלע זיינען זיי בייז און אומצופרידן. און טענות שיטן זיך פון אַלע זייטן.

איינער שרייט, אַז דער רעדאַקטאָר האָט מיטן אַריינוואַרפן זיין אַרטיקל אין קויש האָט אים אומגליקלעך געמאַכט. אַ גרויס ווערק איז פאַרלוירן געגאַנגען און אים, דעם מחבר, פאַר אַן אבל געמאַכט.

אַ דיכטער, מיט אַ מאָגער פּנים, אומרואיקע אויגן און אַ צעשויבערטער טשופּרינע, פּינעט פאַר כעס. זיין בעסט ליד, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין אייגענעם און דעם וועלט-שמערץ, האָט צוליב דעם רעדאַקטאָרס שולד די וועלט נישט דערזען, און די אָרעמע ליטעראַטור האָט נעבעך אַזאַ פּערל פאַרלוירן. נישט ער און נישט די קומענדיקע דורות וועלן דאָס דעם רעדאַקטאָר מוחל זיין...

דער ייד, וואָס שרייבט דערציילונגען, קאָן פאַר כעס קיין וואָרט נישט אויס-רעדן. זיין דערציילונג האָט געזאָלט איבעראַשן אַלע ליטעראַטור-ליבהאָ-בער; די געדאַנקען, די פראַזן האָבן געקלונגען אַזוי ניי, קיינער ביז אים האָט נאָך אַזעלכעס נישט געשאַפן; ער איז געווען זיכער, אַז זיין דערציילונג וועט פאַרוווּנדערן די וועלט און ער וועט געקרוינט ווערן מיטן נאָמען „דער גרעסטער מייסטער אין דער ליטעראַטור" — צום סוף האָט גאָר דער רעדאַקטאָר זיין דערציילונג אַזוי אַרומגעשווירן, אַז עס איז געבליבן בלויז דער סקעלעט.

דער פעליעטאָניסט ליאַרעמט, אַז דער רעדאַקטאָר איז אַ בייזער, אָנגע-כמורעטער ייד, אַז ער האָט נישט דעם מינדסטן חוש פאַר, הומאָר, וויץ און סאַ-טירע. דעריבער איז דער רעדאַקציע-קויש געוואָרן דער בית-עולם פאַר זיינע גלענצנדע פעליעטאָנען. קיין גוטער ייד זאָל דעם רעדאַקטאָר ניט קענען!

די פּנימער הויבן אָן פאַרשווינדן. דער דרעמל פונעם רעדאַקטאָר ווערט אומרואיקער. באַלד איז ווידער פול געוואָרן דאָס צימער. יידן מכל המינים: פּאָ-ליטיקער, כללטוער, קהלישע קאָכלעפל האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינשיטן. קיין גוטס, האָבן דעם רעדאַקטאָר זייערע אויגן נישט געוווּנטשן. וועגן דעם האָט מען יאָ געזאָגט, וועגן יענעם נישט געזאָגט, וועגן אַ דריטן נישט דערזאָגט, אַ פערטן אַריינגעזאָגט...

נאָך זיי קומען אַ מענגע מענטשן, וואָס האָבן זייער ערשטע ליבע דער צייטונג פאַרטרויט. געגאַרט צו זען זייערע נעמען „שוואַרץ אויף ווייס". און וואָס? דער נשמהלאָזער רעדאַקטאָר האָט זייער טאַלאַנט באַלד ביים אָנהויב פון זייער ליטעראַרישער קאַריערע בלאָקירט, צו דער וועלט נישט אַרויסגעלאָזט. פייערדיקע שפּיזן זיינען פון זייערע אויגן געפלויגן גלייך דעם רעדאַקטאָר אין האַרץ אַריין.

דעם רעדאַקטאָרס דרעמל ווערט שווערער. ווי א באַנדע זלידנע פליגן באַפאַלן אים אותיות, ווערטער, שורות, זאַצן — מיט א געוואלד:

— וואָס האָסטו צו אונדז געהאַט, רוצח? — שרייען די אותיות — אונדז פאַרביטן איינס אויפן צווייטן, אַן „אלף" אויף אַן „עין", א „בית" אויף א „וואָוו", געמאַכט פון אונדז ווּיסטע קאַליקעס. וואָס זאָלן מיר איצט טון?

— און מיך — שיפּעט דאָס „וואָרט" — וואָס האָסטו פון מיר געמאַכט? פון פרויען איז ביי דיר געוואָרן גרויען, פון טרוימען — בוימען. מיט וואָס האָב איך בידנע וואָרט, דיר שלעכטס געטאָן? וואָס האָסטו געדאַרפט מיך אזוי פאַרשעמען?

און אַרויסגעוואָרפענע שורה צעשרייט זיך: „וואָס האָסטו געהאַט צו מיר? פאַרוואָס האָסטו מיך אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן? איך בין דאָך געשטאַנען צוגלייך מיט אַנדערע שורות, אַנדערע זיינען אריין און איך בין געבליבן הינטער דער טיר. זאָג אדרבא, וווהין זאָל איך מיך איצט אהינטון? צו וועמען זאָל איך מיך צוטוליען? גאָט זאָל דיך שטראָפן. זאָלסט אויף אייביק אין גלות פאַרבלייבן.

דער רעדאַקטאָר כאַפּט זיך אויף, באַגאָסן מיט א קאַלטן שווייס. עס איז קיינער נישטאָ אין צימער.

ס'איז בלויז געווען א חלום. צום רעדאַקטאָר האָט „קיינער" נישט קיין טענות.

ער אָטעמט אָפּ לייכטער, שפּייט אויס דריי מאָל און נעמט זיך ווידער צו דער אַרבעט: „אָ וואַ! די צייטונג וועט שוין פאַרשפּעטיקן אויף א שעה..."

# א מתנה פאר „אונדזער שטימע״

פעליעטאָן

„אונדזער שטימע״ פייערט איצט איר צוויי־יאָריקן געבורטס־טאָג. קיין עין־הרע, קיין בייזאויג און קיין שלעכטס זאָל איר ניט געשען. דאָס איז דאָך דער ווונטש פון כמעט אלע יידן אין בראזיל.

און אויב איניקע באקומען פון „אונדזער שטימע״ „הארצפעלעניש״, מעג זיי עס וויל באקומען. גוטע מענטשן זאָלן מיר מוחל זיין, וואָס איך ווינטש קיין גוטס ניט אָט די „הארצלאָזע״, מען קאָן זיי קיין גוטס ניט ווינטשן אין דער איצטיקער מיט אטאָם־פולווער אָנגעלאָדענער צייט...

איך אליין האָב, באמת געזאָגט, זיך באדארפט ניט וויסנדיק מאכן און פאר־שווייגן דעם 2־טן אניווערסאַר פון „אונדזער שטימע״. ווייל „אונדזער שטימע״ — איר דארפט עס וויסן — האָט קאליע געמאַכט מיין ליטעראַרישע קאריערע און צעשטערט מיין שטרעבונג צו אומשטערבלעכקייט... איך דריי זיך ארום מיט פולע קעשענעס, אָנגעשטאָפּטע מיט כל־טוב — פון קליינינקע נאָטיצלעך ביז קילאָמעטערדיקע פאָעמעס... מאניאקעס און גראפאָמאנען מעגן ומקנא זיין מיין שעפערישקייט ... אָבער „אונדזער שטימע״ גיט ניט מיינע שאפונגען די געלעגנ־הייט צו דערזען די ליכטיקע שיין. נאָר גיי שריי חי־וקים און האלט אָן דעם ברוגז מיט „אונדזער שטימע״, ווען ס'הארץ איז פול מיט פרייד און שמחה צוליבן יום טוב פון מיין און אייער צייטונג. ס'ווילט זיך מיר אפילו צוטראָגן דער צייטונג א מתנה, כ'ווייס אָבער ניט, וואָס פאר א מתנה אויסצוקלייבן. דאָס איז שוין גאָר ניט פון די לייכטע זאכן, דאָס איז שוין גאָר אן ערנסטער ענין...

אפשר א קמיע, וועלכע זאָל באשיצן „אונדזער שטימע״ פון „גויישע הענט״ און אויך... פון בייזע „יידישע צינגער״, וועלכע ווילן דווקא עפּעס אריינלייגן אין שותפות אין יענקישע געשעפטן?

נאָר שאט! די שיינע פאסיקע מתנה קאָן זיין א רעדאקטאָר, שענקען „אונד־זער שטימע״ א נייעם רעדאַקטאָר (שענקען האָט דאָך צו טון מיט מיר... מיט א

שענקער). דער אַלטער אָנגעכמורעטער רעדאַקטאָר, וועגן וועמען כ׳האָב שוין אמאָל געשריבן, איז עפּעס א קאַלטע „לונג און לעבער". שוין צווי יאָר, אַז ס׳דערשיינט „אונדזער שטימע", און זי האָט נאָך ניט קיינעמען ארייננעזאָגט, נאָך קיינעמען ניט געזידלט און קיינעם ניט געשאָלטן אין טאָטן אריין, ווי „אַנדערע" זיינען זיך נוהג. קיין איין סענסאַציעלע און אפילו קיין איין סקאַנדאַלעכל ניט. אָבער טאַקע גאָר ניט און גאָרניט! וואָך איין-וואָך אויס, נאָר מ׳קנעלט מיט אונדז מכוח ייד און מענטש, מדינה און וועלט, מלחמה און שלום, יידישע שולן און אנדערע יידישע עסקים און אַזוי ווייטער און ווייטער...

און ווידעראַמאָל, אַפשר נויטיקט זיך גאָר „אונדזער שטימע", פּקוח-נפש, אין א נייעם בריוו-שרייבער פון ריאָ? ווייל — ניט פאַר אייך געדאַכט — עלסקי האָט, נעבעך, באַקומען רייזע-פיבער. זאָגט איר, זיינע בריוו „דערקוטשען" ווי ס׳באַדאַרף צו זיין די אַלע, וואָס מיינען, אַז געזעלשאַפטלעכע ארבעט איז א פּריוואַטער עסק. דאַרף טאַקע „אונדזער שטימע" תיכף ומיד באַזאָרגט ווערן מיט א נייעם בריוו-שרייבער, וועלכער זאָל אויך ווייטער האַלטן דאָס אויער און דאָס אויג וואַכזאַם צו אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט אונדזער ריאָר יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

איר זעט, אַז מ׳טראַכט דערטראַכט מען זיך! כ׳האָב די מתנה! דאַכט זיך קיין בעסערע קאָן ניט זיין.

כ׳וועל שענקען „אונדזער שטימע" יענע וועלט-באַרימטע „פיל", וואָס האָט געפּענט דאָס מויל דעם קאַרדינאַל מינדזשענטי אין אונגאַרן און ביי די פּראָטעסטאַנטישע פּריסטער אין בולגאַריע... מיט אַזאַ „פּיל" קאָן מען ממש אויפטון וואונדער. . .

ווען א שטייגער, צום ביישפּיל, די „אוניפּיקאַדאַ" זאָל אייננעמען אַזאַ „פּיל", וואָלט זי באַלד אויסגעפּויקט פאַרוואָס דאָס געלט פאַר חינוך, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן ביים גאַנצן ישוב, האָט זי איבערגעגעבן ניט דער געהעריקער קאָמיסיע ביי דער פעדעראַציע, נאָר איר אייגענער ניי-געבוירענער מחלקת החינוך; און זי וואָלט אויך גלייך דערציילט, וואָס זי מיינט מיט די אראָפּגענומענע דריי הונדערט קאָנטעס פאַר א סעמינאַר, דאַן ווען די פּראָצענטער זיינען נאָר געווען באַשטימט פאַר די עקזיסטירנדע יידישע שולן.

און פאַרקערט, וואָלט א שטייגער, למשל, איינגענומען אַזאַ „פּיל" אונדזער ריאָר פעדעראַציע, וואָלט זי באַלד ארויסגעקומען, אויב ניט מיט מעשים איז כאָטש מיט לשון, און זי וואָלט פאַרן ישוב דערציילט דעם אמת, ווער עס לאָזט זי ניט לעבן, ווער עס שטערט איר איינפאַך צו אָטעמען און ווער עס וויל, אַז זי זאָל דווקא פאַרבלייבן ביי איר איצטיקן „נירוואַנאַ" — צושטאַנד.



דער 10־טער אניווערסאר פון „אונדזער שטימע" אין סאלאָן פון א.ב.י. ריאָ.

ווי איר זעט, איז די „פיל" ניט קיין שלעכטע מתנה... אָבער...איך טראַכט... בעסער וואָלט געווען צוטראָגן „אונדזער שטימע" א נייעם פייגינקן לינאָטיפ. אָט דאָס וואָלט געווען, דאַכט זיך, די אמתע מתנה!

אי גוצליך פאַרן פּראָגרעס פון דער צייטונג, אי נוצלעך פאַר „אונדזער-שטימע".

נו, וואָס זאָגט איר אויף דעם? א יאָ?

— א שפּאָגל-ניי, פריש צאַפּלדיקן צווייטן לינאָטיפ פאַר „אונדזער שטימע".

# די יידישע פאָלקס־מאסן זיינען פאר שלום און קעגן מלחמה

שלום איז נאטירלעך דער דראנג פון אלע מענטשן און פעלקער. בלויז ווען עס הערשט פרידן קענען לענדער בויען און זיך אנטוויקלען. די שרעק פאר מלחמה צערודערט דעם גלייכגעוויכט אינעם לעבן פון יחיד און פון דעם קאָלעקטיוו. אלע פלענער ווערן פאראליזירט אין אַנבליק פון אַן אַנקומענדיקער קאטאס־טראָפע. די גרויזאמקייטן פון מלחמה דארף אונדזער דור ניט זוכן אויף די בלו־טיקע בלעטער פון דער געשיכטע. מיר אליין זיינען לעבעדיקע עדות. פאר „אונד־זערע אויגן" זיינען אומגעקומען צענדליקער מיליאָנען מענטשן אין בלוטיקע שלאכטן; מיליאָנען קינדער, פרויען, זקנים זיינען צעריסן געוואָרן אין זייערע היימען פון לופט־בּאָמבעס; האָב און גוטס, מאטעריעלע און גייסטיקע, אָנגע־זאמלטע אין הונדערטער יאָרן איז פארניכטעט געוואָרן; בליענדע שטעט זיינען פארוואנדלט געוואָרן אין רואינעס.

אויב דער בלוטיקער מבול, וואָס האָט פארפלייצט מיט בלוט און טרערן און מיט זיינע שווארצע פליגלען געשפרייט עלנט, דאָכלאָזיקייט, הונגער, קרענק, און יונגע מענטשן, געזונטע אין קריפּלען פארוואנדלט — האָט שווער געטראָפן צענדליקער פעלקער, האָט ער אָבער אונדזער יידיש פאָלק פּראָפּאָרציאָנעל מער געטראָפן ווי אנדערע. דער גרויל פון טרעבלינקע, מאידאנעק, אָשוויענטשים, די טייערע און ליבע, וואָס מיר האָבן פארלוירן אין די גאַז־אויוונס, די 6 מיליאָן יידן, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט פארלוירן — די אלע שוידערלעכע געשעענישן מאכן אונדז פאר קעגנער פון מלחמה.

מיר, יידן, לויט אונדזער טראדיציע און פּאָליטישער סיטואציע, זיינען מיר א פאָלק, וועמענס דראנג נאָך שלום איז אַן אומקאָנדיציאָנעלער און בארעכטיק־טער. בלוטיקע היסטאָרישעביישפּילן לערנען אונדז, אז נאָר שלום איז דער זי־כערער וועג פאר אונדזער גייסטיקער און פיזישער עקזיסטענץ אלס פאָלק.

דעריבער איז קלאָר, אז וועלכע פּאָליטישע חלוקי־דעות עס זאָל אונדז יידן ניט צעטיילן, ווען עס האנדלט זיך וועגן מלחמה מוזן אלע ווי איינער זיין קעגן, און מיר יידן דארפן זיין די ערשטע צו שטיצן דעם שלום־פראָנט, ווייל צו טייער איז דער פרייז, וואָס מיר יידן צאָלן אין א מלחמה. די זוכער און פריידיקער פון מלחמה זיינען יידישע שונאים, און יעדער, וואָס קעמפט קעגן מלחמה־געשפּענסט

און פאַר שלום איז אונדזער פריינט. דעריבער זיינען די שלום-קאָנגרעסן א גרויסע האָפענונג פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און פאַר אונדז יידן א גאַראַנטיע פאַר אונדזער עקזיסטענץ אַלס א פאָלק.

היינט איז שוין קלאָר אפילו פאַר א פּאָליטישן אנאַלפאַבעט, אַז די וועלט איז צעטיילט אויף 2 טיילן: איין טייל, וועלכער וויל אָנהאַלטן דעם שלום, כדי די פעלקער זאָלן וואָס שנעלער אויסלעבן דעם מלחמה-קאָשמאַר און פאַרזעצן זייער פרידלעכן אויפבוי, שאַפנדיק א שענערע וועלט, ווו פעלקער לעבן צווישן זיך ברידערלעך. עס איז אָבער דאָ א צווייטער טייל, וועלכער זוכט אָנצוהאַלטן זיין אימפּעריאַליסטישע ממשלה מיט דעם כוח פון געלט און געווער. דער ווילן פון די פעלקער זיך נאַציאָנאַל צו באַפרייען פון דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַליזם ווערט דערטרינקען אין טייכן בלוט. קאָרייא, אינדאָנעזיע, מאַראָקאָ און אַנדערע לענדער באַצאָלן טייער פאַר זייער ווילן צו זיין נאַציאָנאַל פריי. דער אַמעריקאַנער און ענגלישער קאַפּיטאַליזם וויל צוליב זיינע געלט-אינטערעסן אָנהאַלטן די שקלאַפן-סיסטעם פון ביליקע אַרבעטס-הענט און באַרויבן די נאַטירלעכע רייכטימער פון די קאָלאָניעס, וועלכע ער האַלט פאַר זיין אייגנטום.

מלחמה איז דאָס מיטל, וואָס דער קאַפּיטאַליזם נוצט קעגן פעלקער, וועלכע ווילן ניט זיך לאָזן מער עקספּלאָאַטירן, דעריבער איז קלאָר, אַז דער אימפּעריאַליזם איז דער מלחמה-צינדער. און אין קעגנזאַץ צו דער דעמאָקראַטישער וועלט, וועלכע וויל שלום, גרייט זיך די קאַפּיטאַליסטישע וועלט צו א נייער אַטאָמישער מלחמה.

צווישן אָט די צוויי וועלטן קען פאַר אונדז יידן קיין אויסוואַל ניט זיין. בלויז די פאָלקס-דעמאָקראַטישע רעגירונגען מיטן ראַטנפאַרבאַנד בראש זיינען די גאַראַנטיע פאַר שלום, און זיי דאַרפן קריגן די גאַנצע הילף, וואָס ליגט אין אינדזער פּאָטענץ און מעגלעכקייט.

דער רעאַקציאָנערע טייל פון יידישן פאָלק טוט אַלין, וואָס מעגלעך, כדי אָפּצושוואַכן דעם שלום-צד. דורך זיין פּראָפּאַגאַנדע-אַפּאַראַט: בוך, צייטונג, ראַדיאָ שיט ער מיט ליגנס, בלבולים, זלזולים אויף די שלום-לענדער און שטעלט זיי פאָר ווי בלוט-דורשטיקע חיות, וועלכע מען דאַרף וואָס שנעלער אומברענגען מיט אַטאָם — און הידראָ — באָמבעס. די יידישע רעאַקציע העלפט טאַקע דעם אימפּעריאַליזם צוגרייטן די מלחמה, טראָץ דעם, וואָס זי ווייסט, אַז די מלחמה וועט אומברענגען מיליאָנען מענטשן, און אונדז יידן אין ערשטער ריי. די יידישע רעאַקציע טוט דאָס, ווייל אירע אינטערעסן זיינען די זעלבע ווי פון דער אַלגעמיינער רעאַקציע. דאָס אַרויסשטעלן זיך מיטן יידישן נאַציאָנאַליזם און סענטימענט איז בלויז א דעקטוך צו פאַרמאַסקירן אירע בלוט-דאָרשטיקע כוונות. אַלע מלחמה-העצער, די יידישע בתוכם, זיינען שונאים פון יידן און פון דער מענטשהייט.

די יידישע פאָלקס מאַסן, — זיי, זיינען פאַר שלום און קעגן מלחמה.

# תיקון טעות

זייט 5 — שורה 5

„... בעסטע און קאָנסעקוועטסטע־פארטײדיקער..."

דארף זיין: ... בעסטע און קאָנסעקווענטסטע פארטיידיקער..."

זייט 33 — שורה 2

„... אז ער איז נשטאָ מיט אונדז"

דארף זיין: „אז ער איז נישטאָ מיט אונדז.

זייט 116

טיטל: — „דער 41־טער יאָרצייט נאָך מאקסים גאָרקי".

דארף זיין: „דער 14־טער יאָרציַיט..

שורה 1:

... שוין 41 יאָר...

דארף זיין: שוין 14 יאָר...

זייט 228 — שורה 1:

„חשובה פריינט פון דער רשדאקצעי...

דארף זיין: חשובע פריינט פון דער רעדאקציע...

# אינהאלט

## צו דער געשיכטע פון ישוב



## געוואַלד — אַ קריזיס!...

